# גי דע מאַפּאַסאַנ'ס

## געזאַמעלטע ווערק

איבערזעצט פון

## לעאָן קאָברין

**III.**

ארויסגעגעבען פון
„פאָרווערטס"

צאהל פון
פיידזשעם

# דאס אליזוען פעלד.

.1

ען די לייטע ביים האפען פון דער קליינער שטעדטעל גראנדאן, וועלכע איז געלעגען ביים טייך פיסקא צווישען מארסעל און טולאן, האבען דערזעהן דאס שיפעל פון אבבע ווילבוא זיך אומקעהרענדיג פון פישפאנג אהיים, זיינען זיי אוועק צום וואסער, איהם העלפען ארויסציהען זיין שיפעל אויף'ן ברעג.

דער אבבע איז געוועזן אליין און האט גערודערט, ווי אן אמת'ער מאטראז מיט א זעלטענער קראפט פאר זיין אכט־און־פופציג יאה־ריגען אלטער. די ארבעל האט ער איבער זיינע שטארקע ארעמס פערקאשערט, דעם פריסטער־ראק פון אונטען אויפגעהויבען און צווישען די קניע בעהאלטען און די קנעפלאך ביי דער ברוסט אפ־געשפילעט. זיין דריי־קאנטיגער הוט איז געלעגען אויף דער באנק נעבען איהם. אנשטאדט דעם האט ער געטראגען אויף'ן קאפ אזא מין מיצעל פון קארק, בעצויגען מיט ווייסען לייוועגד, אין דער פאר־מע פון א גלאק. דער מאן האט אויסגעזעהן, ווי איינער פון יענע טיפען פריסטער אוים די זידליכע לענדער, וועלכע פאסען זיך, דאכט זיך, פיעל מעהר פאר א פרעהליכען לעבען, ווי פאר דעם ערנסטען קירכען־דיענסט.

פון צייט צו צייט האט ער זיך ארומגעקוקט פון הינטען און געזוכט א פלאץ, וואו ער זאל לאנדען. דערנאך האט ער ווידער גע־נומען רודערן גלייכמעסיג, ריטמיש און פול קראפט, אום ווידער אמאל צו ווייזען די שלעכטע זידלענדישע מאטראזען, ווי עס רודערן די איינוואהנער פון'ם נארד. דאס שיפעל האט זיך אנגעקלאפט אין דעם זאמד און איז ארויפגעשוואומען פון אויבען. דאן איז עס מיט

איין רוק געבליעבען שטעהן, און די פינף מענער, וועלכע האָבען דעם פריסטער ערוואַרטעט, זיינען איהם, פריינדליך, צופריעדען, מיט אַ גוטמוטהיגען שמייכעל אַנטקעגען געקומען.

— נו וואָס הערט זיך — האָט געזאָגט איינער פון זיי, מיט אַ שטאַרקען פּראָוואַנסאַלישען אַקצענט — האָט איהר עפּעס געכאַפּט, הערר פריסטער?

דער אַבבע ווילבואַ האָט אַרויסגעשלעפּט די רודערס פון וואַסער, אַרונטערגענומען די גלאָקענפאַרמיגע מיצעל, אַנגעטאָהן דעם דרייקאַנטיגען הוט, אַראָבגעצויגען די אַרבעל, פערשפּיעליעט דעם ראָק, און נאָכדעם ווי ער האָט ווידער אָנגענומען די ווירדיגע האַלטונג פון אַ דאָרפישען פריסטער, האָט ער שטאָלץ געענטפערט:

— געוויס! געוויס! איך האָב געכאַפּט אַ סך, זעהר אַ סך: דריי ים־וועלף, צוויי מורענען און עטליכע קליינע פישלאַך.

די פינף פישער זיינען צוגעקומען צום שיפעל, האָבען זיך איינגעבויגען און מיט דער מינע פון מבינים געגומען בעטראַכטען די טויטע חיות, די פעטע ים־וועלף, די פלאַכקעפּיגע מורענען — אַזאַ מין עקעלהאַפטע ים־שלאַנגען — און די קליינע, בלוילכע פישלאַך אין די זיג־זאַג געשטרייפטע מיט גאָלד־גלענצענדע פּאַסען פון אָרענדזש־קאָליר.

איינער פון די פישער האָט געזאָגט:

— איך וועל דאָס אַלעס אָבטראָגען צו אייך אַהיים, הערר פריסטער.

— אַ דאַנק, מיין אַלטער.

ער האָט זיי געדריקט די הענד און איז אַוועק, בעגלייט פון איין מאַן, וועהרענד די איבעריגע האָבען זיין שיפעל אין אָרדנונג געבראַכט.

ער איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט, פול קראַפט און ווירדע. איהם איז נאָך געווען היים פון'ם שטאַרקען רודערן. פון צייט צו צייט, פאַרביייגעהענדיג אונטער'ן שאָטען פון די אַליווען־בוימער, האָט ער אַרונטערגענומען זיין הוט און אונטערגעשטעלט דער וואַרימער, פאַרנאַכטיגער, פון ים־ווינד אָבגעפרישטער לופט זיין הויכען שטערען מיט די גרויע, גלייכע און קורצע האָאר, עהנליך מעהר

צו א שמערן פון אן אָפיציער, ווי צו דעם פון א פריסטער. אויף א בערגעל, אין מיטען פון א ברייטען טהאָל, וועלכער האָט זיך געצוי־גען ביז צום ים, האָט זיך דערזעהן דאָס דאָרף.

ער איז געווען א פארנאכט אין׳ם מאָנאט יולי. די שטראהלענדע זון, וועלכע האָט געהאַלטען אין אונטערגעהן הינטער א קרומער שורה פון ווייטע בערג, האָט אַבגעוואָרפען איבער׳ן וועג, וועלכער איז בעדעקט געווען מיט א וואָלקען פון שטויב, דעם לאַנגען, לאַנ־גען שאָטען פון׳ם פריסטער. זיין גרויסער דרייקאַנטיגער הוט האָט זיך אָבגעטונקט אויף דאָס שכנ׳שע פעלד, ווי א גרויסער, דונקעלער פלעק, וועלכער האָט, דאַכט זיך, שפּיעלענדיג געהאַלטען אין איין קלעטערען אויף אַלע אַליוועז־בוימער, אום פון דאָרט ווידער צו דר׳ערד פאַלען און הינטער די בוימער צו פערשווינדען.

אונטער די פיס פון׳ם אבבע ווילבוא האָט זיך אויפגעהויבען א דינער, ווייסער וואָלקען שטויב, וועלכער בעדעקט זומער־צייט אַלע וועגען פון פראוואַנס. ער האָט זיך געטראַגען ארום דעם פּריס־טערס מאַנטעל און איהם איינגעהילט און בעדעקט ווי מיט א דינער ווייסער דעקע. דער אבבע איז איצט געגאַנגען אן אבגעפרישטער, די הענד אין די קעשענעס, מיט לאַנגזאַמע פעסטע טריט, ווי א מענש פון די בערג, וואָס שטייגט בארג ארויף. מיט רוהיגע אויגען האָט ער געקוקט אויף דאָס דאָרף, אויף זיין דאָרף, וואו ער איז פאר די לעצ־טע צוואַנציג יאָהר פריסטער געוועז. אויף דאָס דאָרף, וועלכע ער אליין האָט אויסגעקליבען און, א דאַנק זיינע גרויסע פערבינדונגען, געקראָגען. אויף דאָס דאָרף, וואו ער האָט אויך געוואָלט שטאַרבען. די קירכע, זיין קירכע, האָט זיך אויפגעהויבען הויך איבער די ארו־מיגע הייזער, און איהרעביידע דונקעלע טהורעמס, פיערעקיגע און ניט גלייכע, האָבען זיך אָבגעצייכענט אין דעם שעהנעם זידלאַנדס טהאָל און אויסגעזעהן מעהר עהנליך צו די טהורעמס פון א פעס־טונג, ווי צו די טהורעמס פון א הייליגער קירכע.

דער אבבע איז געווען גוט אויפגעלעגט, ווארים ער האָט גע־כאַפּט דריי ים־וועלף, צוויי מורענען און אביסעל קליינע פישלאַך. ער האָט ווידער געהאַט א קליינעם זיעג, א זיעג איבער זיין געמיינ־דע, ווייל מען האָט איהם הויפּטזעכליך דערפאר געשעצט אזוי הויך,

ווייל טראָץ זיין אַלטער, איז ער פיעלייכט געווען דער שטאַרקסטער מאַן אין דער גאַנצער געגענד. די דאָזיגע קליינינקע, מענשליכע אייטעלקייט האָט איהם פערשאַפט דאָס גרעסטע גליק. ער האָט אַזוי גוט געקאָנט אומגעהן מיט אַ ביקס, דאָס ער האָט בלומען פון די שטאַנגען אראָבגעשאָסען, האָט מאַנכעס מאָל געפּאַכטען מיט זיין שכן, דעם טאַבאַק־הענדלער, אַן אמאָליגען פעלדפעבעל, און איז געשוואומען בעסער, ווי ווער עס איז אין דאָרף.

אמאָל איז דער באראָן ווילבואַ געווען זעהר אַ בעוואוסטער און אָנגעזעהענער מענש אין דער געזעלשאַפט, נור צוליעב אַן אונגליקליכע ליעבע, איז ער צו צוויי־און־דרייסיג יאָהר געוואָרען אַ פּריסטער.

ער האָט געשטאַמט פון אַן אלטער ראָיאַליסטישער, פרומער פאַמיליע, וועלכע האָט זייט הונדערטער יאָהרען געמאַכט איהרע זיהן פאר סאָלדאַטען, בעאַמטע אָדער פריסטער. אויף דעם וואונש פון זיין מוטער האָט ער אין אָנהויב אויך געזאָלט ווערען אַ פּריסטער; שפּעטער אָבער האָט ער, פאָלגענדיג די עצה פון זיין פאָטער, זיך ענטשלאָסען צו פאהרען קיין פּאריז, שטודירען דארט אלס יוריסט און דערנאָך זיך זוכען אַ הויכע רעגיערונגס־שטעלע.

בעת ער האָט געשטודירט, איז זיין פאָטער געשטאָרבען פון אַ לונגען־ענטציגדונג, וועלכע ער האָט געקראָגען, פערקיהלענדיג זיך אויפ'ן וואסער־יאַגד, און זיין מוטער איז געשטאַרבען פאר צער באַלד נאָכדעם.

אזוי ווי ער האָט פלוצים גע'ירש'נט אַ גרויסען פערמעגען, האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון אַלע אויסזיכטען אויף אַ קאַריערע, און גענומען לעבען פון זיינע איינקונפטען, אַלס רייכער מאַן.

ער איז געווען אַ שעהנער יונג, קלוג, הגם עטוואָס בעשרענקט דורך זיינע טראַדיציאָנען, זיין גלויבען און זיינע פּרינציפּען, וועלכע ער האָט גע'ירש'נט פון זיינע עלטער־זיידעס צוזאַמען מיט זיין מעכטיגען קערפּער־געבוי, און זיינע אייזערנע מוסקעלן. אין דער געזעלשאַפט איז ער געפעלען געוואָרען, האָט אויך ביי ערנסטע מענשען ערפאָלג געהאַט און האָט גענאָסען פון'ם לעבען, ווי אַ קלוגער, רייכער, יונגער מענש.

דאָ האָט ער זיך פערליעבט אין אַן אַקטריסע, וועלכע ער האָט א פּאָר מאָל געטראָפען ביי א פריינד. זי איז נור וואָס געהאט ארויס פון קאָנסערוואטאָריום און האָט צום ערשטען מאָל אויפגעטראָטען מיט גרויס ערפאָלג אין טהעאטער אָדעאָן.

ער האָט זיך פערליעבט אין איהר מיט דער גאַנצער קראפט און ליידענשאפט פון א מענשען, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען מיט א נאטור, אז וואָס ער זאָל נישט טהאָן, זאָל ער זיך דערצו אָב־געבען מיט לייב און לעבען. ער האָט זיך פערליעבט אין איהר אין דעם טאָג, ווען ער האָט זי דערזעהן אין דער ראָמאַנטישער ראָלע, אין וועלכער זי איז צום ערשטען מאָל פאר'ן פּובליקום אויפגעטראָ־טען און ערפאָלג געהאט.

זי איז געווען שעהן, פון דער נאטור אויס עטוואָס פערדאָרבען און מיט א קינדיש־נאאיווען אויסדרוק אויפ'ן פּנים, וועלכען ער האָט א נאָמען געגעבען דער מלאך'שער אויסדרוק.

זי האָט איהם בעהערשט, אין גאַנצען בעהערשט, האָט איהם משוגע געמאכט, דעם קלאָרען פערשטאַנד ביי איהם אוועקגענומען. זי האָט איהם צו אַזא שטופע געבראכט, דאָס עס איז איהם גענוג געווען צו בעמערקען א בליק אָדער א קליידעל פון א פרוי, אום ער זאָל ווילד ווערען פאר משונה'דיגער ליידענשאפט. ער האָט זי גע־מאכט פאר זיין געליעבטער, געצוואונגען זי צו ווארפען דאָס טהע־אטער און זי געליעבט פיער יאָהר נאָכאַנאַנד מיט אימער שטייגענ־דער ליידענשאפט.

טראָץ זיין נאָמען און די טראדיציאָנען פון זיין פאמיליע, וואָלט ער מיט איהר סוף כל סוף חתונה געהאט, ווען ניט די ענטדע־קונג, וואָס ער האָט אין א געוויסען טאָג געמאכט, אז זי בעטריגט איהם שוין א צייט לאַנג מיט זיין פריינד, וועלכער האָט איהם מיט איהר בעקאַנט געמאכט.

די דראמא איז געווען נאָך שרעקליכער דערפאר, ווייל זי איז געווען שוואַנגער און ער האָט נור אָבגעווארט ביז דאָס קינד וועט געבארען ווערען, אום מיט איהר צו הייראטהען.

האלטענדיג אין די הענד די בעווייזע, די בריעף, וועלכע ער האָט געפונען אין א שופלאָד, האָט ער מיט דער גאַנצער גראָבקייט פון

זיין האַלב־ווילדער נאַטור, אויפגעוואַרפען איהר די אונטרייהייט איהרע, איהר ניעדערטרעכטיגקייט, איהר שאַנד...

אָבער זי — אַ קינד פון די פּאַריזער בולוואַרען — פּונקט אזוי אונפערשעהמט ווי צולאַזען, מיט דעם אַנדערן פּונקט אזוי זיכער, ווי מיט איהם, און געוואגט ווי אַן אמת'ע טאַכטער פון'ם פאָלק, וועלכע וועט, צוליעב חוצפּה'דיגע בעריהמעריי, קריכען אויף באַרי־קאַדען, האָט זי זיך איהם גראָב און פרעך אַנטקעגען געשטעלט און איהם בעליידיגט. ווען ער האָט אויף איהר אויפגעהויבען זיין האַנד, האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף איהר בויך.

ער איז געבליעבען שטעהן, איז בלייך געוואָרען, האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דעם דאָזיגען בעשמוצטען, עקעלהאַפטען, אונרייר־נעם לייב לעבט אַ קינד, זיין קינד, זיין יורש! ער האָט זיך אַ וואַרף געטהאָן אויף איהר, אום זיי ביידע צו צושמעטערען, די דאָפּעלטע שאַנד צו דערשטיקען. זי האָט זיך דערשראָקען, האָט דערזעהן דעם טויט נאָהנט פאַר איהרע אויגען און, בעת זי איז אונטער זיינע פויסטען צו דר'ערד געפאַלען און ער האָט שוין אויפגעהויבען זיין פוס, אום איהר לייב, אין וועלכען עס האָט זיך בעוועגט אַ יונג לע־בען, צו צוטרעטען, — האָט זי אַ געשריי געטהאָן, אויסציהענדיג צו איהם איהרע הענד:

— טויט מיך ניט, עס איז ניט דיין קינד, עס איז זיינס!

ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן צוריק אזוי דערשראַקען, אזוי פער־ציטערט, דאָס זיין כעס איז פערגליווערט געוואָרען צוזאַמען מיט דער אויפגעהויבענער פוס, וועלכע ער האָט פערגעסען ארונטערצו־לאָזען. און ער האָט מיט גרוים מיה ארויסגעשטאַמעלט:

— וואָס זאָגסטו?

משוגע פון שרעק פאַר'ן טויט, מיט וועלכען עס האָבען זי גע־סטראַשעט די אויגען און די מורא'דיגע בעוועגונגען פון דעם דאָזי־גען מענשען, האָט זי ווידער אַמאָל געזאָגט:

— עס איז ניט דיין קינד, עס איז זיינס.

אַ דערשלאָגענער האָט ער ארויסגערעדט צווישען די צייהן:

— דאָס קינד?

— יא.

— דו לייגסט.

ער האָט איבער־א־נייעס דעם פּוס אויפגעהויבען, ווי ער וואָלט וועלען עפּעס עמיצען צוטרעטען, וועהרענד זיין געליעבטע, ליעגענ־דיג אויף די קניע, האָט געזוכט זיך פון איהם ארויסצודרעהען און האָט אַלץ געשטאַמעלט:

— איך זאָג דיר, עס איז זיין קינד. ווען עס זאָל זיין דיינס, וואָלט איך דען דיר שוין לאַנג א קינד ניט געהאַט?...

דער דאָזיגער ארגומענט האָט אויף איהם געווירקט, ווי די ווארהייט אליין. עס האָט איהם א בליץ געטהאָן אין מוח און אַלעס קלאָהר געמאַכט. אין א מינוט, ווען אַלע בעווייזע דאכטען זיך אויס צו זיין קלאָהר, זיכער און איבערצייגענד, ווי דער אמת אליין, איז צו איהם געקומען די זיכערקייט, די פעסטע איבערצייגונג, אז ער איז נישט דער פאָטער פון דעם אונגליקליכען קינד, וואָס דיעזע שמור־ציגע פרוי האָט אונטער איהר הארצען געטראַגען. און ערלייכטערט, בעפרייט, כמעט אין גאַנצען בערוהיגט, האָט ער שוין מעהר ניט געטראַכט וועגען דעם, די דאָזיגע ניעדעריגע בעשעפעניש צו בע־שטראַפען.

ער האָט זיך אָנגערופען מיט א רוהיגען קול:

— שטעה אויף און געה אוועק, און איך זאָל דיך מעהר קיין מאָל פאר מיינע אויגען ניט זעהן.

א בעזיעגטע האָט זי געפאָלגט און איז אוועק.

ער האָט זי מעהר קיין מאָל ניט געזעהן.

ער איז אויך אוועק. ער איז אוועק אין די סאוט, צו דער וואַ־רימער זונן, און איז צופעליג געבליבען אין א קליינעם טהאָל ביים ברעג פון מיטעללענדישען ים. איהם איז געפעלען געוואָרען א גאַסט־הויז, וועלכע האָט ארויסגעקוקט מיט די פענסטער אויף'ן ים ארויס, און ער האָט דאָרט פאר זיך א צימער גענומען און איז דאָרט וואָה־נען געבליעבען. אכטצעהן מאָנאַטען לאַנג האָט ער דאָרט פערבראַכט אין פערצווייפלונג, קומער און פאָלשטענדיגער איינזאַמקייט. ער האָט דאָרט געוואָהנט און איהם האָט ניט אויפגעהערט צו מאַטערן די עראינערונג אָן דער פעררעטהערישער פרוי, אָן איהר רייץ, איהר שעהנקייט און איהר אונווידערשטעהליכער, פערפיהרערישער מאַכט,

און מיט א וועהטאג אין הארצען האָט ער שטענדיג געבענקט נאָך איהר און נאָך איהרע לאָסקעס.

ער האָט געבלאָנדזשעט איבער די טהאָלען פון פראָוואנס, אונ־טער די גרויע בלעטער פון די אָליוועץ-בוימער, דורך וועלכע די זון האָט זיך דורכגעריסען, — געבלאָנדזשעט, ווי פון געשפענסטער פערפאָלגט.

ביסלעכוויי זיינען אין דער דאָזיגער איינזאמקייט זיינע אמאָ־ליגע פרומע געדאנקען צו איהם צוריקגעקומען. אין דער רעליגיאָן, וועלכע האָט זיך איהם אַמאָל פארגעשטעלט אלס א זיכערער מיטעל אנטקעגען דאָס אונבעקאנטע לעבען, האָט ער איצט געזעהן א שוץ, וואו זיך צו בעהאלטען פון דעם פיינליכען, בעטריעגערישען, פאל־שען לעבען. ער האָט איינגעהאלטען די געוואהנהייט צו בעטען. און זיין גאנצען קומער, אלע זיינע וועהטאגען האָט ער יעצט אין זיין געבעט אויסגעגאָסען. און אָפט האָט ער געקניעט אין דער דונקעלער קירכע, אין וועלכער עס האָט נור נעבען אלטאר געברענט אַן איינ־זאם לעמפעל, אלס סימבאָל, אז דאָ געפינט זיך גאָט.

דעם דאָזיגען גאָט, זיין גאָט, האָט ער זיינע ליידען פערטרויט, זיך פאר איהם אויף אלע זיינע אונגליקען געקלאָגט. ביי איהם האָט ער געבעטען א ראטה, מיטלייד, הילף, שוץ און טרייסט. און אין זיין אימער הייסערען געבעט האָט ער אלץ מעהר און מעהר נשמה אריינגעלעגט.

זיין צו־וועהטאגט הארץ, געפייניגט פון דער ליעבע צו יענער פרוי, איז געבליעבען, ווי אַן אָפענע וואונד, בענקענדיג און אויסגע־הענגדיג נאָך צערטליכקייט. און ביסלעכוויי, דורך געבעט און לע־בענדיג ווי א פרוש אין אלץ גרעסערער פרומקייט, איז ער אריין אין א מין רעליגיעזען עקסטאז, האָט זיך דערפיהלט נאָהנט און פער־בונדען מיט גאָט, מיט גאָט דעם ערלעזער, דעם טרייסטער פון די אָרימע און עלענדע, און א מיסטישע ליעבע צו גאָט האָט גענומען וואקסען אין זיין הארצען און פון דאָרט ארויסגעשטויסען די אנדע־רע ליעבע.

ד'אַן האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיינע ערשטע פלענער, צו ווע־רען א פריסטער, און האָט בעשלאָסען איבערצוגעבען צו דער קירכע

דעם רעשט פון זיין צובראָכענעם לעבען, וועלכען ער האָט איהר גע־זאָלט אָבגעבען א ריינעם און א גאַנצען.

ער איז געוואָרען א פּריסטער. א דאנק זיין פאמיליע און זיינע פערבינדונגען איז איהם געלונגען דאָ, אין דעם דאָזיגען פּראוואנ־סאַלישען דאָרף, וואוהין דער צופאַל האָט איהם פערוואָרפען, פּריס־טער צו ווערען. און נאָכדעם ווי ער האָט א גרויסען טהייל פון זיין פערמעגען אָבגעגעבען אויף פערשיעדענע וואהלטהעטיגע אנשטאַל־טען און זיך נאָר געלאָזען אזוי פיעל, ווי ער האָט נויטיג געהאַט, אום ביז צו זיין טויט די אָרימע לייט צו העלפען און שטיצען, — איז ער אין גאַנצען אריין אין דאָס רוהיגע לעבען פון א פּריסטער, וועלכער לעבט נור פאר גאָט און זיינע מיט־מענשען.

ער איז געוואָרען א פּריסטער מיט ניט קיין ברייטען בליק אויפ׳ן לעבען, אָבער א גוטער מענש, א מין סאָרט גייסטיגער פיה־רער מיט דעם טעמפּעראַמענט פון א סאָלדאַט; א פּריסטער, וועל־כער האָט מיט געוואַלד צוריק אויפ׳ן גלייכען וועג די בלינדע, פער־בלאָנדזשעטע מענשהייט געפיהרט, די מענשהייט, וועלכע האָט זיך פערלאָרען אין יענעם וואַלד פון לעבען, וואו אַלע אונזערע אינ־סטינקטען, אונזערע פערלאַנגען און ווינשע זיינען ניט מעהר ווי שטעגלאַך, אין וועלכע מיר ווערען פערפיהרט. אבער אין איהם איז פאָרט געבליעבען א שטיק פון דעם, וואָס ער איז פריהער געוועזען. ער האָט נאָך אַלץ ליעב געהאַט קערפּערליכע איבונגען, עדעלען ספּאָרט, דאָס פעכטען און האָט געהאַסט אַלע פרויען מיט דער אבער־גלויבישער מורא פון א קינד, וואָס שרעקט זיך פאר א אונבעוואוסטע געפאהר.

2.

ביי דעם מאַטראָז, וועלכער איז געגאַנגען הינטער׳ן פּריסטער, האָט זיך געביסען די צונג פון דעם ריין זידליכען פערלאַנג צו פּלוי־דערן. ער האָט עס אָבער אין אָנהויב ניט געוואגט, ווייל פאר דעם אבבע האָט די גאַנצע געמיינדע גרויס דרך־ארץ געהאַט. צום סוף האָט ער זיך געמאַכט האַרץ:

— אַלזאָ, העדר פּריסטער, איהר פיהלט זיך גוט אין אייער הייזעל אויפ׳ן לאַנד?

דאָס דאָזיגע הייזעל איז געווען איינע פון יענע קליינינקע הייזלאַך, אין וועלכע די שטאָדט־לייט בעזעצען זיך זומער־צייט, אום צו כאַפּען אביסעל פרישע לופט. דער פּריסטער האָט געדונגען אַ הייזעל, וואָס איז געשטאַנען פינף מינוט גאַנג פון זיין פּריסטער־הויז. דאָס פּריסטערשע הויז איז געווען צו קליין, און איז געשטאַנען אין רעכטען צענטער פון דער געמיינדע, וואַנט ביי וואַנט צו דער קירכע.

אין דעם דאָזיגען לאַנד־הייזעל האָט ער אפילו זומער־צייט ניט רעגעלמעסיג געוואָהנט, נור פון צייט צו צייט איז ער אַהין געגאַנגען אויף אַ פּאָר טעג, אום צו לעבען אַ ווײַלע צווישען גרינע פעלדער און צו שיסען מיט'ן ביקס.

— יא, מיין פריינד — האָט געזאָגט דער פּריסטער — מיר לעבט זיך דאָרט זעהר גוט.

עס האָט זיך בעוויזען דאָס ניעדעריגע הייזעל, ארומגערינגעלט פון בוימער און אויסגעפּארבט אין אַ ראָזעווען קאָליר. פון וויטען האָט דאָס דאָזיגע הייזעל אויסגעזעהן צופּאַסעוועט, צושלאָגען און צוהאַקט. עס איז געשטאַנען צווישען אָליווען־בוימער, מיט וועלכע עס איז בעפלאַנצט געווען דאָס גיט ארומגעצאַמטע פעלד, ווי אַן ארויסגעוואַקסענער שוואָם.

איצט האָט מען אויך געקאַנט זעהן אַ הויכע פרוי, וועלכע איז ארומגעגאַנגען הין און צוריק פאַר דער טהיר און אַ קליינעם טיש צום עסען געדעקט. זי האָט לאַנזאַם ארויסגעטראָגען פון הויז מע־סער, גאָפּעל, אַ טעלער, אַ סערוועטקע, אַ שטיקעל ברויט און אַ גלאָז און האָט אַלעס לאַנגזאַם אויפ'ן טישעל געשטעלט. אויפ'ן קאָפּ האָט זי געטראָגען אַ קליין הייבעל, ווי די פרויען פון ארלעס, אַזאַ מין שפּיציגען טשעפּיק פון שווארצען סאַמעט מיט ווייסען פעלץ פון אויבען.

ווען דער אבבע איז צו געקומען נאָהנט גענוג, אַז מען זאָל איהם קאָנען הערען, האָט ער אויסגערופען:

— העי, מארגאריטא!

זי האָט זיך אָבגעשטעלט, איינגעקוקט זיך, דערקאָנט איהר בעל הבית און געענטפערט:

— אך, דאָס זייט איהר, הערר פריסטער?

— יאָ. איך האָב מיטגעבראכט שעהנע פיש. איהר מוזט מיר גלייך איין ים־וואלף אויספּרעגלען. אָבער אין הוילע פוטער, איהר הערט?

די דיענסט איז אַנטקעגען געקומען די ביידע מענער און מיט דאָס אויג פון אַ מבינ׳טע בעטראכט די פיש, וועלכע דער מאטראז האָט געטראגען.

— אָבער מיר האָבען שוין אויף היינט אַ הוהן מיט רייז! — האָט זי געזאָגט.

— דאָס שאַדט נישט. מאָרגען שמעקט שוין דער פיש ניט אזוי גוט ווי היינט. היינט וויל איך מאכען אַ שטיקעל יום טוב, דאָס פּאַסירט ביי מיר ניט אזוי אָפט און דאַן איז עס אויך ניט קיין גרויסע זינד.

די פרוי האָט אויסגעקליעבען אַ פיש און בעת זי האָט שוין געהאַלטען אין ארויסגעהן, האָט זי זיך פּלוצים אומגעקעהרט און געזאָגט:

— דאָ איז שוין דריי מאָל געוועזען אַ מאַן, וועלכער וויל עפּעס מיט אייך רעדען.

ער האָט גלייכגילטיג געפרעגט:

— אַ מאַן? וואָס פאַר אַ סאָרט מאַן?

— נו, איינער וועלכער רופט ניט ארויס קיין בעזונדערן צוטרויען.

— אַלזאָ אַ בעטלער?

— אפשר. איך וויים נישט. איך גלויב, אַז ער איז מעהר עהנליך צו אַ טרעמפּ. (וואגאבונד).

דער אבבע ווילבוא האָט אָנגעהויבען צו לאַכען, דען ער האָט געקאָנט מארגאריטא׳ס שרעקעדיגע נאַטור און האָט געוואוסט, אַז זי האָט שטאַרק מורא צו וואָהנען אין דעם הייזעל און האָט זיך איינגערעדט, אַז מען וועט זי דאָרט ערמאָרדען.

ער האָט געגעבען דעם מאטראז עטליכע קופּערנע מטבעות און ווען יענער איז אוועק, האָט ער, נאָך איינהאַלטענדיג די געוואהנ־

הייטען פון דעם פריהערדיגען דזשענטעלמאַן, געזאגט: — איך וועל זיך נור אביסעל אבוואשען דאס פנים און די הענד.

אין דער מינוט האָט מארגאַריטא אויסגערופען פון קיך, וואו זי האָט געשאָבען דעם פיש מיט א מעסער, אונטער וועלכען די פאר־בלוטיגטע שופּען זיינען געפלויגען, ווי גאָלדשטיק:

— אָט איז ער!

דער אבבע האָט ארויסגעקוקט אין גאס און האָט ווירקליך דער־זעהן א מאַן, געהענדיג מיט שנעלע טריט צו זיין הויז צו; פון ווייטען האָט ער איהם אויסגעזעהן זעהר שלעכט געקליידעט.

ער האָט געוואַרט אויף איהם, נאָך אלץ שמייכלענדיג איבער דער דיענסט׳ס מורא און געטראכט ביי זיך: אביסעל געערכט איז זי, ער זעהט טאקע אוים ווי א טרעמפּ.

דער אונבעקאַנטער איז צוגעקומען נעהענטער, ניט איילענדיג זיך, מיט די הענד אין די קעשענעס און ניט ארונטערנעהמענדיג די אויגען פון׳ם פּריסטער. ער איז געווען יונג מיט א בלאָנד גע־קרויזט בערדעל. פון אונטער דעם ווייכען פעלצענעם הוט האָבען זיך לאָקען ארויסגערוקט; דער הוט איז געווען אזוי שמוציג און צו־דרעהט, דאָס עס איז אונמעגליך געווען צו דערקענען, וואָס פאר א פאסאָן אָדער פארב עס האָט אמאָל געהאט.

דער מאַן האָט געטראָגען א לאַנגען ברוינעם אויבער־ראָק, פון אונטער וועלכען עס האָבען זיך ארויסגעזעהן א פּאָאר אויסגע־ריבענע, צוטראָגענע הויזען. אויף די פיס זיינען געווען אנגעטהאָן פאַנטאָפעל און דאָס האָט געמאכט, אז זיין גאנג זאָל זיין א ווייכער, א שטילער, א בעאונרוהיגענדער, ווי דער גאַנג פון א גנב.

ווען ער האָט זיך געפונען נור א פּאָאר טריט ווייט פונ׳ם פּריסטער, האָט ער מיט א טעאַטראַלישער פערנויגונג ארונטערגע־נומען די שמאטע, וואס האָט זיין קאפּ צוגעדעקט, און דאן האָט מען געקאנט זעהן זיין אביסעל אבגעלעבטען, אבער שעהנעם קאָפּ מיט א פליך פון אויבען, א סמן פון אויסגעמאַטערטקייט אדער אויסגעלאסענעם לעבען, ווייל דער מענש האָט אויסגעזעהן ניט עלטער פון א יאָהר פינף און צוואנציג.

דער פּריסטער האָט איהם אויף געגריסט. ער האָט זיך אנ־

געשטויסען און געפּיהלט, אז דאָס איז נישט קיין געוועהנליכער טרעמפּ, נישט קיין ארבייטסלאָזער, אָדער בעפּרייטער פערברע־כער, וועלכער שלעפּט זיך ארום פון איין אבגעקומענער שטראָף ביז א צווייטער און וועלכער רעדט ניט אנדערש, ווי נור אויף דעם אונ־פערשטענדליכען זשארגאָן פון פערשיקטע.

— א גוטען אבענד, הערר פּריסטער ! — האָט געזאָגט דער מאַן.

דער פּריסטער האָט געענטפערט איינפאַך :

— א גוטען !

ער האָט ניט געוואָלט געברויכען דאס ווארט „הערר", ריידענ־דיג צו דעם דאזיגען פערדעכטיגען, אבגעריסענעם יונג. זיי האָבען געקוקט איינער דעם אנדערען גלייך אין די אויגען אריין און דער אבבע ווילבוא האָט זיך אונטער'ן בליק פון דעם טרעמפּ געפּיהלט עטוואס אונאנגענעהם, אויפגערעגט, ווי פּנים לפּנים מיט אן אונ־בעקאנטען שונא. עפּעס א מאָדנע אונרוהיגקייט איז אויף איהם אָנגעפאלען און א שוידער איז איבער זיין גאנצען לייב אריבער.

צום סוף האָט דער טרעמפּ געזאָגט :

— אלזא, דערקענט איהר מיך ?

דער פּריסטער האָט געענטפערט זעהר פערוואונדערט :

— ניין, זיכער ניט. איך קען אייך ניט.

— אזוי, איהר קענט מיך ניט ! קוקט מיך אקארשט גוט אָן.

— איך קען אייך אָנקוקען וויפיעל איהר ווילט, אבער איך האָב אייך קיין מאָל ניט געזעהן.

— דאָס איז אמת — האָט דער אונבעקאנטער געזאָגט מיט איראָניע — אבער איך וועל אייך ווייזען עמיצען, וועמען איהר קאנט בעסער.

ער האָט ארויסגענומען פון קעשענע א קאָנווערט, א משונה'די־גען קאָנווערט, אין גאנצען א צושמירטען פון פלעקען, איינעם פון יענע קאָנווערטען, וועלכע טרעמפּס בעהאלטען הינטער'ן אונטער־שלאָג און אין וועלכע עס ליגען ריכטיגע אָדער פאלשע, גע'גנב'עטע אָדער געזעצליכע פּאַפּירען — דאָס בעסטע מיטעל אין פאל, אז מען טרעפט א זשאנדארם. פון דאָרט האָט ער ארויסגענומען א פאָטאָג־

ראפיע, ווי א בריעף די גרויס, אן אַלטע, אָבגעריבענע, געל געוואָרע־נע קארטעל, וועלכע ער האָט זייט א צייט לאַנג איבעראל מיטגע־שלעפט, אן אנגעווארעמטע פון זיין קערפער און א אָבגעקראָכענע פון זיין ווארימקייט.

ער האָט אויפגעהויבען די פאטאגראפיע נאָהענט צו זיין פּנים און געפרעגט:

— און דעם קאנט איהר?

דער אבבע האָט געמאכט צוויי טריט נעהענטער און איז גע־בליעבען שטעהן א פערציטערטער, א בלייכער, דען עס איז געוועזען זיין אייגענע בילד, געמאכט ספּעציאל פאר „איהר" אין דער צייט פון זיין אמאָליגער ליעבע.

ער האָט ניט געענטפערט. ער האָט גאָרנישט געקענט פער־שטעהן.

דער טרעמפּ האָט נאָך אמאָל געפרעגט:

— קענט איהר איהם ניט?

דער פּריסטער האָט ארויסגעשטאמעלט:

— יא, געוויס.

— ווער איז דאָס?

— דאָס בין איך.

— זייט איהר זיכער, אז דאָס זייט איהר?

— געוויס.

— גוט! און איצט קוקט אונז ביידע אָן, אייער בילד און מיך.

ער האָט נאָך פריהער אנגעקוקט דעם מיאוס'ען יונג און בע־מערקט, אז ביידע ווערען, איינער אויף'ן בילד און דער צווייטער לאַכענדיג דאָ דערביי, זיינען עהנליך איינער צום דעם צווייטען, ווי צוויי לייבליכע ברידער. אָבער ער האָט נאָך אלץ ניט פערשטאנען און געשטאמעלט:

— אָבער וואס פערלאנגט איהר פון מיר?

מיט אן אונפערשעהמטען טאָן האָט דער טרעמפּ געענטפערט:

— וואס איך פערלאנג? פריהער פאר אלץ וויל איך, איהר זאָלט מיך אנערקענען.

— ווער זייט איהר דען?

— ווער איך בין? פרעגט ווענען עס איז אין גאַס, פרעגט
יער קעכין, אָדער לאָמיר פרעגען דעם היגען בירגערמייסטער;
יהר קענט איהם ציינען דאָס בילד, אויב איהר ווילט. איך זאג
ייך אפריהער, אז זיי וועלען אייך גוט אויסלאַכען. איהר ווילט,
וי עס שיינט, ניט אנערקענען, אז איך בין אייער זוהן, פאָטער
פריסטער.

דער אלטער מאַן האָט מיט א פרומער בעוועגונג אויפגעהויבען
פערצווייפעלט די הענד און ארויסגעקרעכצט:

— דאָס איז ניט אמת!

דער יונגער מאַן איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו איהם, איצט
זיינען זיי געשטאַנען איינער אנטקעגען אנדערען.

— אהא, דאָס איז נישט אמת! הערט אויס, פריסטער, דאָ
וועט ניט העלפען דער לייקענען, איהר פערשטעהט?

ער האָט געמאַכט א סטראַשענדע מינע, צוזאַמענגעדריקט די
פויסטען און גערעדט מיט אַזאַ זיכערקייט, דאס דער פריסטער, אב־
טרעטענדיג צוריק א פּאָאר טריט, האָט זיך געפרעגט, ווער פון זיי
ביידען האָט א טעות אין דיעזער מינוט.

אָבער ער האָט נאָך אמאָל געזאָגט:

— איך האָב קיינמאָל קיין קינדער ניט געהאַט.

דער אנדערער האָט זיך א כאַפּ געטהאָן:

— און אפשר קיין געליעבטע אויך ניט?

דער אלטער האָט זיך שטאָלץ מודה געווען:

— א געליעבטע האָב איך יאָ געהאַט.

— איז די דאָזיגע געליעבטע ניט געווען אין אומשטענדען, ווען
איהר האָט זי פון אייער הויז ארויסגעיאָגט?

דער אלטער כעס, וועלכען ער האָט מיט פינף און צוואַנציג
יאָהר צוריק געזוכט אין זיך צו דערשטיקען מיט דער רעליגיאָן
און ענטזאַגונג, און וועלכע איז נאָך אַלץ ניט געווען אין גאַנצען
דערשטיקט, האָט פלוצים ערוואַכט, און אויסער זיך, האָט דער
פריסטער א געשריי געטהאָן:

— איך האָב זי ארויסגעיאָגט דערפאַר, ווייל זי האָט מיך בע־
טראָגען, און ווייל זי האָט אונטער׳ן הארצען א פרעמד קינד גע־

טראָגען. ווען ניט דאָס וואָלט איך זי דאן דער'הרג'ט, און אייך, ווערטהער הערר, מיט איהר צוזאמען!

דער יונגער־מאַן איז צומישט געוואָרען. דער אויפריכטיגער כעס פון'ם פריסטער האָט איהם פערוואונדערט. ער האָט געענטפערט עטוואס שטילער:

— ווער האָט אייך דען געזאגט, אז דאָס קינד איז געווען ניט אייערס?

— זי, זי אליין!

ניט אבליקענענדיג די דאזיגע בעהויפטונג, האָט ער מיט דעם גלייכגילטיגען טאָן פון א לומפ, וועלכער מאכט זיך פון קיין זאך קיין וועזען ניט, געזאגט:

— נו, טאָ וואס איז דאָ אזוינס? האָט די מוטער א טעות געהאט, און אפשר האָט זי נור געלאכט פון אייך, און ניט מעהר?

נאָך דעם ערשטען אויסברוך פון כעס, האָט זיך דער פריסטער ווידער בעהערשט און דאן האָט ער געפרעגט:

— און ווער האָט אייך געזאגט, אז איהר זייט מיין זוהן?

— זי, הערר פריסטער, זי אליין אויף איהר טויטען־בעט, און דערצו, דאָס, אָט דאָס! און ער האָט א טוקע געטהאָן מיט'ן בילד פאר'ן פריסטער'ס אויגען.

דער אלטער האָט דאן גענומען דאָס בילד, און לאנג און לאנג־זאם, מיט א הארץ צוריסען פון וועהטאָג, האָט ער פערגליכען דעם דאָזיגען אונבעקאנטען מענשען מיט זיין בילד פון אמאָל. איצט האָט ער שוין מעהר נישט געקענט צווייפלען: עס איז געווען זיין זוהן.

א שרעקליכער טרויער האָט זיך אריינגעריסען אין זיין נשמה, מורא'דיגע ליידען האָבען איהם גענומען פּלאגען, ווי געוויסענס־ביסע פאר אן אלטען פערברעכען. ער האָט ווידער דערזעהן פאר זיך די גראבע, ברוטאלע סצענע פון זייער צושיידונג, און מאנכעס האָט ער איצט פערשטאַנען און אויף דאס איבעריגע זיך אָנגעשטויסען. די פאלשע, ניעדערטרעכטיגע פרוי האָט איהם דאן געווארפען אין פּנים דעם דאזיגען ליגען, אום צו ראטעווען איהר לעבען פון'ם אויפגעבראכטען, בעטראגענעם מאן. דער דאזיגער ליגען האָט זי

טאַקע געראַטעוועט. ער האָט איהם געגלויבט, און דער זוהן, זיין זוהן, וואָס זי האָט אויף דער וועלט געבראַכט, איז אויפגעוואַקסען אַ פערווילדעטער נפש, אַ וואַגאַבונד, פון וועלכען דער גערוך פון צופּוילקייט און אויסגעלאַסענקייט האָט זיך געטראָגען, ווי פון אַ באָק, דער שווערער גערוך פון חיה.

ער האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— ווילט איהר מיט מיר אַביסעל זיך דורכגעהן, וועלען מיר די זאַך אַרומריידען.

דער יונגערמאַן האָט שפּאָטיש אַ שמייכעל געטהאָן:

— אָה, געוויס. צוליעב דעם בין איך דאָך טאַקע געקומען!

זיי זיינען געגאַנגען זייט ביי זייט דורך דעם אַליוועז־פעלד. די זון איז שוין געווען אונטערגעגאַנגען און דער קיהלער בין השמשות פון דרום־געגענד האָט אַלסדינג אַרום זיי ווי בעדעקט מיט אַן אונזיכטבאַרען מאַנטעל. דער פּריסטער האָט געשווידערט, און אויפהויבענדיג זיינע אויגען מיט אַ געוועהנטע בעוועגונג, האָט ער דערזעהן פאַר זיך די גרויע ציטערענדיגע בלעטער פון דעם הייליגען בוים, וועלכער האָט געוואָרפען זיין בלייכען שאָטען איבער דער געשטאַלט פון דעם געקרייציגטען מיט דעם בלייכען פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט טיעפען צער און יאוש.

און אַ קורצע תפילה, אַ תפילה פון פערצווייפלונג, מיט וועלכער פרומע קריסטען ווענדען זיך צו זייער ערלייזער אין אַ צייט פון נויט און אונגליק, האָט אין זיין נשמה זיך אויפגעכאַפּט: „אָה, הערר, טהו ניט אָפּ דיין רחמנות פון מיר!"

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו זיין זוהן:

— הייסט עס, אייער מוטער איז טויט?

די דאָזיגע ווערטער „אייער מוטער איז טויט" האָט אויפגעוועקט אין איהם אַ נייעם צער; עס האָט זיך אָפּגערופען דער אַמאָליגער שרעקליכער וועהטאָג, וואָס איז געווען טיעף איינגעגראָבען אין זיין פליישׁ, דער ווידער־קול האָט זיך אָפּגערופען פון זיין אַמאָליגען קורצען ווילדען גליק, פון זיין אַמאָליגער ברענענדיגער ליידענשאַפט, פון וועלכער עס איז איצט אין זיין צוריקגעצויגענעם לעבען

מעהר גאַרנישט געבליעבען, ווי נור אַן אָפענע וואונד און ביטערע עראינערונגען.

— יא, הערר פריסטער, מיין מוטער איז געשטארבען.

— שוין לאנג?

— יאָ, שוין דריי יאָהר.

דער פריסטער האָט ווידער גענומען צוייפלען.

— פארוואָס האָט איהר מיך פריהער ניט אויפגעזוכט?

יענער האָט ניט גלייך געענטפערט:

— איך האָב ניט געקענט... עס זיינען געוועזען.... שטערונגען. אָבער ערלויבט מיר איצט צו אונטערברעכען דעם געשפּרעך, שפּע־טער וועל איך אייך דערצעהלען אלעס, וואס איהר וועט נור וועלען וויסען, ווייל איך מוז אייך זאגען, אז פון נעכטען אין־דער־פריה אַן האָב איך נאָך גארנישט אין מויל געהאט.

דער אלטער האָט פלוצים דערפיהלט גרויס רחמנות און, אויס־שטרעקענדיג צו איהם ביידע הענד, האָט ער געזאגט:

— מיין ארעם קינד!

דער יונגער־מאַן האָט א דריק געטהאַן די גרויסע, אויסגע־שטרעקטע הענד, וועלכע האָבען ארומגעכאפט זיינע שמאָלע, ווארי־מע, פיבערישע פינגער.

דערנאָך האָט ער מיט זיין געוועהנליכען שפּאטישען טאָן גע־ענטפערט:

— נו, איך הויב אָן צו דענקען, אז מיר וועלען קומען צו א טאָלק!

דער פריסטער האָט גענומען שפּרייזען צוריק.

— מיר וועלען געהן עסען — האָט ער געזאגט. און פלוצים האָט ער מיט א אינסטינקטיווער פרייד זיך דערמאנט אָן דעם שעהנעם פיש, וואס ער האָט היינט געכאפט, וועלכער צוזאמען מיט דער הוהן מיט רייז וועט זיין א פיינער מאָלצייט פאר דאס ארימע קינד.

די דיענסט האָט געווארטשעט, שטעהענדיג פאר די טיר א אונ־רוהיגע, און האָט אויף זיי געווארט.

— מארגאריטא — האָט אויסגערופען דער פריסטער —

נעהמט אריין דעם טיש אין צימער. אָבער שנעל, שנעל. דעקט איהם פאר צווייען — אבער טהוט זיך א קעהר!

די דיענסט איז געבליעבען שטעהן צומישט און צושראקען פון דעם געדאנק, אז איהר בעל הבית וויל מיט דעם דאָזיגען טרעמפ עסען ביי איין טיש.

דאן האָט דער אבבע ווילבוא אליין געהאָלפען אריינטראָגען דעם געדעקטען טיש אין דעם איינציגען צימער אויפ'ן ערשטען שטאָק.

פינף מינוט שפעטער איז ער שוין געזעסען אנטקעגען טרעמפ, פאר א שיסעל פרישע קרויט, וועלכע האָט צווישען זייערע ביידענס פנים'ער א גאנצען וואלקען פארע פערשפרייט.

3.

ווען די טעלער זיינען אָנגעגאסען געוואָרען פול, האָט דער טרעמפ גענומען שנעל שלינגען זיין סופ. דער אבבע איז ניט געווען הונגעריג און האָט נור לאנגזאם פערזוכט די שמעקענדיגע ראָסעל, איבערלאָזענדיג די געדיכטע אינוועניג, אין טעלער.

פלוצים האָט ער געפרעגט:

— ווי רופט מען אייך?

דער יונג האָט זיך צולאכט, צופריעדען, וואס ער קאן שטילען זיין הונגער, און געזאגט:

— אזוי ווי קיין פאטער איז ניט געווען, האָב איך ניט געקענט קריעגען קיין אנדער פאמיליען נאמען, אויסער דער מוטערס, וועלכען איהר האָט מסתמא נאָך ניט פערגעסען. דערפאר האָב איך צוויי ערשטע נעמען, וועלכע, צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען, פאַסען זיך צו מיר גאָרנישט: פיליפ אויגוסט.

דער אבבע איז בלייך געוואָרען און געזאָגט מיט א פערשטיקטער שטימע:

— ווארום האָט מען אייך געגעבען די דאָזיגע ביידע נעמען?

דער טרעמפ האָט א דריק געטהאָן מיט די אקסלען:

— דאָס קענט איהר שוין אליין פערשטעהן. נאכדעם ווי די מאמע איז זיך מיט אייך פונאנדערגעגאנגען, האָט זי געוואלט איינרעדען אייער קאנקורענט, אז איך בין זיין קינד. און ער האָט עס

טאַקע געגלויבט, ביז איך בין אַלט געוואָרען א יאָהר פופצעהן. אָבער פון דער צייט אָן איז מיין עהנליכקייט צו אייך געוואָרען צו גרויס און דער לומפּ האָט זיך פון מיר ענטזאָגט. מען האָט מיר אַלזא געגעבען זיין נאָמען — פיליפּ אויגוסט. ווען איך וואָלט גע־האַט דאָס גליק צו קיינעם ניט עהנליך צו זיין, אָדער איך וואָלט אפשר גאָר געווען דער זוהן פון אַ דריטען טויגעניכטס, וועלכער וואָלט זיך מעהר אויף די אויגען ניט געוויזען, דאַן וואָלט איך היינט וואהרשיינליך געהייסען: וויקאַנט פיליפּ אויגוסט דע־פּראַוואָלאָן, דער אנערקענטער זוהן פון׳ם סענאַטאָר און גראַף, וועלכער טראַגט דעם זעלבינען נאָמען. איך אַליין האָב זיך אַ נאָמען געגעבען שלימזל.

— פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אַלעס?

— אין מיין געגענוואַרט זיינען פאָרגעקומען די אַלע ערקלעה־רונגען. און אויף אַזא מין שטייגער זיינען זיי פאָרגעקומען, איך זאָג אייך... אָבער מילא, דורך אַזעלכע זאַכען לערנט מען דאָס לעבען!

א געפיהל, נאָך אַ פיינליכערער און ביטערער, האָט גענומען נאָגען דעם פּריסטער. ער האָט זיך עפּעס ווי גענומען שטיקען און דאָס שטי־קעניש איז געוואַקסען און געוואַקסען און האָט געסטראַשעט איהם סוף כל סוף אין גאַנצען צו דערווערגען. און דאָס איז ניט אַזוי פיעל געקומען פון די זאַכען, וואָס ער האָט דאַ געהערט, ווי פון דער אַרט און ווייזע, פון דעם טאָן, מיט וועלכען דאָס אַלעס איז גערעדט געוואָרען און פון דעם פערברעכערישען פּנים פון דעם לומפּ, וועלכער האָט עס אַלעס אונטערגעשטריכען. צווישען איהם און דעם דאָזיגען מענשען, צווישען זיך און זיין זוהן, האָט ער איצט דערפיהלט אַ גאַנ־צען אַבגרונד פון מאָראַלישען שמוץ, וועלכער איז פאַר מאַנכע נשמות ערגער פון טויטענדען גיפט. שוין־זשע איז דאָס זיין זוהן? ער האָט עס ניט געקענט גלויבען. ער האָט געפאָדערט אַלע בעווייזע, אַלע, האָט אַלעס געוואָלט וויסען, אַלעס הערען, אַלעס דורכמאַכען און נאָך אַמאָל איבערליידען. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן די אַליווען־בוימער, וועלכע האָבען אַרומגערינגעלט זיין הייזעל, און ווידער אַמאָל האָט ער גענומען פּליסטערען: — מיין גאָט, העלף מיר, פערלאַז מיך נישט!

פיליפּ אויגוסט איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין סופּ און גע־פרעגט:

— נו, פריסטער, מעהר איז נישטאָ וואָס צו עסען?

די קיך האָט זיך געפונען אויפ׳ן הויף אין אַ צווייטען הייזעל, און מארגאריטא האָט פון דארט ניט געקענט הערען דעם פריסטער׳ס קול, ער פלעגט דעריבער יעדעס מאָל, ווען ער האָט זי געוואָלט רופען, אָנקלאַפּען עטליכע מאָל אָן אַזאַ מין כינעזישען טאַץ, וועלכער איז גע־האנגען הינטער איהם אויף דער וואנד.

ער האָט גענומען אַ האמער און עטליכע מאָל אנגעקלאַפּט אָן דעם רונדען מעטאַלענעם טאַץ. צוערשט האָט זיך דערהערט אַ שוואכער קלאַנג, דערנאָך אַ שטאַרקערער און אַ ציטערענדיגער, אַ שאַרפער און בעטויבענדער — דאָס האָט געקלאַנגט דאָס געטראַפענע מעטאַל.

די דינסט איז אריין. איהר פּנים איז געווען אנגעכמורעט און זי האָט געוואָרפען בייזע בליקען אויפ׳ן טרעמפּ, אַזוי ווי זי וואָלט מיט דעם אינסטינקט פון אַ טרייען הונד, געפיהלט דאָס אונגליק, וואָס האָט איהר בעל הבית געטראָפען. אין די הענד האָט זי געהאַלטען אַ שיסעל מיט געבראָטענע פיש, פון וועלכער עס האָט זיך געטראָגען אַן אנגענעהמער גערוך פון צושמאָלצענע פּוטער. דער פריסטער האָט מיט׳ן לעפעל צושפּאַלטען דעם פיש אויף צוויי און דערלאַנגט דעם קינד פון זיין יוגענד די בעסטע שטיק פון רוקען.

— דאָס האָב איך היינט אַליין געכאַפּט — האָט ער געזאָגט און דורך זיין טרויעריגקייט האָט אָבגעקלונגען אַ געוויסער שטאָלץ.

מארגאריטא איז ניט אוועקגעגאנגען.

דער פריסטער האָט צו איהר געזאגט:

— ברענגט אקאַרשט וויין, גוטען וויין, דעם ווייסען וויין פון קאָרסיקא.

זי איז געוואָרען אויסער זיך פאַר כעס, און ער האָט געמוזט זאָגען נאָך אַמאָל מיט אַ שטרענגען טאָן:

— טהוט זיך אַ קעהר, צוויי פלאַשען!

ווען ער האָט עמיצען טראַקטירט מיט וויין, וואָס האָט פּאַסירט

וועהר זעלטען, האָט ער זיך אליין אויך מכבד געוועזן מיט א פלעשעל.

פיליפּ אויגוסט האָט ארויסגעמורמעלט א שטראהלענדער:

— צום טייפעל! דאס איז א טהייערע אידעע! אזוי האָב איך שוין לאנג ניט געגעסען.

אין צוויי מינוטען ארום איז די דיענסט צוריקגעקומען.

דעם פריסטער האָבען זיך די צוויי מינוטען אויסגעוויזען, ווי צוויי אייביגקייטען, ווייל איצט האָט איהם דער פערלאנג, אלסדינג צו ערפאהרען, געמאטערט און געפלאגט, ווי א העלישער פייער.

די פלאשען זיינען געעפענט געוואָרען, אָבער דאס מיידעל איז געבליעבען שטעהן מיט איהרע אויגען אין דעם יונג איינגעגעסען.

— איהר קאנט געהן! — האָט געזאגט דער פריסטער.

זי האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האָט זיך ניט גע־ריהרט פון אָרט.

ער האָט געזאגט נאָך אמאָל כמעט הארט.

— איך האָב אייך געזאגט, איהר זאלט אונז לאזען אליין.

זי איז אוועק.

פיליפּ אויגוסט האָט איינגעשלונגען דעם פיש, ווי א ווילדע חיה, און זיין פאטער האָט איהם אנגעקוקט אלץ איבערראשטער, אלץ טרויעריגער פון די שמוץ און געמיינהייט, וואָס ער האָט אויף זיין פנים געלעזען, אויף דעם פנים, וועלכער איז צו איהם אזוי עהנליך געווען.

די קליינע ביסען, וואס דער אבבע ווילבוא האָט אין מויל גע־נומען, זיינען איהם אין האלז שטעקען געבליעבען, ער האָט זיי ניט געקענט ארונטערשלינגען, אזוי האָט איהם געווארגען. ער האָט לאנגזאם געקייט און געטראכט וועגען די אלע פראגען, וועלכע האָ־בען איהם איצט געמאטערט.

צום סוף האָט ער שטיל געפרעגט:

— פון וואס איז זי געשטארבען?

— פון א לונגען קראנקהייט.

— איז זי לאנג קראנק געוועזן?

— יא, אנדערהאלבען יאָהר.

— פון וואנען איז די קראנקהייט צו איהר געקומען?

— דאָס האָבען מיר נישט געוואוסט.

זיי זיינען אנשוויגען געוואָרען. דער אבבע האָט נאָר גע־טראכט. אזוי פיעל זאכען האָבען איהם געדריקט, וועלכע ער האָט געוואלט וויסען. דען פון דעם טאג פון זייער צושיידונג, פון יענעם טאָג אָן, אין וועלכען ער האָט זי שיער נישט געטויטעט, האָט ער פון איהר קיין מאָל גארנישט געהערט. עס פערשטעהט זיך, אז ער האָט פון איהר נים געוואלט הערען, ווייל ער האָט בעוואוסטזיניג און ענטשלאָסען אי זי אי די טעג פון זיין גליק אין׳ם ים פון פערגע־סענהיים דערטרונקען. אָבער איצט, ווען זי איז שוין מעהר נים געווען צווישען די לעבעדיגע, האָט ער פּלוצים דערפיהלט א ברע־נענדיגען פערלאנג אלעס וועגען איהר צו ערפאהרען — אן אייפער־זיכטיגען פערלאנג, כמעט ווי דער פערלאנג פון א געליעבטען.

ער האָט ווידער געפרעגט:

— זי איז דאָך נים געווען אליין, נים אמת?

— ניין. זי האָט די גאנצע צייט געלעבט מיט איהם צוזאמען.

דער גרייז האָט א ציטער געטהאָן.

— מיט איהם, מיט פּראוואלאָן?

— נו יאָ, געוויס.

און דער אבגענארטער מאן האָט בערעכענט, אז די דאזיגע פרוי, וועלכע האָט איהם אמאָל בעטראגען, האָט אבגעלעבט אריבער צוואנציג יאָהר מיט זיין קאנקורענט.

און כמעט געגען זיין ווילען האָט ער געפרעגט:

— האָבען זיי געלעבט גליקליך צוזאמען?

דער יונגערמאן האָט געענטפערט שפּאָטיש:

— אמאָל גליקליך און אמאָל נים. מאנכעס מאָל בעסער און מאנכעס מאל ערגער, ווען נים איך, וואלט אלעס גוט געווען. איך בין אימער געווען זייער פריעדען־שטערער.

— אָבער ווי אזוי? ווארום? — האָט געפרעגט דער פּריסטער.

— דאָס האָב איך אייך שוין געזאגט, ווייל ער האָט געדענקט, אז איך בין זיין זוהן, ביז איך בין אלט געווארען א יאָהר פופצעהן. אבער דער אלטער איז גאר נישט געווען קיין נאר, ער האָט די עהנ־ליכקייט גלייך דערשמעקט. דאן האָבען זיך אנגעהויבען סצענען!

איך האָב אונטערגעהערט אונטער דער טיר. ער האָט בעשולדיגט די מאמע, אז זי האָט איהם אָנגעפּייפּט. די מאמע האָט געענטפערט: דאָס איז ניט מיין שולד; ווען דו האסט מיך גענומען, האסטו גאנץ גוט געוואוסט, אז איך בין געווען די געליעבטע פון אן אנדערען. דער אנדערער — דאָס האָט מען געמיינט אייך.

— האָט זי דען אמאָל גערעדט פון מיר?

— יאָ. אבער זיי האָבען אייך קיין מאל ניט דערמאנט אין מיין געגענוואַרט; אויסער שוין גאר צום סוף, אין די לעצטע טעג, ווען די מאמע האָט געוואוסט, אז מיט איהר איז אויס. זיי האָבען אלץ ניט געוואלט צושטערען דעם פריעדען...

— און איהר.... האָט איהר זיך פריה געכאפּט, אז אייער מוטער געפינט זיך אין א פאלשער לאגע?

— צום טייפעל! איך בין ניט אזא נאַר און נאאיוו בין איך קיינמאָל ניט געווען. עטוואָס אזוינס דערשמעקט מען גלייך, אויב מען קאָן נור אביסעל דאָס לעבען.

פיליפּ אויגוסט האָט זיך אנגעגאסען א גלאָז נאָך א גלאָז. זיינע אויגען האָבען זיך צוברענט, דאס לאנגע פאסטען האָט איהם שנעל שיכור געמאכט.

דער פריסטער האָט עס בעמערקט. ער האָט איהם געוואלט אָב־שטעלען און ניט לאזען מעהר טרינקען, אבער דאן איז איהם איינ־געפאלען, אז וויין בינדט פונאנדער די צונג, מאכט א מענשען אונפארזיכטיג און ריידעוודיג. און ער האָט גענומען די פלאש און אָנגעגאסען דעם יונגען מאן א פולע גלאָז.

מארגאריטא האָט געבראכט די הוהן מיט רייז. זי האָט עס אוועקגעשטעלט אויף'ן טיש און ווידער בעטראכט דעם טרעמפּ. דער נאָך האָט זי געזאגט מיט ענטריסטונג צו איהר בעל הבית:

— טהוט א קוק, הערר פריסטער, ער איז דאָך טויט שיכור.

— לאזט אונז צופריעדען — האָט געענטפערט דער פריסטער

— און געהט זיך געזונטערהייד צו זיך אין קיך.

זי איז ארויס, א קלאפּ טהאָנדיג מיט דער טיר.

דער פריסטער האָט געפרעגט:

— וואס האָט אייער מוטער וועגען מיר גערעדט?

— וואס מען זאגט געווענליך איבער א מאן, ווען ער פער־לאָזט א פרוי. אז איהר האָט געהאט א אונאַנגענעהמען שווערען כאַ־ראקטער, אז פאר א פרוי איז שווער מיט אייך אויסצוקומען און, אז מיט אייער ארט דענקען האָט איהר איהר דאס לעבען פערביטערט.

— האָט זי דאָס אפט געזאגט?

— יאָ, צייטענווייז. אבער אלע מאָל פערשטעלט, אום איך זאל עס ניט קענען פערשטעהן, אָבער איך האָב דאָך אלעס פערשטאַנען.

— און ווי האָט מען אייך בעהאנדעלט אין הויז?

— מיך? צוערשט זעהר גוט און דערנאָך זעהר שלעכט. ווען די מאמע האָט בעמערקט, אז איך שטעה איהר אין וועג, האָט זי מיך גאָר אין גאנצען ארויסגעיאגט פון׳ם הויז.

— וואס הייסט?

— וואס הייסט? זעהר איינפאך. ווען איך בין אלט געוואָרען א יאָהר זעכצעהן, האָב איך אבגעטהאָן עטליכע שפּיצלאָך. דאן האָט חברה, אום פון מיר פּטור צו ווערען, מיך פערשיקט אין א פער־בעסערונגס־אַנשטאַלט.

מיט די עלענבויגענס אויף׳ן טיש און דעם קאפּ אויףביידע הענד אָנגעשפּארט, א טויט שכור׳ער, מיט א צומישטען פערשטאנד, האָט ער פּלוצים געקראגען א שטארקען וואונש צו רעדען וועגען זיך אליין, צו דערצעהלען וועגען זיינע מעשים און צו בעריהמען זיך.

ער האָט געשמייכעלט זיס, מיט כמעט ווייבערשען חן, יענעם פערדארבענעם חן, וועלכען דער פּריסטער האָט גלייך דערקאנט. ער האָט ניט נאר דערקאנט, נור אויך דערפיהלט יענעם פערפיהר־רערישען שמייכעל, פול רייץ און כישוף, וועלכער האָט אמאָל זיין הארץ געפאנגען און איהם אונגליקלאך געמאכט. אין דעם דאָזיגען מאָמענט האָט דער זוהן אויסגעזעהן שטארק עהנליך צו דער מוטער, ניט מיט די געזיכטס־ציגע, נור מיט דעם פאלשען, פערפיהרערישען בליק, און, איבערהויפּט, מיט דעם שמייכעל, דעם ליגנערישען שמיי־כעל, אין וועלכען עס האָבען זיך, דאכט זיך, אויסגעדריקט אלע גע־מיינהייטען פון זיין שמוציגער נשמה.

פיליפּ אויגוסט האָט גענומען דערצעהלען:

— נו, נו! א שעהן לעבען האָב איך געפיהרט אי אין דער

פערבעסערונגס־אנשטאַלט, אי נאָכדעם. ווען איך זאָל וועלען אַלעס דערצעהלען, וואָלט א ראמאן־שרייבער גאט ווייסט וויפיעל דערפאר געגעבען! ווירקליך, דיומא־פאטער האָט אין זיין „מאָנטע קריסטא“ ניט אויסגעטראַכט קיין קאָמישערע פאסירונגען, ווי די, וואס האָבען מיט מיר געטראָפען.

ער האָט א ווײַלע געשוויגען מיט דער פילאזאפישער ווירדע פון א שיכור׳ען, וועלכער דענקט נאָך, און דאן האָט ער לאנגזאם געזאגט:

— ווען מען וויל, אז פון א אינגעל זאָל עפּעס ארויסקומען, זאָל מען איהם, ווי שלעכט ער זאָל ניט זיין, ניט שיקען אין קיין פערבעסערונגס־אנשטאַלט, צוליעב די בעקאנטשאפטען, וואס ער מאכט דארט. איך האָב געהאט א גרויסארטיגע בעקאנטשאַפט, אָבער איך האָב ניט געהאט קיין גליק. איין מאָל אין אַן אבענד, א זייגער ניין איז דאָס געווען, האָב איך מיט נאָך דריי חברים זיך ארומגעטריעבען אויף דעם גרויסען שאָססע. מיר אַלע זיינען געווען ניש׳קשה׳דיג אנגעשנאָסקעט. פּלוצים קומט אונז אנטקעגען אָן א וואגען, אין וועלכען אַלעס איז געשלאָפען, אי דער פוהרמאן, אי זיין פאמיליע. דאָס זיינען געווען פויערים פון מארטינאן, וועלכע האָבען זיך אומגעקעהרט פון שטאָדט פון עפּעס א שמחה. מיינער כאפּט אָן דאָס פערד פאר׳ן צוים, שטעלט איהם אוועק ביים פּאראָם און שטופּט אראָב דעם פּאראָם אין טייך אריין. פון דעם דאזיגען גערויש כאפּט זיך אויף דער פוהרמאן, ער איז שטארק פערשלאָפען, זעהט גארנישט, גיט א שמייץ דעם פערד, דער פערד טהוט זיך א הויב און שפּרינגט מיט׳ן וואגען, מיט האק און פּאק אין וואסער אריין. אַלע ביז איינעם זיינען זיי דערטרונקען געוואָרען. די חברים האָבען מיך גע׳מסר׳ט. פריהער האָבען זיי פון מיין שפּיצעל געלאַכט. מיר האָבען גארנישט ערווארט, אז די זאך וועט האָבען אזא שלעכטען סוף. מיר האָבען געדענקט, אז די לייטע וועלען נור קריגען א קאַלטע באד און מיר וועלען האָבען פון וואס צו לאכען.

נאָך דעם האָב איך אבגעטהאָן נאָך עטליכע שעהנע זאכען, אום זיך אבצוזערכענען פאר דער ערשטער געשיכטע, פאר וועלכער איך האָב זיכער ניט פערדיענט אזא שטראָף, אויף מיין ווארט. אָבער

דאָס לוינט זיך ניט צו דערצעהלען. איך וועל אייך נור דערצעהלען מיין לעצטען שפּיצעל, יענער, גלויב איך, וועט אייך מאַכען שפּאַס. אי האָב זיך אבגערעכענט פאַר אייך, פּאַפּאַ!

דער אבבע האָט מיט שרעק געקוקט אויף זיין זוהן, און דער ביסען איז איהם געבליעבען שטעהן אין האלז.

פּיליפּ אויגוסט האָט זיך ווידער גענומען דערצעהלען:

— וואַרט א ווײלע. — האָט געזאָגט דער פּריסטער.

ער האָט זיך אומגעדרעהט און א זעץ געטהאָן אין דעם בינעוי־שען טאַץ, אז עס האָט גענומען שניידענדיג קלינגען.

מארגאריטא איז גלייך אריין.

דער בעל הבית האָט איהר געגעבען א בעפעהל מיט אזא האר־בען טאָן, דאָס זי האָט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ א צושראקענע און אונטערטהעניגע.

— ברענגט אונז דעם לאָמפּ און אלעס וואס איהר האָט צו עסען. און דאן זאלט איהר זיך מעהר ניט ווייזען, ביז איך וועל קלינגען און רופען.

זי איז ארויסגעגאנגען און געבראכט א ווייסען פּארצעלייענעם לאָמפּ מיט א גרינעם אבאזשור, א גרויסע שטיק קעז און פּרוכט. זי האָט עס אלעס אוועקגעשטעלט אויף׳ן טיש. דאן איז זי ווידער ארויס.

דער אבבע האָט געזאָגט ענטשלאָסען:

— איצט וועל איך אייך אויסהערען.

פּיליפּ אויגוסט האָט רוהיג אנגעפילט זיין טעלער און זיין גלאז. די צווייטע פלאש איז געווען כמעט אין גאנצען ליידיג, הגם דער פּריסטער האָט זיך צו איהר ניט צוגעריהרט.

דער יונגערמאן, א שיכור׳ער, מיט א פולען מויל עסענוואַרג, האָט גענומען ווייטער רעדען, ריהרענדיג קוים מיט דער צונג.

— די לעצטע געשיכטע איז אזוי געווען. איך בין געקומען אהיים און בין דארט פערבליעבען, הגם זיי האָבען עס ניט געוואלט ליידען, ווייל זיי האָבען פאַר מיר מורא געהאַט... יאָ, מורא געהאַט.... מיך טאָר מען ניט צורייצען, טאָמער צורייצט מען מיך, בין איך פעהיג אויף אלצדינג, איהר פערשטעהט... זיי האָבען געלעבט צו־

זאמען און דאָך ניט צוזאמען. ער האָט געהאַט צוויי וואהנונגען, איינע אַלס סענאַטאָר און איינע אַלס געליעבטער. אָבער ער איז געווען מעהר ביי דער מאמע׳ן, ווי ביי זיך, ווייל ער האָט אהן איהר ניט געקענט אויסקומען. נו, יאָ, די מאמע מיינע איז געווען א ביטרע, א פיפיגע, א קלוגע סחורה, דאָס מוז מען איהר צוגעבען! זי האָט געקאָנט אריינגעהמען א מאַן אין איהרע הענד אריין, ווי עס געהער צו זיין. זי האָט געפּאַקט דעם סענאַטאָר איהרען, האָט איהם בעד־הערשט לייב און זעעל און ניט ארויסגעלאָזט איהם ביז איהר לעצטען אויגענבליק. מיין גאָט, וואס פאר נאַראָנים די מענער זיינען! בין איך, אלזא, אהיים געקומען און האָב זיי ביידען געהאַלטען אין דער מורא. ווען עס איז נויטיג, קאָן איך מיר מיין שטעטעל בעשטעהן. און וואס אַנבעלאַנגט שלויקייט, איינפאַלען און געזונדע פויסטען — קאָן איך זיך מיט יעדען פערגלייכען. דאָ איז די מאמע קראנק געד־וואָרען און ער האָט זי אוועקגעפיהרט אויף א וואונדערבארען גוט נעבען מעלאַן, אין מיטען פון א פּאַרק, ווי א וואַלד די גרויס. דאַן האָבען מיר גענומען פיהלען, אז איהר סוף קומט אָן. ער איז יעדען טאָג געקומען צופאהרען פון פּאַריז א טרויעריגער, אָבער טאקע אויף אַן אמת א טרויעריגער, און האָט זעהר שטאַרק געליטען.

איין מאָל, א אין־דער־פריה, זיינען זיי געזעסען צוזאמען און כמעט א גאַנצע שטונדע געפּלוידערט, און איך האָב זיך אַלץ געד־פרעגט: וועגען וואס פּלוידערען זיי אזוי לאַנג? ערשט פּלוצים רופען זיי מיך, און די מאמע זאגט צו מיר:

— איך וועל אין קורצען שטאַרבען און איך וויל דיר ענטדעקען א געוויסע זאַך, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער גראַף איז געגען דעם. (זי האָט איהם אימער גערופען גראַף, ווען זי האָט וועגען איהם גערעדט). איך וועל דיר זאָגען דעם נאָמען פון דיין פּאַטער, וועלכער לעבט נאָך.

איך האָב זי אודאי אמאָל הונדערט... מעהר ווי הונדערט מאָל געפרעגט אויף מיין פאטער׳ס נאָמען און זי האָט מיר קיינמאָל דאָס ניט געוואָלט אויסזאָגען... איך געדענק, איך האָב איהר אמאָל גוט אָנגעפּראַסקעט די מאָרדע, אום זי צו צווינגען צו רעדען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. און דאַן, אום פון מיר פּטור צו ווערען, האָט

זי מיר געזאָגט, אַז איהר זייט געשטאָרבען און האָט ניט איבערגע־לאָזט אַ גראָשען. אַז איהר האָט אין לעבען גאָר קיין ראָלע ניט געשפּיעלט. איהר זייט בלויז געווען איהר ערשטע ליעבע און אַז די דאָזיגע ליעבע איז געווען איינער פון די טעות'ן, וואָס יעדע יונגע מיידעל מאַכט. זי האָט מיר אַזוי פערזיכערט, דאָס איך, פּרא אדם, האָב טאַקע געגלויבט, אַז איהר זייט טויט.

אַלזאָ, זאָגט זי צו מיר:

— איך וועל דיר אויסזאָגען דעם נאָמען פון דיין פאָטער.

דער גראַף, וועלכער איז געזעסען אויף אַ פאָטעל, האָט אויס־געראָפען דריי מאָל:

— דאָס איז ניט רעכט! דאָס איז ניט רעכט! דאָס איז ניט רעכט פון אייך, ראָזעטאַ!

די מאַמע האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט — אָט ווי איצט זעה איך זי נאָך מיט איהרע פערראָיטיגטע באַקען און די בלישצענדיגע אויגען — דען זי האָט מיך, טראָץ אַלעס און אַלעמען, ליעב גע־האָט — און זי זאָגט צו איהם:

— דאַן טהוט איהר עטוואָס פאַר איהם, פיליפּ.

איהם האָט זי גערופען פיליפּ און מיך אויגוסט.

ער האָט אַ געשריי געטהאָן, ווי אַ געפּייניגטער:

— פאַר דעם דאָזיגען לומפּ, דעם דאָזיגען אויסוואָורף, דעם דאָזיגען פערברעכער.... דעם דאָזיגען... דאָזיגען... דאָזיגען...

און ער האָט אויסגעפונען פאַר מיר נעמען, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבען קיין אַנדער זאַך ניט געטהאָן, אויסער וואָס ער האָט זיי אויסגעטראַכט.

איך האָב שוין געוואָלט ווערען אין כעס, אָבער די מאַמע האָט מיך בערוהיגט און געזאָגט צו איהם:

— וואָס־זשע? איהר ווילט ער זאָל שטאַרבען פאַר הונגער? איך אַליין האָב דאָך גאָרנישט.

ניט לאַנג טראַכטענדיג, האָט ער געענטפערט:

— ראָזעטאַ, איך האָב אייך דרייסיג יאָהר כסדר געגעבען פינף־און־דרייסיג טויזענד פראַנק אַ יאָהר. דאָס מאַכט אויס מעהר ווי אַ מיליאָן. אַ דאַנק מיר, האָט איהר געלעבט ווי אַ רייכע, ווי אַ

געליעבטע, און איך קאָן זאגען, ווי א גליקליכע פרוי. דעם דאָזיגען לומפּ, וועלכער האָט אונז די לעצטע יאָהרען פערביטערט, איהם בין איך גאר נישט שולדיג און ער וועט פון מיר גארנישט קריעגען. אומזיסט אייערע רייד. זאגט איהם דעם נאָמען פון זיין פאָטער, אויב איהר ווילט. דאס וועט מיר זעהר לייד טהאָן, אבער מיין געוויסען בלייבט ריין.

דאָ האָט זיך די מאמע געווענדעט צו מיר און איך האָב א טראכט געטהאָן: „אויסגעצייכענט... ענדליך וועל איך געפינען מיין אמת'ן פאטער... און אויב דער בעל־דבר האָט די קלינגערס, בין איך א געראטעוועטער...."

זי האָט ווייטער גערעדט:

— דיין פאָטער, באראָן ווילבוא, הייסט היינט אבבע ווילבוא און איז פּריסטער און גאראנדאי נעבען טולאָן. ער איז געווען מיין געליעבטער און איך האָב איהם פערלאָזען צוליעב דעם גראף... און דאָן האָט זי מיר אַלסדינג דערצעהלט, אויך דאָס, אז זי האָט אייך אָנגעפייפט ווענגען איהר שוואנגערשאפט. אָבער, ווי איהר ווייסט, זאגען דאָך פרויען קיין מאל ניט דעם אמת.

ער האָט געלאכט, ניט בעגרייפענדיג, וואס ער רעדט, און ארויסווייזענדיג דעם גאנצען שמוץ פון זיין נידעריגער נשמה. אויס־טרינקענדיג נאָך א גלאז, האָט ער ווייטער גערעדט מיט א פרעהלאָך, לאכעדיג פּנים:

— אין צוויי טעג ארום איז די מאמע געשטאָרבען. מיר, איך און ער, זיינען צו איהר לויה געגאנגען. איז דאָס ניט קאָמיש? זאָגט אדרבה. ער און איך און דריי דיענער, מעהר קיינער נישט. ער האָט נערוועט, ווי אַן אַלטע קליאַטשע... מיר זיינען געגאנגען איינער נע־בען אנדערן, ווי א פאָטער מיט א זוהן.

דערנאָך זיינען מיר צוריק אהיים געקומען, מירביידע אליין, און איך טראכט מיר ביי זיך: „איצט וועל איך זיך מוזען פון דאנען אָבטראגען אָהן א גראשען ביי דער נשמה". אין גאנצען האָב איך ביי זיך געהאט פופציג פראנק. וואס האָב איך געזאָלט טהאָן, ווי אזוי זיך מיט איהם אָברעכענען.

פּלוצים נעהמט ער מיך אָן פאר א האנד און זאָגט:

— איך וויל זיך מיט דיר דורכריידען:

איך בין אוועק נאָך איהם אין זיין צימער. ער האָט זיך געזעצט נעבען שרייב־טיש און, שטיקענדיג זיך מיט טרעהרען, זאָגט ער מיר, אז ער וויל געגען מיר ניט זיין אזוי שלעכט, ווי ער האָט געזאָגט דער מאמע'ן; און בעט מיך, איך זאל אייך לאזען צופריעדען.

מילא, דאָס איז שוין אונזער זאך... ס'הייסט, מיינע.... און אייערע... און ער שלאָגט מיר פאר טויזענד פראנק, טויזענד פראנק, וואָס קען איך טהאָן מיט טויזענד פראנק, וואָס זיינען טויזענד פראנק פאר אזא מאן ווי איך? מיינער האָט דערזעהן, אז אין שיפליאד ליעגט נאָך געלד, א גאנצער הויפען פאפיער־געלד. און ביים אנבליק פון דעם געלד פערגעס איך אלץ אין דער וועלט. איך שטרעק אויס די האנד נאָך די טויזענד פראנק, וועלכע ער וויל מיר געבען. אָבער אָנשטאָדט צו נעהמען זיין נדבה, טהו איך זיך א וואָרף אויף איהם, גיעב איהם א שמיץ אָן דר'ערד, כאפּ איהם אָן פאר'ן האלז און דריק, ביז די אויגען קריכען איהם פון קאָפּ ארויס... ווען איך האָב דערזעהן, אז ער נעהמט ביי מיר באלד איין א מיתה משונה, טהו איך איהם אויס, בינד איהם, פערשטאָפּ איהם די האלז און דאן... כא, כא, כא.... איך האָב זיך נישט שלעכט אָפּגערעכענט פאר אייך.

פיליפּ אויגוסט האָט זיך צוהוסט, שטיקענדיג זיך פאר פרייד, און אין זיינע פעררייסענע ליפּען האָט דער אבבע ווילבוא אלץ קלאָהרער דערקאָנט דעם בעקאַנטען, פרעהליכען און הארטען שמייכעל פון דער פרוי, וועלכע האָט איהם אמאָל דעם קאָפּ צומישט.

דערנאָך האָט ער גערעדט ווייטער:

— כא, כא, כא! אין'ם קאמין האָט געברענט א העלער פייער — עס איז געווען אין דעצעמבער.... גרויסע פרעסט... ווען זי איז געשטאָרבען... די מאמע... א גרויסער פייער האָט געברענט... איך נעהם א קאָטשערע, ברען עס אָן, ביז רויט, גליהענד רויט, און דאן ברען איך איהם אויס א קרייץ אויפ'ן רוקען... איינעם און נאָך איינעם און נאָך, און נאָך... אכט, צעהן... איך געדענק שוין אליין ניט וויפיעל. דאן קעהר איך איהם איבער און שטעל איהם אוועק פונקט אזוי פיעל צלמים אויפ'ן בויך. איז דאָס נישט קאָמיש? וואָס זאָגט איהר פּאפּא? אזוי האָט מען אמאָל געצייכענט די קאטאָרזשניקעס.

ער האָט זיך געדרעהט אונטער מיינע הענד, ווי א שלאַנג. אָבער איך האָב איהם גאַנץ פעסט דאָס מויל פערשטאָפּט, שרייען האָט ער ניט געקאָנט. דאן האָב איך ארויסגענומען צוועלף בילעטען, טויזענד פראַנק א שטיק — מיט מיינעם האָט עס אויסגעמאַכט דרייצעהן. א שלים־מזל'דיגע צאָהל... האָט מיך אונגליקליך געמאַכט. און דאן בין איך אוועק, אָנזאָגענדיג די דיענער, זיי זאָלען דעם הערר גראף ניט בעאונרוהיגען ביז צום מיטאג, ווייל ער שלאָפט.

איך האָב געדענקט, אז ער וועט מאַכען א שוויגען אוים מורא פאר א סקאַנדאַל, ווייל ער איז דאָך א סענאַטאָר. אָבער איך האָב א טעות געהאַט. אין פיער טעג ארום האָט מען מיך ארעסטירט אין איינעם פון די פאַריזער רעסטאָראַנען. מען האָט מיך אויף דריי יאָהר אין געפענגנים פערשפּאַרט. דערפאר האָב איך דאָס אייך פריהער ניט געקענט אויפזוכען.

ער האָט ווידער אויסגעטרונקען און ארויסגעשטאַמעלט אזוי, דאָס מען האָט קוים געקאָנט פערשטעהן וואָס ער רעדט.

— איצט... פּאַפּאַ... פּאַפּאַ פּריסטער! איז עס נישט קאָמיש צו האָבען א פּריסטער פאר א פאָטער?... איצט מוז מען זיין זעהר ליעב און פריינדליך מיט דאָס קינד, ווייל — דאָס קינד איז ניט קיין געוועהנליכער אינגעל... אז ניט וועט ער אָבטהאָן דעם אַלטען אזא שפּיצעל... אזא שפּיצעל... ניט אמת?..

דער זעלבער ווילדער כעס, וואָס האָט אמאָל געשטיקט דעם אבבע ווילבוא, ווען ער איז געשטאַנען פּנים לפּנים מיט דער פאַל־שער געליעבטער, איז איצט ווידער אויף איהם אָנגעפאַלען, קוקענ־דיג אויף דעם דאָזיגען עלענדען לומפּ.

ער, דער פּריסטער, וועלכער האָט אין גאָט'ס נאָמען אזוי פיעל מאָל פארגעבען די שווערסטע און שמוציגסטע זינד, וואָס זיינען איהם שטיל פליסטערענדיג אין דעם דונקעלען בייכטע־צימער אנ־פערטרויט געוואָרען — האָט איצט צו זיך אליין ניט געפיהלט ניט קיין מיטלייד, און ניט קיין רחמנות; ער האָט שוין מעהר ניט גע־רופען צו הילף דעם אַלמעכטיגען, דעם בארעמהערציגען גאָט, דען ער האָט פערשטאַנען, אז קיין מענשליכער אָדער געטליכער בעשי־

צער אויף דער ערד איז ניט אומשטאַנד צו בעשיצען די יעניגע, וועמען עס האָט אַזאַ אונגליק געטראָפען.

דער גאַנצער זוד פון זיין ליידענשאַפטליכען האַרצען, פון זיין הייסען בלוט, וואָס איז דורך זיין פּריסטערליכער ווירדע נור פערשטיקט געוועו, האָט זיך פּלוצים אַנגעצונדען אין אַ העליש פייער און אויסגעבראָכען אין אַ ווילדען צאָרן אנטקעגען דעם דאָזיגען אונמענש, וועלכער איז געוועו זיין זוהן, אַנטקעגען דער פיזישער עהנליכקייט צו זיך און צו דער מוטער, דער אונווירדיגער מוטער, וועלכע האָט איהם געמאַכט פאַר אַזאַ, ווי זי איז געוועו, און אַנטקעגען דעם אונגליקליכען שיקזאַל, וועלכער האָט דעם דאָזיגען מיאוסען אויסוואורף צום פאַטער צוגעשמיעדט, ווי אַ קאַטאַרזשניק צו קייטען...

אויפגעריסען דורך דעם דאָזיגען בייזען קלאַפּ פון זיין פינףאון־צוואַנציג יאָהריגען פרומען און שטילען שלאָף, האָט ער פּלוצים אַלעם דערזעהן, אַלעם פאַראויסגעזעהן.

ער האָט בעגריפען, אַז ער מוז צונויפנעהמען אַלע זיינע קרעפטען, אום גלייך פון אַנהויב אָן ארויפצוואַרפען אַ מורא אויף דעם דאָזיגען פערדאָרבענעם יונג. און, סקריענדיג מיט די ציינער פאַר ווילדען צאָרן און שוין ניט געדענקענדיג, אַז יענער איז טויט שיכור, האָט ער געזאָגט:

— איצט, ווען איהר האָט מיר אַלסדינג דערצעהלט, טאַ הערט מיך אויס. איהר וועט אוועקפאָהרען פון דאַנען מאָרגען אין דערפריה, און וועט זיך בעזעצען אין אַ פּלאַץ, וועלכען איך וועל אייך אָנווייזען און וועלכען איהר וועט ניט טאָרען פערלאָזען אָהן מיין ערלויבניס. איך וועל אייך צאָהלען אַ געוויסע סומע געלד, גענוג אויף צו לעבען, אָבער אַ קליינע, ווייל איך האָב ניט קיין געלד. און ווען איהר וועט איין איינציגען מאָהל ניט פאָלגען מיין בעפעהל, דאַן איז אַלעם אויס, דאַן וועט איהר זיך אָנהויבען מיט מיר און איך וועל אייך ווייזען, ווער איך בין...

טראָץ דעם, וואָס ער איז געוועו אַזוי שיכור, האָט פיליפּ אויגוסט פערשטאַנען די דראָהונג און דער פערברעכער האָט פּלוצים

ערוואכט אין איהם. און ער האָט ארויסגעשטאמעלט אין א צובראָ־כענער שפּראך:

— אך, פּאפּא, מיך דערשרעקט מען נים. דו ביזט א פריסטער... דו ביזט אין גאנצען אין מיינע הענד... און דו וועסט זיין ביי מיר א זיידענער, אזוי ווי אלע...

דער פריסטער איז אויפגעשפּרונגען. זיינע מעכטיגע מוסקולען האָבען זיך אָנגעצויגען, ער האָט דערפיהלט א שטארקע לוסט אָנצור־כאפּען די דאָזיגע חיה רעה, איהם צוברעכען אויף דער העלפט, ווי א שטעקען, צו ווייזען איהם, אז ער מוז זיך אונטערגעבען.

ער האָט א כאפּ געטהאָן דעם טיש, א שליידער געטהאָן איהם אויף'ן שיכור און געשריען:

— היט זיך! היט זיך! איך האָב פאר קיין מענש אין דער וועלט קיין מורא נים.

דער שיכור האָט פערלארען דאס גלייכגעוויכט און זיך גענומען שאָקלען אויף זיין שטוהל. ער האָט געפיהלט, אז ער פאלט און, אז דאן איז ער אין דעם פּריסטער'ס הענד. און מיט דעם בליק פון א מערדער האָט ער אויסגעשטרעקט די האנד נאָך'ן מעסער, וואס איז אויפ'ן טישטוך געלעגען. דער אבבע ווילבוא האָט בעמערקט די בעוועגונג און דערלאנגט אזא שטויס דעם טיש, דאָס זיין זוהן איז געפאלען אויף'ן רוקען און איז געבליעבען ליגען אויף ד'רערד. דער לאמפּ איז אויך ארונטערגעפאלען און זיך אויסגע־לאָשען.

אייניגע סעקונדען האָט זיך אין דער פינסטערניש בלויז גע־הערט דאס קלינגען פון צובראכענע גלעזער. דאן האָט זיך אויס־געדראכט, ווי א ווייכער קערפּער וואלט זיך איבער דער פּאדלאגע געקייקעלט. צום סוף איז אלעס שטיל געוואָרען.

ווען דער לאמפּ איז צובראכען געוואָרען, האָט זיך איבער זיי פערשפּרייט אזא אונערוואַרטעטע און טיעפע פינסטערניש, דאָס זיי ביידע האָבען זיך דערשראקען, ווי עטוואס שרעקליכעס וואלט פּאסירט. דער שיכור האָט זיך צוגעטוליעט צו דער וואנד און מורא געהאט א ריהר טהאָן מיט אן אבר. דער פריסטער איז געבליעבען זיצען אויף'ן שטוהל אין דער פינסטערניש, וועלכע האָט זיין צאָרן

פערלאָשען. און דער דאָזיגער דונקעלער שלייער, וואָס האָט זיך איבער איהם אויסגעשפרייט, האָט דערשטיקט זיין כעס, אבגע־קיהלט דעם אויסבּרוך פון זיין ווילדען צאָרן. אנדערע געדאנקען זיינען איהם איצט אין קאָפּ געקומען, שווארצע און טרויעריגע, ווי די ארומיגע פינסטערניש.

עס איז געוועזן שטיל, שטיל, ווי אין א קבר, אין וועלכען אלעס איז טויט, אלעס איז שטיל און פערשטיקט. און פון דרויסען האָט זיך ניט געהערט קיין שום קלאנג, ניט קיין ווייטער פאהרען פון א וואָגען, ניט דאָס בילען פון א הונד און ניט אפילו דאָס רוישען פון די צווייגען הינטער דער וואנד.

די דאזיגע שטילקייט האָט אנגעהאלטען לאנג, זעהר לאנג, אפשר א גאנצע שטונדע. דאן האָט זיך פּלוצים דערהערט א קלאנג פון דעם בינעזישען טאָץ, איין איינציגער, קורצער, שטארקער קלאנג, און נאָך איהם עפּעס א מאָדנער גערויש, ווי פון א שווערען פאל און פון אן אומגעווארפענעם שטוהל.

מארגארעטע, וועלכע איז די גאנצע צייט געשטאנען און גע־היט, איז גלייך געקומען צולויפען. אָבער אזוי גיך ווי זי האָט גע־עפענט די טיר, איז זי געבליעבען שטעהן א צושראקענע פאר דער אונדורכדרינגליכער פינסטערניש. ציטערענדיג, מיט א קלאפּענדיגען הארצען און א געבּראכענעם קול, האָט זי א רוף געטהאָן:

— הערר פּריסטער! הערר פּריסטער!

קיינער האָט ניט געענטפערט, קיין זאך האָט זיך ניט א ריהר געטהאָן.

— מיין גאָט, מיין גאָט, האָט זי א טראכט געטהאָן, וואס אזוינס האָבען זיי געטהאָן? וואס איז דא געשעהן?

זי האָט ניט געוואגט א טראט צו טהאָן נעהענטער, האָט ניט געוואגט ארויסגעהן און ברענגען א ליכט. עס איז אויף איהר אנגע־פאלען א משוגענע מורא און א פערלאנג צו אנטלויפען פון דאנען, זיך צו רעטען, צו שרייען, אָבער זי האָט געפיהלט, ווי איהרע קניע וואנקען אונטער איהר און אז זי קען ניט טאָן קיין איין טראָט. און זי האָט געשטאמעלט:

— הערר פריסטער, הערר פריסטער, דאָס בין איך, מארגא־רעטע.

אָבער פּלוצים, טראָץ איהר שרעק, האָט זי בעהערשט א אינ־סטינקטיווער פערלאנג צו העלפען איהר בעל־הבית. זי האָט זיך גע־מאָכט מוטה, יענעם מוטה, וועלכער פערוואנדעלט אמאָל א פרוי אין א העלדין; און א ווארף טהאָענדיג זיך אין קיך, האָט זי פון דארט געבראכט א לאָמפּ.

אויף דער שוועל איז זי שטעהן געבליעבען. פריהער פאר אלץ האָט זיך איהר געווארפען אין די אויגען דער טרעמפּ, וועלכער איז געלעגען ביי דער וואנד און געשלאפען אדער האָט געמאכט אַן אָנשטעל, אז ער שלאָפט; דאן האָט זי דערזעהן דעם צובראכענעם לאָמפּ, דאן דעם אבבע'ס צוויי שווארצע פיס אין שווארצע זאקען, וועלכע האָבען ארויסגעסטארטשעט פון אונטער'ן טיש. ער איז, קאנטיג, געפאלען אויף'ן רוקען און האָט מיט דעם קאָפּ פערטשע־פּעט דעם כינעזישען טאָץ.

טרייסלענדיג זיך פאר שרעק, מיט ציטערענדיגע הענד האָט זי ווידער אויסגערופען:

— מיין גאָט, מיין גאָט! וואס איז דאָ געשעהן?

און ווען זי איז לאנגזאם, מיט קליינע טריט, צוגעקומען עט־וואס נעהענטער, האָט זי זיך פּלוצים אויסגעגליטשט אין עטוואס גליטשיגעס און איז שיער נישט אומגעפאלען.

זי האָט זיך איינגעבויגען און דערזעהן, ווי איבער דער רויטער ציגעלנער פאדלאגע איז צוגאסען עפּעס א רויטע פליסיגקייט, וועל־כע האָט זיך איינגעגעסען אין איהרע פיס און האָט זיך געצויגען ביז צו דער טיר. זי האָט זיך אנגעשטויסען, אז דאָס איז בלוט.

משוגע פאר שרעק, איז זי ארויסגעלאפען פון דארט, האָט א שליידער געטהאָן דעם לאמפּ, אום מעהר קיין זאך ניט צו זעהן, האָט זיך א ווארף געטהאָן אין פעלד ארויס, צום דארף צו. זי איז געלאפען אהין, פארטשעפּענדיג זיך אָן בוימער, מיט א שטארען בליק אויף די ווייטע פייערלאך פון'ם דארף געריכטעט, און האָט גע־שריען, געשריען הויך אויף א קול.

איהר שניידענדיגער קול האָט געקלונגען אין דער נאכט, ווי

דער געשריי פון א שווארצער וואָראנע און אהן אויפהער האָט זיך געהערט:

— דער טרעמפּ... דער טרעמפּ... דער טרעמפּ!...

ווען זי איז צוגעקומען צו די ערשטע הייזלעך, זיינען פון דארט ארויסגעקומען צושראָקענע מענער און האָבען זי ארומגערינגעלט. אָבער זי האָט זיך געריסען פון זיי, האָט ניט געענטפערט, ווייל פאר שרעק האָט זי אין גאנצען איהר קאָפּ פערלאָרען.

צום סוף האָבען די פויערים זיך געכאפּט, אז ביים אבבע אין הייזעל האָט געמוזט עפּעס אן אונגליק געשעהן, און פערכאַפּענדיג זייער געוועהר, האָבען זיי זיך א לאָז געטהאָן איהם צו הילף.

דאס קליינע ראָזעווע־געפּארבטע הייזעל איז געשטאנען אונקענטיג און שווארץ אין דער טיעפער, שטומער נאכט, אין מיטען פון'ם אָליוועז־פעלד. זייט עס איז פערלאָשען געוואָרען דער איינציגער פייער אין זיין פענסטער'ל, איז עס געבליעבען שטעהן, ווי א אויסגעלאָשענע אויג אין דעם חושך, פערבארגען אין דער ארומיגער פינסטערניש, און קיינער, אויסער א היגען געבארענעם וואלט עס ניט געקענט אויסגעפינען.

באלד האָבען צווישען די בוימער און נידריג אויף ד'רערד גענומען מינען פייערלאַך און האָבען זיך דערנעהענטערט צום הייזעל. זיי האָבען געווארפען אויף די, פון דער זון פערברענטע, גראָז א לאנגען, געלען פאס ליכט. פון דער דאזיגער בעלייכטונג האָבען די פערצווייגטע אָליוועז־בוימער צייטענווייז אויסגעזעהן, ווי עפּעס גרויסע משונה'דיגע ברואים און צייטענווייז ווי צוזאמענגעדרעהטע, צוקאָרטשעטע, אייזערנע שלאנגען. אין דעם וויימען אבשיין פון די פייערלאַך איז פון דער טיעפער פינסטערניש ארויסגעשוואומען עפּעס א העלער פלעק, דערנאָך האָט זיך בעוויזען א ניעדעריגע פיער קאנטיגע וואנט פון דעם ראזעווען הייזעל, בעלויכטען פון לאנטערנעס, וועלכע א פּאָאר פויערים האָבען געטראגען. צוויי דארפישע זשאנדארען זיינען געגאנגען דערביי מיט געלאדענע רעוואלווערען אין די הענד. דערנאָך איז געגאנגען דער פעלד־וועכטער, דער ביר־גערמייסטער און מארגארעטע, געפיהרט פון צוויי מענער, דען זי האָט געהאלטען אין איין חלש'ן.

אַנגעקומען צו דער טיר, וועלכע איז געבליבען שטעהן אָן אָפענע, זיינען זיי אויף א ווײלע צומישט געוואָרען. אָבער איין זשאנדאר האָט א כאפּ געטהאָן א לאנטערנע און איז אריין אינ־ וועניג ; נאָך איהם זיינען אריין די איבריגע.

די דיענסט האָט קיין טעות ניט געהאט. דאס בלוט, וועלכעס איז שוין פערטריקענט געוואָרען, האָט בעדעקט די פּאדלאגע, ווי מיט א טעפּיך. און דער דאזיגער בלוטיגער טעפּיך האָט זיך געצויגען ביז צו דעם טרעמפּ, פערנעצענדיג איינע פון זיינע פיס און איין האנד.

פּאָטער און זוהן זיינען געשלאָפען. איינער מיט א איבערגעשניטע־ נעם האלז איז געשלאָפען מיט דעם אייביגען שלאָף, דער אנדערער מיט דעם שווערען שלאָף פון א שיכור.ביידע זשאנדארען האָבען זיך א ווארף געטהאָן אויף'ן לעצטען און איידער ער האָט צייט גע־ האט זיך אויפצוכאפּען, זיינען שוין זיינע הענד און פיס געווען געשמיעדט אין קייטען. ער האָט זיך גענומען רייבען די אויגען א פערוואונדעטער און צומישט נאָך פונ'ם וויין און, ווען ער האָט דער־ זעהן דעם טויטען קערפּער פון'ם פּריסטער, איז ער, קאָנטיג, זעהר צושראקען געוואָרען און האָט ניט פערשטאנען, וואס דאָ טהוט זיך.

— ווי קומט עס, וואס ער איז נישט אנטלאפען ? — האָט זיך אָנגערופען דער בירגערמייסטער.

— ער איז געווען צו שיכור — האָט געענטפערט איינער פון די זשאנדארען.

און אלע זיינען געווען איינפערשטאנען מיט איהם, ווייל קיי־ נעם פון זיי איז גאָר ניט איינגעפאלען, אז דער אבבע ווילבוא זאָל האָבען אליין זיך דאס לעבען גענומען.

# מיסם האַריעט.



יר זיינען געפאָהרען זיעבען פּארשוין, פּיער דאַמען
און דריי העררן, פון וועלכע איינער איז געזעסען
נעבען קוטשער אויף דער קעלניע. דער וועג האָט
זיך געצויגען באַרג ארויף און די פערד זיינען גע־
גאַנגען פּאַמעליך טריט ביי טריט.

מיר זיינען ארויסגעפאָהרען פאַרטאָג פון עטרעטאַט, אום צו בעקוקען די רואינען פון טאַנקאַרוויל. מיר אַלע האָבען געדרימעלט און די קיהלע, פריהמאָרגענדיגע לופט האָט אונז דורכגענומען.

די דאַמען, וועלכע זיינען ניט געוועהנט געווען אויפצושטעהן אזוי פריה, האָבען זיך געפיהלט מיעד. יעדע וויילע האָבען זיך די אויגען ביי זיי צוגעמאַכט און זיי האָבען געפּיקעט מיט דער נאָז, געטהאָן זיך א כאַפּ אויף און געגענעצט. זיי האָבען גאָר ניט בע־מערקט די שעהנקייט פון דעם פריהמאָרגען.

עס איז געווען הערבסט. פון ביידע זייטען וועג האָט זיך גע־צויגען לעדיגע, פּלאַכע לאַנד. פון ווייטען האָבען געלייכטעט די געלבליכע וואָרצלען פון די האָבער־פעלדער, ווי די האָאר־וואָרצלען פון א ניט־געגאָלטער באָרד. א נעבעל איז געלעגען אויף דער ערד און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אזוי ווי זי וואָלט זיך גערוי־כערט. הויך אין דער לופטען האָבען לערכען געקנאַקט און אין די בושען האָבען נאָך אנדערע פייגלען זייער מאָרגען־ליעד געזונגען.

צום סוף האָט זיך די זון בעוויזען, א רויט־גליהענדיגע, און דעם האָריזאָנט אָנגעצונדען. און וואָס העכער זי האָט זיך דאָרט געהייבען, אַלץ מעהר האָט די לאַנדשאַפט ערוואַכט, געשמייכעלט און זיך געצויגען, ווי א יונג מיידעל, וואָס פערלאָזט איהר בעט אין איהר ווייסען, דינעם נאַכט־געוואַנד.

גראף ד'עטריל, וועלכער איז אויף דער קעלניע געזעסען, האט א געשריי געטהאן:

— זעהט, זעהט, א האז!

און ער האט אנגעוויזען אויף דאס פעלד לינקס. דער האז איז געפלויגען פייל פון'ם בויגען און מען האט נור געזעהן ווי זיינע לאנגע אויערען האטשקען זיך. דערנאך איז ער אריבער אויף א צואקערט שטיק פעלד און האט זיך אוועקגעלאזט, ווי פון שדים געטריבען, האט זיך אבגעשטעלט און זיך מיט שרעק ארומגעקוקט אויף אלע זייטען, צו זעהן, פון וואנען די געפאהר קומט, און באלד ווידער זיך גענומען יאגען און איז פערשוואונדען.

די הערן האבען זיך אויפגעכאפט און איהם נאכגעקוקט.

דאן האט רענע לעמאנואר זיך אנגערופען:

— מיר זיינען היינט גאר ניט העפליך.

און א קעהר געטהאן זיך צו זיין שכנה, דער קליינער באראנעססע דע סערענעס, האט ער געזאגט האלב שטיל:

— באראנעססע, איהר טראכט דאך געווים וועגען אייער מאן. זייט רוהיג, ער קומט ערשט שבת צוריק. הייסט עס, אז נאך פיער טעג וועט איהר האבען פרייע.

זי האט געענטפערט מיט א שלעפעריג שמייכעל:

— רעדט ניט קיין נארישקייטען.

דערנאך האט זי איבערגעוואלד דעם שלאף פון זיך פערטריעבען און צוגעלעגט:

— זאל בעסער עמיצער דערצעהלען אן אינטערעסאנטע געשיכטע. איהר, הערר שענאל, איהר, זאגט מען, האט אמאל געהאט ביי פרויען מעהר גליק ווי דער הערצאג פון רישעליע, דערצעהלט אונז עפּעס א ליעבעס-געשיכטע, אין וועלכער איהר זייט געווען פערמישט. אך, איך בעט אייך, איך בעט אייך.

לעאן שענאל, אן אלטער מאהלער, וועלכער איז אמאל געווען זעהר שעהן און א גרויסער דאן זשואן דערצו, האט זיך א גלעט געטהאן די לאנגע ווייסע בארד, געשמייכעלט און זיך פערטראכט. דערנאך איז ער מיט אמאל ערנסט געווארען:

— פרעהלאך וועט אייך פון דעם זיכער ניט ווערען, מיינע

דאַמען. איך וועל אייך די טרויעריגסטע ליעבעס־געשיכטע פון מיין לעבען דערצעהלען. און איך ווינש נור, אז קיינער פון מיינע פריינד זאָל מיט עטוואַס אזוינס ניט געפּרובט ווערען.

2.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען צוואנציג יאָהר און האָב אַרומ־געבלאָנקעט איבער די בערג און טהאָלען פון נארמאנדיע. „אַרומ־בלאָנקען" מיין איך דאס וואנדערן מיט א רענצעל אויף'ן רוקען פון בארג צו באַרג, פון טהאָל צו טהאָל, אום צו מאָלען בילדער פון דער פרייער נאַטור. קיין גרעסערעס פערגעניגען איז נאָר ניטאָ, ווי צו וואנדערן אזוי, א פרייער מענש, אָהן זאָרגען, אָהן דעם מינד־סטען געדאַנק אפילו וועגען מאָרגען. מען געהט, וואוהין די אייגענע אויגען פיהרען, וואוהין די אייגענע פאַנטאַזיע שלעפּט. מען שטעלט זיך אָפּ, ווייל צו די אויערען האָט זיך דערטראָגען דאָס גע־מורמעל פון א טייכעל, ווייל דער גערוך פון געבראָטענע קארטאָפעל האָט זיך פון א ווירטהויז צו דער נאָז דערטראָגען, צו גאָר ווייל דער אונשולדיגער בליק פון מיידעלשע אויגען נעבען א ווירטהויז האָט דיך א לאַסטשע געטהאָן. לאַכט נור ניט פון די דאָרפישע מיידלאך. זיי האָבען אויך הערצער און געפיהלען, גראָבע באַקען און פרישע ליפּען און זייער הייסער קוש איז געשמאַק ווי א ווילדע פּרוכט. די ליעבע דריקט זיך אויס אומעדום אויף דעם אייגענעם אופן, וואו און פון וואנען זי זאָל ניט קומען: א הארץ, וואָס צאַפּעלט זיך, בעת מיר זיינען נאָהענט, אן אויג, וואָס וויינט, ווען מיר זיינען וויים. דאָס זיינען אַלץ אזוינע זעלטענע, זיסע, שעהנע מינוטען, פון וועל־כע מען דאַרף ניט לאַכען.

איך האָב די ליעבע געטראָפען אויף באַרג און טהאָל, אויף פעלד און וואלד, צווישען די ביימער און הינטער די פעלזען, היג־טער'ן שטאָל, וואו די קיה האָבען געשלאָפען, און אויף דר'ערד אין'ם שטרוי, וואָס איז נאָך ווארם געווען פון דער בייטאָגיגער היץ. איך דערמאָן זיך אָן גראָבער לייוועגד אויף אן עלאַסטיש־פעסטען קער־פער און אָן די הארציגע, פרישע און פרייע קושען, זיסער און צאַר־טער אין זייער אויפריכטיגער איינפאכקייט ווי די ליעבעס־צערט־ליכקייטען פון פאָרנעהמע, רייצענדע פרויען.

אָבער וואָס דו ליעבסט מעהר ביי דעם דאָזיגען ארומוואנדערן איז די לאַנדשאַפט, דער וואַלד, זונען־אונטערגאַנג, דעמערונג, לבנה־שיין. דאָס איז פאַר דעם מאהלער די האַכציימס־רייזע מיט דער נאַטור. מען איז אליין מיט איהר לאַנגע, רוהיגע שטונדען. מען ליעגט אויף אַ פעלד צווישען ווילדע בלומען און מען קוקט מיט אָפענע אויגען ביים העלען, ליכטיגען טאָג אויף דאָס קליין דערפעל פון ווייטען מיט זיין שפּיציגען קירכען־טורם.

מען זעצט זיך נעבען אַ קוואַל, וואָס שפּרודעלט אונטער אַן אייכען־בוים, אין מיטען צווישען צאַרטע, הויכע, גליצערענדיגע גראָזען. מען שטעלט זיך אוועק אויף די קניע, מען בויגט זיך איין און מען טרינקט דאָס דאָזיגע קאַלטע, דורכזיכטיגע וואַסער, וואָס פארנעצט די באָרד און די נאָז, מען טרינקט עס און מען קוויקט זיך, אזוי ווי מען וואָלט דאָס וואַסער געקושט. מאַנכעסמאָל, ווען מען טרעפט אָן אַ טיפערע קוואַל, שפרינגט מען אהין אריין נאַקעט און מען פיהלט אויף׳ן לייב, פון קאָפּ ביז די פיס, די קאַלטע און זיסע אומארמונג פון דעם לויפענדיגען וואַסער.

מען פרעהט זיך אויף די בערגלאַך, מען בענקט נעבען די טייכלעך און מען ווערט בעגייסטערט, ווען די זון זינקט ארונטער אין אַ בלוט־רויטען ים און ווארפט איהרע רויטע שטראַהלען אויף דאָס וואַסער. און פאַרנאַכט, ווען די לבנה איז אויף׳ן הימעל אויפ־געגאַנגען, טראַכט מען וועגען טויזענדערליי זאַכען, וואָס קומען קיינמאָל ניט אויף׳ן זינען בייטאָג.

אזוי בין איך איינמאָל אַ פאַרנאַכט, וואַנדערענדיג אין דער אייגענער געגענד, וואו מיר געפינען זיך איצט, אריינגעפאַלען אין דאָס קליין דערפעל בענאוויל, וואָס ליעגט צווישען יופּאָרט און עטרעטאַט.

מען האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ קליין הייזעל, וואו מען האָט רייזענדע אויפגענומען. עס איז געווען אַ מין ווירטהויז, וואָס אַ פויערטע האָט געהאַלטען. עס איז געשטאַנען צווישען צוויי רייהען בוימער.

איך בין צוגעגאַנגען צום הייזעל צווישען די הויכע בוימער און האָב געפרעגט אויף מוטער לעקאַשור.

אן אַלטע, צוקנויטשטע, ערנסטע פּויערטע איז ערשיענען, וועל־כע האָט דעם איינדרוק געמאכט, אַז זי נעהמט אויף געסט ניט גאַנץ גערן.

עס איז געווען אין׳ם מאָנאַט מאַי. די עפּעל־ביימער האָבען געבליהט און פון זיך געשאָטען אַ גאַנצען רעגען פון קליינע ראָזעווע בליטהען אויף די מענשען און אויף׳ן גראָז.

איך האָב זיך אָנגערופען:

— מאדאם לעקאשור, האָט איהר אַ צימער פאר מיר?

זי האָט זיך פערוואונדערט, וואָס איך האָב איהר נאָמען גע־וואוסט, און געענטפערט:

— איך וועל זעהן. אַלע צימערען זיינען פערנומען. דאָך וועל איך זעהן, איהר זאָלט אַ צימער האָבען.

אין אַ פינף מינוטען ארום זיינען מיר דורכגעקומען און באַלד איז געלעגען מיין רענצעל אויף אַ ליימענער פּאָדלאָגע פון אַ דאָר־פישען צימער, אין וועלכען עס איז געשטאַנען אַ בעט, צוויי שטוה־לען, אַ טיש און אַ וואַש־שיסעל. דאָס צימער איז געלעגען נעבען דער גרויסער רויכעריגער קיך, וואו די קוואַרטיראַנטען מיט דער בעל הבית׳טע, וועלכע איז אַן אַלמנה געווען, האָבען זייערע מאָהל־צייטען געגעסען.

איך האָב מיר אויסגעוואַשען די הענד, דערנאָך בין איך אַרויס־געגאַנגען אין די קיך. די אַלטע האָט דאָרט געבראָטען אַ הוהן פאַר מיטאָג.

— איהר האָט געסט? — האָב איך זיך אָנגערופען.

זי האָט געענטפערט מיט אַן אונצופריעדענער מינע, ווי איהר שטייגער איז געווען:

— איך האָב אַן עלטערע דאַמע, אַן ענגלענדערין, זי האָט דאָס צווייטע צימער.

איך האָב מיט איהר אָפּגעמאַכט, פאַר פינף סו מעהר אַ טאָג צו מעגען עסען מיינע מאָהלצייטען אין דרויסען, כל זמן דאָס וועט־טער וועט זיין שעהן.

מען האָט מיר געדעקט דעם טיש אין דרויסען פאַר דער טיר און איך האָב אָנגעהויבען צו גריזשען די מאָגערע ביינער פון דער

נאַרמאַנישער הוהן. דערצו האָב איך געטרונקען העלען עפּעל־וויין און געגעסען מיט אַפּעטיט גראָבען וויים־ברויט, וועלכע איז שוין פיער טעג אַלט געוועזן.

פלוצים האָט זיך די הילצערנע פּאָרטקע, וועלכע האָט געפיהרט פון דער גאַס אויף'ן הויף, געעפענט, און אַ מערקווירדיגע פערזאָן האָט זיך בעוויזען און איז געגאַנגען צום הויז.

עס איז געוועזן אַ פרוי, זעהר אַ הויכע און אַ מאָגערע, איינגעוויקעלט אין אַ סקאָטישען שאַל מיט רויטע ברעגעס. מעז האָט געקאָנט מיינען, אַז זי האָט ניט קיין הענד, ווען מען וואָלט ניט געזעהן אַ לאַנגע האַנד אויף די היפטען, וואָס האָט געהאַלטען אַ ווייסען טוריסטען־שירם. איהר פּנים פון אַ מומי איז געוועזן ארומגערינגעלט מיט גרויע לאָקען, וועלכע האָבען זיך געשאָקעלט ביי יעדען טראָט, וואָס זי האָט געמהאָן. זי האָט געמאַכט אויף מיר — איך ווייס ניט פאַרוואָס — אַן איינדרוק פון אַ זויערען הערינג, וועלכער האָט לאָקען געטראָגען. זי איז פערביינעגאַנגען שנעל מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגען און פערשוואונדען אין'ם הויז.

די דאָזיגע קוריעזע פערזאָן האָט מיך פעראינטערעסירט. דאָס איז אוודאי מיין שכנה, די אַלטע ענגלענדערין, וועלכע מיין בעל הבית'טע האָט דערמאָנט.

יענעם טאָג האָב איך זי מעהר ניט געזעהן. אויף מאָרגען, ווען איך האָב געמאָלט דעם רייצענדען טהאָל, וועלכער, איהר ווייסט, ציהט זיך ביז עטרעטאַט, האָב איך פלוצים בעמערקט אין דער הויך עפּעס אזוינס — ווי זאָל איך עס אָנרופען? — עפּעס ווי אַ שטאַנג מיט אַ פלאַג פון אויבען. זי איז עס געוועזן. ווען זי האָט מיך דערזעהן, איז זי פערשוואונדען.

מיטאַג־צייט בין איך געקומען אויף מיין קווארטיר און האָב זיך אומיסטענע געזעצט עסען ביי'ם טיש אין דער קיך, אום צו בעקאַנען זיך מיט דער דאָזיגער אָריגינעלער פערזאָן. זי האָט אָבער אויף מיינע העפליכקייטען זיך ניט אומגעקוקט און זיך געהאַלטען נעבען מיר גאַנץ גלייכגילטיג. פונדעסטוועגען האָב איך איהר גלאָז מיט וואַסער אָנגעפילט, צוגערוקט צו איהר די טעלער, געהאַלטען זיך נעבען איהר אזוי ליעבענסווירדיג, ווי ווייט איך האָב נור גע־

קאנט. זי האָט נור מיט'ן קאָפּ אַ מאַך געטהאָן צו מיר, אָדער האָט ארויסגערעדט אַן ענגליש וואָרט אזוי שטיל, דאָס איך האָב עס ניט פערשטאַנען.

איך האָב אויפגעהערט צו בעשעפטיגען זיך מיט איהר, דאָך האָב איך געטראַכט וועגען איהר.

אין'ם פערלויף פון דריי טעג האָב איך אזוי פיעל געויאוסט וועגען איהר, ווי מיין בעל הבית'טע אליין.

זי האָט געהייסען מיסס האריעט. איז געקומען אהער מיט זעקס מאָנאט צוריק, צו פערברענגען דעם זומער און האָט הפּנים געטראַכט, צו פערבלייבען דאָ אויף שטענדיג. ביים טיש האָט זי קיינמאָל ניט גערעדט, געגעסען שנעל און האָט דערביי כסדר גע־לעזען קליינע פּראָטעסטאַנטישע בראָשורען. די דאָזיגע ביכעלאַך האָט זי צוטהיילט אומעדום, אפילו דער פּריסטער האָט אויך בעקו־מען איינס. מאַנכעסמאָל האָט זי זיך אָנגערופען צו דער בעל הבית'טע פּלוצים, גלאַט אין דער וועלט אריין:

— איך ליעב גאָט מעהר פון אלעס. איך ליעב איהם און זיין גאנצע שעפּפונג און זיין גאנצע נאַטור. איך טראָג איהם אימער אין מיין הארצען.

און דערביי האָט זי דערלאַנגט דער צומישטער פּויערטע איינע פון איהרע בראָשורען, מיט וועלכע זי האָט געוואָלט די גאנצע וועלט בעקעהרען.

אין'ם דאָרף האָט מען זי ניט געקאָנט ליידען. דער לעהרער האָט איין מאָל ערקלעהרט, אַז זי איז אַן אַטעאיסטין, און פון יע־נער צייט אָן האָבען אלע זי אזוי גערופען. דער פּריסט, ביי וועל־כען מאדאם לעקאשור האָט אַן עצה געפרעגט, האָט זיך אויך אויס־געדריקט וועגען איהר:

— זי איז אַן אַטעאיסטין, אָבער גאָט וויל ניט דעם טויט פון דעם אַטעאיסט. אזוי אָבער, אין אנדערע זאכען, גלויב איך, איז זי אַ גאַנץ מאָראלישע פּערזאָן.

דאָס דאָזיגע וואָרט „אַטעאיסטין", דעם זינן פון וועלכען מען האָט אין'ם דאָרף ניט געוואוסט, האָט זיי אלעמען דאָרט צוטומעלט. מען האָט אויך גערעדט, אַז די ענגלענדערין איז געוועזען זעהר רייך

און האָט איהר גאַנץ לעבען לאַנג אַרומגערייזט, ווייל איהרע על־טערען האָבען זי אַרויסגעטריעבען. פאַרוואָס האָבען די עלטערען זי אַרויסגעטריבען? נאַטירליך, ווייל זי האָט ניט געגלויבט.

אין דער אמת׳ן איז זי געווען איינע פון יענע מענשען מיט פיקסע אידעען, איינע פון יענע פערזעסענע פוריטאַנערינס, וואָס מען קאָן טרעפען געווענליך אין ענגלאַנד, איינע פון יענע גוטע און אונ־ערטרעגליכע אַלטע מוידען, וואָס פערפלייצען די האָטעלען אין איי־ראָפּאַ, פער׳מיאוס׳ן איטאַליען, פערגיפטען די שווייץ און שלעפּען מיט זיך אומעטום דעם גערוך פון אינדיאַנעם לעדער. ווען איך טרעף אַמאָל אַזאַ פּערזאָן אין אַ האָטעל, טהו איך דאָס איינענע וואָס אַ פויגעל, בעת ער דערזעהט אַ „משוטשעלאָ" אויף׳ן פעלד. דאָך האָט די דאָזיגע פרוי מיר אויסגעוויזען אַזוי אָריגינעל, דאָס איך בין פון איהר ניט אַנטלאָפען.

מאַדאַם לעקאַשור, וועלכע האָט אינסטינקטיוו פיינד געהאַט אַלעמען, וואָס איז נור ניט געווען קיין פויער, האָט געהאַסט די דאָ־זיגע אַלטע מויד. זי האָט אַן אויסדרוק געפונען, אום זי צו בע־צייכנען, אַ בעליידיגענדען אויסדרוק, וועלכער איין גאָט וויים, ווי אַזוי ער איז געקומען צו איהר. זי האָט געזאָגט:

— אַ טייפעל!

די דאָזיגע פראַזע האָט זיך מיר אויסגעוויזען זעהר קאָמיש. זי אַ טייפעל, זי, די דאָזיגע פרומע, אַלטע מויד! דאָך האָב איך אַליין אָנגעהויבען זי צו רופען „טייפעל", און עס האָט מיר פער־שאַפט אַ בעזונדער פערגעניגען, בעת איך האָב דאָס דאָזיגע וואָרט אויסגערעדט הויך אויף׳ן קול.

איך פרעג אַמאָל מאַדאַם לעקאַשור:

— וואָס מאַכט עפּעס היינט אונזער טייפעל?

די פויערטע האָט געענטפערט מיט אַ בייזער מינע:

— וואָס זאָגט איהר? זי האָט אויפגעהויבען אַ קראַליק מיט אַ צובראָכען פיסעל און איהם אריינגעטראָגען צו זיך אין׳ם צימער, אַרומגעוואַשען איהם דאָס פיסעל און אַרומגעבונדען, אַזוי ווי אַ מענשען. איז עס ניט אַ סקאַנדאַל?

אַ צווייטען מאָל, בעת זי איז געגאַנגען שפּאַציערען אויף דעם

ברעג פון׳ם ים, האָט זי געקויפט אַ גרויסען לעבעדיגען פיש ביי אַ פישער, אום איהם אריינצוואוואַרפען צוריק אין ים. און דערפאר האָט דער פישער, באַטש זי האָט איהם גוט בעצאָהלט, זי געזידעלט און איז אויסער זיך געווען, אַקוראַט ווי זי וואָלט דעם פיש ביי איהם אוועקגע׳גנב׳עט. און פיעל וואָכען שפּעטער האָט ער נים געקענט וועגען דעם גלייכגילטיג ריידען און געזידעלט די ענגלענדערין.

יאָ, מיסס האריעט איז באמת געוועזן אַ טייפעל, מאדאם לעקאַ־שור איז געוועזן גערעכט!

דער שטאַל־קנעכט, וועלכען מען האָט גערופען סאַפּיאָר, ווייל ער האָט אין זיינע יונגע יאָהרען געדיענט אין אפריקא, האָט געהאַט אַנ׳אַנדער מיינונג וועגען מיסס האריעט. ער האָט געמיינט:

— די אַלטע פרומע שוועסטער, וועלכע האָט היינט אזוי אין׳ם זינען גאָט, האָט אין איהרע יונגע יאָהרען זיכער עמיצען אנדערש אין׳ם זינען געהאַט!

ווען מיסס האריעט וואָלט עס געהערט!

דאָס הויז־מיידעל סעלעסטע האָט זי נים גערן בעדיענט, הגם זי האָט אליין נים געוואוסט, פארוואָס. אפשר דערפאר, ווייל זי איז געווען אַ פרעמדע, פון אַנ׳אַנדער ראַסע, ווייל זי האָט אַנ׳אַנדער שפּראַך גערעדט און צו אַנ׳אַנדער רעליגיאָן געהערט.

מיסס האריעט האָט זיך טאַקי בענומען ווי נים אַ נאָרמאַלער מענש. דעם גאַנצען טאָג האָט זי ארומגעוואַנדערט, געזוכט גאָט אין דער נאַטור. איינמאָל פאַרנאַכט האָב איך זי געטראָפען צווי־שען די ביימער אין׳ם וואַלד, בעת זי איז אויף די קניע געשטאַנען און האָט געבעטען. דורך די בלעטער האָב איך עפּעס רויטעס דער־זעהן, האָב איך פונאַנדערגערוקט די צווייגען און זי דערזעהן. זי האָט מיך אַנגעקוקט צושראָקען.

מאַנכעסמאָל, ווען איך האָב אויף׳ן ברעג פון׳ם ים געאַרבייט, האָט זי זיך פּלוצים בעוויזען אויבען אויף׳ן באַרג ווי אַ טעלעגראַפען־סלופּ. און בעגייסטערט האָט זי דאָן געקוקט אויף דעם ווייטען, שטראַהלענדיגען ים און אויף דעם פּורפּור־רויטען הימעל.

גאַנץ אָפט האָב איך זי אויך געטראָפען אין אַ טהאָל און איך בין איהר נאָכגעגאַנגען, איך וויים נים ווארום, אפשר נור, אום

איהר בעגייסטערטען פנים צו זעהן, אויף וועלכען טיעפעס, אינער־ליכעס גליק האט געלייכטעט.

און אמאל האב איך זי געטראפען אויף א פעלד, בעת זי איז געזעסען אין'ם שאטען פון אן עפעל־בוים מיט איהר בראשורקע אויף די קניע און מיט די אויגען איינגעגעסען אין דער ווייטער ווייטקייט.

די צייט איז געלאפען. איך האב אפילו ניט געטראכט צו פערלאזען מוטער לעקאשור'ס הויז, אזוי איז מיר ליעב געווארען די דאזיגע ווייטע, שטילע לאנדשאפט. איך האב זיך מיר געפיהלט זעהר גוט אין דעם דאזיגען ווינקעלע, נאהענט נעבען דער נאטור, נעבען דער גוטער, הייליגער, שעהנער, גרינער ערד. און אביסעל בין איך דארט געבליבען — איך וויל ניט לייקענען — טאקי צוליעב מיסס האריעט אויך. איך האב זעהר שטארק געוואלט זיך בעקאנען מיט איהר נעהענטער, געוואלט וויסען, ווי זעהט עס אויס אין די נשמות פון אזעלכע אלטע ענגלענדערינס.

3.

צום סוף האבען מיר זיך נעהענטער בעקאנט אויף א גאנץ מערקווירדיגען שטייגער. איך האב נור־וואס פערענדיגט א בילד, וואס האט זיך מיר זעהר איינגעגעבען. פופצעהן יאהר שפעטער האב איך פאר דאס אייגענע בילד בעקומען צעהן טויזענד פראנק. עס האט פארגעשטעלט א ריעזיג־גרויסען פעלז, בעוואקסען מיט ברוינע, געלע, רויטע ים־גראז, איבער וועלכען די זונען־שטראהלען האבען געשטראמט, ווי אן אויל־שטראם. דאס ליכט איז געפאַ־לען אויף'ן פעלז פון הינטען און איהם רויט אנגעברענט. ווייטער גאר נישט. א פאדערגרונד פון ליכט בעשטראהלט.

לינקס האט זיך געזעהן דער ים. ניט דער בלויער ים, נור א גרינליכער, א מילך־ווייסער ים אונטער א דונקעלען הימעל.

איך בין געווען מיט מיין ארבייט אזוי צופריעדען, דאס איך בין שיעור פאר פרייד ניט אוועק טאנצען, בעת איך בין אהיים גע־קומען. איך האב געוואלט, אז די גאנצע וועלט זאל מיין ארבייט זעהן. און איך האב זיך דערמאנט, ווי אויף'ן וועג אהיים האב איך מיין בילד א קוה בעוויזען מיט די ווערטער:

— קוק אהער, דו אַלטע פּארשוין, נאָך איינס אזא בילד האָסטו ניט געזעהן און דו וועסט ניט זעהן.

באַלד ווי איך בין געקומען אהיים, האָב איך אַ רוף געטהאָן מוטער לעקאשור:

— נו, וואָס זאָגט איהר עפּעס אויף דעם? קוקט עס אָן!

מאדאם לעקאשור האָט אויסגעגלאָצט אויף דאָס בילד די אויגען. מען האָט געקאנט בעמערקען, אַז זי קען זיך ניט פונאַנדערקלייבען, וואָס אויף'ן בילד איז אויסגעמאָלט: אַן אָקס צו אַ הויז.

גראד דעמאָלט איז מיסס האַריעט אריינגעקומען און האָט דערזעהן, ווי איך האַלט מיין לייוואנד פאר מאדאם לעקאשור. דאָס בילד האָב איך געהאַלטען אַזוי דאָס די ענגלענדערין האָט עס געמוזט זעהן. זי איז געבליבען שטעהן, ווי צוגעשמיעדט צום אָרט, מיט אָן אָפען מויל. דאָס איז געווען איהר פעלז, אויף וועלכען זי האָט ארומגעקלעטערט און געטרוימט.

זי האָט ארויסגעלאָזט אַן ענגלישעס „אָה" אין אַזא שמייכעלהאַפטען טאָן, דאָס איך האָב זיך אומגעדרעהט צו איהר און געזאָגט:

— דאָס איז מיין לעצטע ארבייט, פריילין!

זי האָט געענטפערט מיט התפעלות, קאָמיש און ריהרענד אין איין צייט:

— אה, איהר פערשטעהט די נאַטור זעהר טיעף.

איך בין רויט געוואָרען און ווען דאָס וואָלט מיר געזאָגט אַ קעניגין, וואָלט איך זיך גליקליכער ניט געפיהלט. אויף עהרענוואָרט איך וואָלט זי דערפאר אַ קוש געטהאָן.

ביים טיש האָב איך זיך געזעצט נעבען איהר, ווי אימער, און צום ערשטען מאָל האָט זי צו מיר גערעדט. זי האָט געזאגט:

— אה, איך ליעב אזוי די נאַטור.

איך האָב איהר צוגערוקט דעם ברויט, דעם וויין און דאָס וואַסער און איצט האָט זי מיין העפליכקייט אָנגענומען פריינדליך און געשמייכעלט צו מיר ווי אַ מומיע. מיר האָבען זיך צורעדט וועגען דער נאַטור.

נאָך'ן עסען זיינען מיר ביידע ארויס פון'ם הויז און האָבען געשפּאצירט אויף'ן הויף. די זון איז אונטערגעגאנגען און דער ים

האָט, דאכט זיך, געברענט. מיר זיינען אוועק צום ים צו, געגאַנ־גען איינער נעבען אנדערן, ווי צוויי פריינד, וועלכע האָבען זיך גוט פערשטאַנען.

עס איז געווען א לינדער, ווארעמער אבענד, איינער פון יענע אבענדען, וואָס פילען אָן לייב און זעעלע מיט גליק. די ווארעמע לופט, אָנגעזאַפּט מיט דעם דופט פון גראָזען און פון בלומען, האָט זיך אזוי מחיה׳דיג געאָטהעמט. מיר זיינען געגאַנגען צום בארג, אונטער וועלכען דער ווייטער ים האָט גערוישט. זיינע קליינע כוואַ־ליעס האָבען זיך צום זאַמדיגען ברעג געשטויסען און צוריק גע־לאָפען. און מיר האָבען איינגעזויגט אין זיך מיט מויל און לונגען דעם פרישען, געזאַלצענעם ווינד־הויך, וואָס האָט זיך איבער׳ן ים געטראָגען און געשפּיעלט זיך מיט די כוואַליעס.

די ענגלענדערין איז געשטאַנען, איינגעוויקעלט אין איהר שאַל, און האָט צוגעקוקט ווי דער פייערדיגער באַלל פון דער זון האָט אין׳ם ים געזונקען. ווייט דאָרט אויף׳ן האָריזאָנט האָט זיך געזעהן א זעגעל־שיף אונטער דעם פורפורנעם הימעל. און נעהענטער צו אונז האָט זיך א דאַמפף־שיף געטראָגען, איבערלאָזענדיג הינטער זיך א לאַנגען, לאַנגען וואָלקען פון רויך.

דער פייערדיגער באַלל האָט געזונקען און געזונקען, האָט בע־ריהרט דאָס וואַסער הינטער׳ן זעגעל־שיף, וואָס איז געשטאַנען דאָרט, ווי אונבעוועגליך אויף׳ן האָריזאָנט אין א פייערדיגען ראַהם, און באַלד האָט מען געזעהן, ווי דער ים זויגט איהם איין, פער־שלינגט איהם, לעשט איהם אויס. דער פייערדיגער באַלל איז פאַר־שוואונדען. נור דאָס זעגעל־שיף האָט זיך נאָך געזעהן דאָרט ווייט אויף דעם גאָלדיגען האָריזאָנט.

מיסס האריעט איז געווען אויסער זיך פאַר ענטציקונג. זי וואָלט דעם הימעל, דעם ים און דעם גאַנצען האָריזאָנט ארומגענומען.

זי האָט געמורמעלט:

— אה, איך ליעב... איך ליעב... איך ליעב...

אין איהרע אויגען האָבען טרעהרען געבלישטשעט און זי האָט געזאָגט:

— איך וואָלט וועלען זיין אַ קליין פייגעלע, אום אין די הימ־לען צו פליהען.

און בעת דעם איז זי געשטאַנען אויף׳ן באַרג, רויט ווי דער זונען־אונטערגאַנג, אין איהר שאַל איינגעוויקעלט. איך האָב גע־קראָגען חשק, זי אין מיין סקיצען־בוך צו פעראייביגען אלס אַ קאַ־ריקאטור פון בעגייסטערונג.

איך האָב זיך געמוזט אָפּדרעהען פון איהר, אום זיך ניט צו צו־לאַכען אויף׳ן קול.

דערנאָך האָב איך גערעדט מיט איהר וועגען מאלעריי ווי איך וואָלט מיט מיינעם אַ קאָלעגע גערעדט, וועגען טענער, פארבען, ליכט און שאָטען. דערביי האָב איך געברויכט ספּעציעלע אויסדריקען, וואָס האָבען אַ שייכות געהאט מיט מיין פּראָפעסיאָן. זי האָט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט, געסטאַרעט מיך צו פערשטעהן, אין מיין געדאַנקען־וועלט אריינצודרינגען. יעדע ווייליע האָט זי געזאָגט:

— אַה, איך פערשטעה, איך פערשטעה, עס איז זעהר וואונ־דערפול.

מיר האָבען זיך צוריקגעקעהרט אהיים.

און אויף מאָרגען, ווען זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי מיר שוין דערלאַנגט די האַנד, ווי אַ גוטען פריינד.

זי איז געווען אַ וואוילע נשמה, וועלכע האָט זיך שנעל אָנגע־צונדען מיט התפּעלות. איהר האָט נור געפעהלט דאָס גלייכגע־וויכט, ווי געוועהנליך, די אַלטע מוידען.

זי איז פערזויערט געוואָרען אין איהר אונשולד, אָבער אין איהר הארצען האָט זי נאָך איינגעהאַלטען די יוגענד און די פעהיג־קייט צו בעגייסטערען זיך. זי האָט געליעבט די נאַטור און די חיות מיט ליידענשאַפטליכער ליעבע.

באַלד האָב איך אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז זי וויל מיר עפּעס זאָגען, האָט אָבער ניט דעם מוטה אויף דעם. אין דער פריה, ווען איך בין אוועק מיט מיין מאַל־געצייג אויף׳ן רוקען, האָט זי מיך בעגלייט שטום, צומישט, ביז די טויערען פון׳ם דאָרף און געזוכט ווערטער, אום אַ געשפּרעך צו פערפיהרען. דערנאָך האָט זי מיך פּלוצים פערלאָזען און איז אוועקגעלאָפען.

צום סוף האט זי זיך אמאָל אָנגענומען מוטה:

— איך וואָלט וועלען זעהן, ווי איהר מאָלט. וועט איהר מיר ערלויבען? איך בין זעהר נייגעריג.

און בעת דעם איז זי רויט געוואָרען.

איך האָב זי מיטגענומען אין דאָס טהאָל, וואו איך האָב אָנגעהויבען א גרויסע ארבייט.

זי איז געשטאַנען הינטער מיר און האָט נאָכגעפאָלגט מיט געשפאַנטער אויפמערקזאמקייט אלע מיינע בעוועגונגען.

דאן האָט זי זיך אָנגערופען צו מיר שטיל, אזוי ווי זי וואָלט מורא געהאט, זי זאָל מיר ניט שטערן: „דאנק אייך" און איז אוועק.

אָבער שפּעטער איז זי געוואָרען דרייסטער און האָט מיך יעדען טאָג בעגלייט צו מיין ארבייט מיט אָפּענער פרייד. זי האָט געשלעפּט אונטער'ן ארם איהר צונויפגעלעגטען שטול — אז איך זאָל איהם פאר איהר טראָגען האָב איך ביי איהר בשום אופן ניט געקענט פועל'ן — און אָנגעקומען אויף'ן פּלאַץ, האָט זי זיך געזעצט נעבען מיר. און שטונדען לאנג איז זי אזוי געזעסען שטום און אונבעוועגליך, די אויגען איינגעגעסען אין מיין פּענזעל. יעדער גוטער שטריך אויף'ן לייווענד האָט ביי איהר ארויסגערופען התפעלות און פרייד. זי האָט בעוואונדערט מיין מאָלעריי, כמעט עס פערגעטערט. מיינע בילדער פון דער נאַטור האָבען פאר איהר געהאט א בעזונדער בעדייטונג. זי האָט אין זיי געזעהן די שילדערונג פון א שטיק געטליכער שעפּפונג, די בעדייטונג פון הייליגע בילדער האָבען זיי פאר איהר געהאט, און מאנכעסמאָל האָט זי גערעדט צו מיר וועגען גאָט און געזוכט מיך צו בעקעהרען.

אה, איהר גאָט איז געווען א זאָנדערבארע בעשעפּעניש, א מין דאָרפישער פילאזאָף, אָהן בעזונדער גרויסען קאָנען און אָהן בעזונדער גרויסער מאכט. ווארום, ווי זי האָט איהם פארגעשטעלט, האָט ער זיך זעהר שטארק געערגערט וועגען די זינד, וואָס ווערען בעגאנגען אונטער זיינע אויגען, האָט אָבער ניט געקענט זיי פערהינדערן.

זי איז, קאנטיג, געווען א זעהר נאָהענטע מחותנת'טע צו איהם און האָט געוואוסט אלע זיינע סודות.

פון'ם טיעפסטען הארצען האָט זי בעקלאָגט מיין אונגלויבען, און יעדען אין דער־פריה האָב איך געפונען אין מיינע קעשענעס, אין מיין הוט, אין מיין פארב־קאַסטען, אין מיינע געפּוצטע שפּיוועל, וואָס די דיענסט האָט געשטעלט פאַר מיין טיר, די קליינע בראָשור־רען, וועלכע זי האָט זיכער בעקומען פון גן עדן צוגעשיקט.

איך האָב זי בעהאַנדעלט ווי אַ פריינדין מיט עהרליכער אָפּענ־הערציגקייט. אָבער באַלד האָב איך אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז איהר בענעהמען זיך האָט זיך ווי עפּעס געענדערט. צוערשט האָב איך ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם.

ווען און וואו איך האָב געאַרבייט, צו אין מיין מהאַל, צו ערגעץ אויף'ן פעלד, איז זי פּלוצים געקומען מיט איהר שנעלען גאַנג. זי האָט זיך געזעצט נעבען מיר און שווער געאָטהעמט, אַזוי ווי זי וואָלט געלאָפען, אָדער אַזוי ווי זי וואָלט פון עפּעס איבערגע־רעגט געוועזען. זי איז געוועזען זעהר רויט, אַזוי רויט, ווי נור ענג־לענדער קאָנען זיין. דערנאָך איז זי אָהן אַ פּאַרוואָס געוואָרען בלייך און באַלד שוואַרץ ווי די ערד און איך האָב אַ סך מאָל גע־מיינט, אַז אָט חלש'ט זי. ביסלעכווייז אָבער איז זי געקומען צו זיך, האָט אָנגענומען איהר געוועהנליכען אויסזעהן און אָנגעהויבען ווידער צו שמועסען. דערנאָך האָט זי מיט אַמאָל אונטערבראָכען דעם שמועס, אויפגעהויבען זיך און איז אַנטלאָפען גאָר אונגעריכ־טערהייט. איך האָב זי נאָכגעקוקט פערוואונדערט און ביי זיך געטראַכט: אפשר האָב איך זי בעליידיגט מיט אַ וואָרט, אפשר האָב איך אַזוינס געזאָגט, וואָס האָט זי געקרענקט. אָבער וואָס אַזוינס? איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט.

צום סוף איז ביי מיר געבליבען, אַז עס איז אַזאַ טבע ביי איהר, וועלכע זי האָט נור אין דער ערשטער צייט פון אונזער בע־קאַנטשאַפט מיר צוליעב ניט אַרויסגעוויזען.

ווען זי האָט זיך אַהיים צוריקגעקעהרט נאָך אַ שטונדען־לאַנגען שפּאַציער־גאַנג איבער'ן ווינדיגען ברעג פון'ם ים, זיינען איהרע לאַנגע האָאַר צושויבערט געוועזען און צוּוואָרפען. פריהער האָט זי זיך ניט געקימערט וועגען דעם און איז אַזוי געגאַנגען צום טיש. איצט אָבער איז זי גלייך געגאַנגען אין איהר צימער אַריין,

אום איהרע לאָקען ווידער אין אָרדנונג צו ברענגען. און ווען איך האָב איהר איינמאָל מיט אַ פריינדליכער מינע געזאָגט:

— מיסס האריעט, איהר זייט היינט זעהר שעהן, איהר שיינט היינט ווי די זון!

האָבען זיך איהרע באַקען אָנגעצונדען ווי ביי אַ פונפצעהן־יאָהריג מיידעלע.

און מיט אמאָל האָט זי אויפגעהערט צו קומען, אום צו זעהן ווי איך מאָל. איך האָב גערעכענט, אַז עס וועט אריבער אַ געוויסע צייט, וועט זי ווידער קומען. זי איז אָבער ניט געקומען מעהר. איצט, ווען איך האָב מיט איהר גערעדט, האָט זי געענטפערט אָדער מיט געצוואונגענער גלייכגילטיגקייט אָדער מיט דערשטיקטער אויפ־רעגונג, און מאנכעסמאָל איז זי געווען אונגעדולדיג און נערוועז. איצט האָב איך זי געזעהן נור ביי די מאָהלצייטען און מיר האָבען כמעט ניט גערעדט איינער מיט'ן אנדערן. איך האָב אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז איך האָב זי מיט עפּעס בעליידיגט.

און איינמאָל אין אַ שעהנעם פארנאַכט רוף איך זיך אָן צו איהר:

— זאָגט נור, מיסס האריעט, פארוואָס זייט איהר ניט אזוי פריינדליך צו מיר ווי פריהער? האָב איך עפּעס געטהאָן אזוינס, וואָס אייך געפעהלט ניט?

זי האָט געענטפערט מיט כעס:

— איך בין קיינמאָל בעסער ניט געווען צו אייך, ניט אמת!

און זי איז אנטלאָפען און האָט זיך פארשפארט אין איהר צימער.

מאנכעסמאָל האָט זי מיך אָנגעקוקט אזוי מאָדנע און זייט יענער צייט האָב איך מיר אָפט געטראַכט, דאָס אזוי קוקען מסתמא מענשען, וועלכע מען האָט צום טויט פער'משפט. אין איהרע אויגען איז משוגעת געלעגען און נאָך עפּעס, אַ פיעבער, אַ ברענענדי־גער וואונש נאָך עפּעס, וואָס איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין. און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אַ מורא'דיגער קאַמפף קומט פאָר אין איהר נשמה, אַז איהר הארץ ראַנגעלט זיך מיט אַן

אונבעקאנטער גרויסער קראפט, וועלכע עס וויל בייקומען, בע־
הערשען און אפשר... אפשר... וואס וויס איך, וואס וויס איך.

4.

דאס איז געווען א מערקווירדיגע ענטדעקונג.

זייט א געוויסער צייט האב איך געארבייט אויף א בילד. דער
אינהאלט פון וועלכען איז געווען אזוי: א טיעף־איינגעזונקענער
וועג, פון ביידע זייטען בושען מיט יאגאדעס אוןביימער. א גע־
דיכטער ווייסער נעבעל, ווי שטיקער וואטע, ליעגט אויף איהם.
דורך דעם דאזיגען נעבעל זעהט מען קומען צוויי מענשען, א בחור
און א מיידעל, ביידע ארומגענומען, זי דעם קאפ פערריסען צו איהם,
ער איינגעבויגט צו איהר. עס איז נור־וואס טאג געווארען. דורך
די צווייגען גנב'עט זיך אן ערשטער שטראהל פון דער זון, האט
דורכגעריסען דעם נעבעל און געווארפען זיין ראזעווען שיין הינטער
דעם דאזיגען פערליעבטען פאאר'ל אזוי, דאס זייערע שאטענס
טרעטען ארויס ווי אין א זילבערנער הייליגקייט. דאס בילד איז
געווען גוט, זעהר גוט.

איך האב געארבייט אויף'ן וועג, וואס האט געפיהרט צום
קליינעם טהאל פון עטרעטאט. און צופעליג האב איך אין דעם
דאזיגען אין דער־פריה גליק געהאט, צו געפינען דארט דעם נעבעל,
וואס איך האב געדארפט פאר מיין בילד.

פלוצים האב איך דערזעהן פאר זיך עפעס, וואס האט אויסגע־
קוקט ווי א געשפענסט. עס איז געווען מיסם האריעט. אז זי האט
מיך דערזעהן, האט זי געוואלט אנטלויפען. איך האב אבער זי גע־
רופען:

— קומט אהער, קומט אהער, איך האב א קליין בילד פאר אייך.

ניט ווילענדיג איז זי צוגעגאנגען צו מיר. איך האב איהר
געוויזען מיין בילד. זי האט גאר נישט געזאגט, האט נור גע־
קוקט אויף דעם לאנג און אונבעוועגליך און מיט אמאל האט זי זיך
צואוויינט. זי האט געוויינט קאנוואולסיוו, נערוועז, ווי איינע, וואס
האט א לאנגע צייט געגען די טרערען געקעמפפט און זיי דאך ניט
געקענט צוריקהאלטען.

איך בין אויפגעשפרונגען. איהרע טרערען האָבען מיך גע־ריהרט, ווארים איך האָב ניט געוואוסט פארוואָס זי וויינט, און איך האָב אָנגענומען איהר האנד און אָנגעהויבען זי צו טרייסטען, ווי דאָס טהוט נור אַ פראַנצויז, וועלכער האַנדעלט שנעלער, ווי ער דענקט.

איינינע מינוטען האָט זי געלאָזט איהר האנד ליגען אין מיי־נער. איך האָב געפיהלט, ווי זי ציטערט, אַקוראַט ווי אַלע איהרע נערוועז וואָלטען זיך געריסען. דערנאָך האָט זי אַוועקגענומען איהר האנד, אָדער, ריכטיגער, ארויסגעריסען.

איך האָב זיך אָנגעשטויסען, וואָס אין איהר קומט פאָר. אָה, די ציטערענדיגע ליעבע פון אַ פרוי, מאָג זי זיין פונפצעהן אָדער פופציג יאָהר אַלט, פון הויכען שטאַנד אָדער פון ניעדעריגען, זי קאָן איך, זי פערשטעה איך באלד אָהן ווערטער, ווארים זי רעדט צו מיין הארצען.

איהר גאנצער מאָגערער קערפּער האָט געציטערט און זיך גע־טרייסעלט און זי האָט אַלע איהרע כוחות אָנגעווענדעט, אום ניט פאַלען אין חלשות. איך האָב עס קלאָהר געזעהן. זי איז אוועק און מיך איבערגעלאָזט צומישט און פערצווייפעלט, אזוי ווי איך וואָלט אַ פערברעכען בעגאנגען.

צום פריהשטיק בין איך ניט געגאנגען אַהיים. איך האָב גע־שפּאַצירט איבער׳ן פעלד און מיר האָט זיך געגלוסט וויינען און לאַכען. די דאָזיגע געשיכטע האָט זיך מיר אויסגעוויזען אזוי קאָ־מיש און אזוי מורא׳דיג טרויעריג.

איך האָב זיך געפרעגט, וואָס איך זאָל טהאָן, ווי אזוי זאָל איך האַנדלען.

איך האָב זיך מיישב געווען, אַז די גלייכסטע זאַך וועט זיין, איך זאָל באלד אוועקפאָהרען און עס איז ביי מיר געבליבען, איך זאָל עס טאקי גלייך טהאָן.

ביז צום מיטאָג־עסען האָט איך אזוי ארומגעשפאַצירט האַלב טרויעריג, האַלב פערטראַכט, און דערנאָך בין איך געקומען אַהיים. מיסס האריעט איז אויך געקומען, האָט געגעסען גאנץ ערנסט, ניט

גערעדט מיט קיינעם און אויף קיינעם ניט אַ קוק געטהאָן. אזוי איז זי געווען ווי אלע מאָל.

נאָך׳ן עסען האָב איך זיך אָנגערופען צו דער בעל הבית׳טע:

— נו, מאדאם לעקאשור, היינט פערלאָז איך אייך.

די גוטע פרוי האָט עס ניט ערוואַרטעט און זי האָט געזאָגט מיט אַ טרויעריגער מינע:

— וואָס רעדט איהר, מיין ליעבער הערר, איהר ווילט אונז פערלאָזען? מיר האָבען זיך דאָך שוין אזוי צוגעוואהנט צו אייך!

איך האָב פון דער זייט אַ קוק געטהאָן אויף מיסס האריעט, איהר פנים איז געבליבען רוהיג. אָבער סעלעסטע, דאָס הויז־מיידעל, האָט מיך אָנגעקוקט. עס איז געווען אַ הויכע, געוויקסיגע מויד, אַ יאָהר אכצעהן, מיט פרישע, רויטע באַקען, געזונד ווי אַ פערד און — אַ זעלטענהייט ביי די פויערים — זעהר ריינליך.

זי האָב איך פאַר דער גאַנצער צייט עטליכע מאָל געקושט, בעת איך האָב זי געטראָפען ערגעץ אין אַ ווינקעלע, אָבער ניט מעהר.

איך בין ארויס אין דרויסען, געזעצט זיך אונטער אַן עפּעל־בוים און פעררויכערט מיין פּיפּקע.

אלסדינג, וועגען וואָס איך האָב דעם גאַנצען טאָג געטראַכט, די מערקווירדיגע ענטדעקונג פון אין דער פריה, די דאָזיגע ליעבער־ליכע ליעבע צו מיר, אלערליי געפיהלען נאָך דער דאָזיגער ענט־דעקונג, אפשר אויך דער בליק פון דער יונגער מיידעל, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל אַוועק, — דאָס אלסדינג האָט מיך אויפ־געשטורמט און מיך געשטופּט, עפּעס אַ נאַרישקייט צו בעגעהן.

די נאַכט איז צוגעפאַלען. אונטער די ביימער איז געוואָרען דונ־קעל און איך האָב געזעהן, ווי סעלעסטע איז איבער׳ן הויף געגאַנ־גען, אום די היהנער־שטאַל צו פערשליסען. איך בין איהר נאָכגע־גאַנגען אזוי שטיל, דאָס זי האָט מיינע טריט ניט געהערט, און ווען זי האָט זיך אויפגעהויבען, צושליסענדיג די טיר פון דעם היה־נער־שטאַל, האָב איך זי אַ כאַפּ געטהאָן אין מיינע ארעמס אריין און זי בעדעקט מיט קושען. זי האָט זיך געוועהרט, אָבער האָט געלאַכט. זי איז געוועהנט געווען צו דעם.

ווארום האָב איך זי פּלוצים איינגעלאָזט? ווארום האָב איך

זיך געמוזט אומדרעהען? ווארום האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז עמיצער שטעהט הינטער מיר?

עס איז געווען מיסס האריעט, וועלכע, קומענדיג אהיים, האט אונז בעמערקט און איז שטעהן געבליבען, אזוי ווי זי וואלט דער־זעהן א געשפענסט. דערנאך איז זי פערשוואונדען אין דער דונ־קעלהייט.

איך בין אריין אין הויז פערשעהמט און צומישט.

מיר איז זעהר אונאנגענעהם געווען, וואס זי האט געזעהן, ווי איך האב סעלעסטע׳ן געקושט.

ווען זי וואלט מיך געטראפען ביי עפעס אנדערש, זאגאר ביי עפעס א פערברעכען, וואלט איך זיך ניט געפיהלט אזוי אונאנגע־נעהם.

די נאכט האב איך געשלאפען זעהר שלעכט, בין געווען זעהר נערוועז און טרויעריגע געדאנקען האבען מיך געמוטשעט. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אזוי ווי איך וואלט א געווייזן געהערט. אבער דאס האט זיך מיר נור אויסגעוויזען. דערנאך האט זיך מיר עט־ליכע מאל אויסגעדאכט, ווי אימיצער וואלט איבער׳ן שטוב גע־גאנגען און די טיר געעפענט.

פארטאג בין איך איינגעשלאפען. איך האב זיך אויפגעכאפט שפעט און בין ארויס ערשט צום מיטאג עסען. מיר איז נאך אלץ געווען אונאנגענעהם און איך האב ניט געוואוסט, ווי אזוי איך זאל זיך בענעהמען, ווען איך וועל די ענגלענדעריין דערזעהן.

מיסס האריעט איז ביים טיש ניט געווען. מען האט געווארט אויף איהר. זי איז ניט געקומען. מאדאם לעקאשור איז אוועק, זעהן אויב זי איז ביי זיך אין׳ם צימער, דארט איז זי אויך ניט געווען. זי איז הפנים גאנץ פריה אוועק, ווי זי פלעגט עס אפט טהאן, אום צו זעהן דעם זונען־אויפגאנג. מעהר האט מען אויף איהר ניט געווארט און מען האט זיך געזעצט עסען.

עס איז געווען היים, זעהר היים און שטיקענד. מען האט אוועקגעשטעלט דעם טיש אויף׳ן הויף אונטער אן עפעל־בוים. דער סאפיאר האט נאכאנאנד אנגעפילט דעם קרוג מיט עפעל־וויין און דערלאנגט צום טיש. אזוי פיעל האט מען געטרונקען. סעלעסטע

האט ארויסגעטראָגען די געקעכץ פון דער קיך. דערנאָך האט זי דערלאַנגט צום טיש אַ טעלער מיט קאַרשען, די ערשטע אין דעם סיזאָן.

איך האָב געוואָלט די קאַרשען אויסוואַשען און אַ בעט געטהאָן דאָס מיידעל, זי זאָל ברענגען אַ קרוג קאַלטען וואַסער.

אין אַ פינף מינוטען ארום האט זי זיך צוריקגעקעהרט און ערקלערט, אז דער ברונים האט אויסגעטריקענט. זי האָט עטליכע מאָל ארונטערגעלאָזט דעם עמער אין'ם ברונים ביז'ן דעק. יעדעס מאָל איהם צוריק ארויסגענומען אַ לעדיגען. מוטער לעקאַשור איז אליין אוועק, צו זעהן, וואָס דאָרט איז מיט'ן ברונים, און באלד האט זי זיך צוריקגעקעהרט און געזאגט, אז מען זעהט עפּעס אין איהר ברונים, עפּעס וואָס לאָזט ניט דעם עמער אָנצונעהמען וואַסער. מסתמא האָט אַ שלעכטער שכן אריינגעוואָרפען אַהין אַ בינטעל שטרוי.

איך האָב אויך געוואָלט זעהן, וואָס דאָרט איז אזוינס און בין אוועק צום ברונים. איך האָב זיך איינגעבויגען און אריינגעקוקט. איך האָב ניט דייטליך דערזעהן עפּעס ווייסעס, אָבער וואָס? דאָ איז מיר איינגעפאלען, אַ לאַמטערנע אויף אַ שטריק ארונטער־צולאָזען. דער געלער שיין פון'ם ליכט האט געטאַנצט אויף די שטיינערנע וואַנד פון'ם ברונים און ארונטערגעלאָזט זיך אַלץ ניעדעריגער און ניעדעריגער. מיר אַלע זאלבע־פערט האָבען זיך איינגעבויגען און געקוקט אין די טיעפעניש אריין. די לאַנטערנע האָט זיך אָנגעקלאַפּט און שטעהן געבליבען אויף אַן אונבעשטימטער ווייסער און שווארצער מאַססע. דער סאַפּיאַר האָט אויסגעשריען:

— דאָס איז אַ פערד, איך זעה פּאָדקאָוועס. ער האָט געמוזט אנטלויפען ביינאַכט פון'ם פעלד און איז אין ברונים אריינגעפאלען.

אָבער פּלוצים איז אַ שוידער מיר איבער'ן לייב אריבער. איך האָב דערזעהן אַ פוס, אַ פוס פון אַ מענשען ארויסגעשטעקט. דער גאנצער קערפּער און דער אנדערער פוס איז אונטער'ן וואַסער געלעגען. איך האָב שטיל ארויסגעשטאמעלט, ציטערנדיג אזוי, דאָס די לאַנטערנע איבער'ן פוס אונטען האָט ארומגעטאַנצט אַהין און אַהער:

— דאָס איז אַ פרוי... דאָס איז מיסם האריעט...

דער סאפּיאָר האָט זיך ניט אַ ריהר געטהאָן. אין אַפריקא האָט ער נאָך שרעקליכערע זאכען געזעהן. אָבער מוטער לעקאַשור און סעלעסטע האָבען אָנגעהויבען מורא'דיג צו שרייען און זיינען אנטלאָפען.

מיר האָבען געמוזט די טויטע ארויסשלעפּען. איך האָב ארונטערגעלאָזט דעם סאפּיאָר אויף אַ שטריק, וואָס איז פעסט ארומגעבונדען געוועזן ארום זיין לייב, און נאָכגעקוקט, ווי ער פערשווינדט דאָרט אין דעם טיעפען, דונקעלען ברונים. אין איין האנד האָט ער געהאַלטען אַ לאַנטערנע און אין דער צווייטער — אַ שטריק.

באַלד האָט זיך דערהערט זיין קול ווי פון אונטער דער ערד:

— האַ—אַ!

און איך האָב געזעהן, ווי ער שלעפּט דאָרט עפּעס אונטען פון'ם וואסער. עס איז געווען דער צווייטער פוס. דערנאָך האָט ער צו־נויפגעבונדען ביידע פיס און אַ געשריי געטהאָן:

— שלעפּט!

איך האָב איהם גענומען שלעפּען ארויף, אָבער מיינע ארמס זיינען געווען ווי צובראָכען, מיינע מוסקלען שלאַף און איך האָב כמעט מורא געהאט, די שטריק זאָל זיך ניט ארויסרייסען פון מיינע הענד. קוים־קוים איהם ארויפגעשלעפּט.

דערנאָך האָבען מיר ביידע זיך אַ נעהם געטהאָן צו דער צווייטער שטריק, וואָס האָט געזאָלט ארויסשלעפּען די טויטע.

מוטער לעקאשור און סעלעסטע האָבען זיך צוגעקוקט פון ווייטען, שטעהענדיג נעבען הויז. ווען עס האָבען זיך בעוויזען אויפ'ן ראַנד פון ברונים די שווארצע שיך און די ווייסע זאָקען פון דער דערטרונקענער, זיינען זיי אנטלאָפען.

דער סאפּיאָר האָט אַ כאַפּ געטהאָן די קניע פון דער טויטער און אזוי האָט מען ארויסגעשלעפּט דאָס ארימע, צניעות'דיגע, אַלטע מיידעל.

דער קאָפּ איז געווען מורא'דיג, שווארץ און צוקאַליעטשעט, די לאַנגע, גרויע האָאר צופלאָנטערט און בעדעקט מיט נאסען שלאַם.

דער סאפּיאָר האָט זיך אָנגערופען מיט אַ בעליידיגענדען טאָן:

— מאַגער, ווי אַ שפּאַן!

מיר האָבען זי אריינגעטראגען אין איהר צימער און אזוי ווי די פרויען זיינען ניט געקומען, האָב איך מיט'ן סאַפּיאַר זי איבער־געטהאָן.

איך האָב אָבגעוואשען איהר שרעקליך צוקאַליעטשעט פּנים. אונטער דעם דרוק פון מיין פינגער האָט זיך ביי איהר געעפענט אן אויג און מיך אָנגעקוקט מיט יענעם גלעזערנעם, קאַלטען, מורא'־דיגען בליק פון אַ טויטען, וואָס מאכט דעם איינדרוק, אזוי ווי ער וואָלט געקומען פון יענער וועלט.

איך האָב געבראכט אין אָרדנונג איהרע האאר, אזוי גוט ווי איך האָב געקאנט, און מיט מיינע אונגעניטע הענד האָב איך איהר אַ נייע פריזור געמאכט. דערנאָך האָב איך פון איהר ארונטערגע־שלעפּט די דורכגענעצטע קליידער, דערביי האָב איך זיך געפיהלט אביסעל פערשעהמט, אזוי ווי איך וואָלט זי בעליידיגט, בעת איך האָב דערזעהן איהר נאַקעטע ברוסט, איהרע שולטערן און איהרע לאַנגע, דארע ארמס, ווי שפּענער.

דערנאָך האָב איך געבראכט בלומען: ווילדען מאָהן, קאָרן־בלומען און פרישע שמעקענדיגע גראָז און בעפּוצט מיט דעם איהר געלעגער.

אזוי ווי איך בין געבליבען נעבען איהר אליין, איז אויף מיר געלעגען די פּפליכט, איהר לעצטען וואונש צו ערפילען. איך האָב געפונען ביי איהר אין קעשענע אַ בריעף, וואָס זי האָט געשריבען אין דעם לעצטען אויגענבליק. אין דעם דאָזיגען בריעף האָט זי גע־בעטען, מען זאָל זי בעגראָבען אין דעם דאָרף, וואו זי האָט די לעצ־טע צייט פון איהר לעבען פערבראכט. אַ מורא'דיגער געדאַנק האָט מיך גענומען מוטשען. צו האָט זי ניט פונמיינטוועגען דאָ געוואָלט בלייבען?

פארנאכט זיינען געקומען די אַלטע ווייבער פון'ם דאָרף, די טויטע אָנצוקוקען, אָבער איך האָב זיי ניט אריינגעלאָזען. איך האָב געוואָלט אליין בלייבען נעבען איהר און בין די גאַנצע נאַכט אין איהר צימער געזעסען.

ביים שיין פון די ליכט האָב איך בעטראכט דאָס דאָזיגע אונ־

גליקליכע מיידעל, וואָס איז אין אַ פרעמד לאַנד, ווייט פון איהר היים, אַזוי עלענד אומגעקומען. האָט זי ערגעץ געהאַט פריינד און קרובים? וואָס פאַר אַ יוגענד האָט זי געהאַט? וואָס האָט זי אין איהר לעבען דורכגעמאַכט? פון וואַנען איז זי געקומען אַליין און פאַרוואָס האָט זי ארומגעבלאָנדזשעט פערלאָרען, ווי אַ הונד, וואָס מען האָט פון דער היים פעריאָגט? וואָס פאַר אַ סוד פון שמערץ און פערצווייפלונג איז אין דעם דאָזיגען העסליכען קערפּער געוועזען פערשלאָסען, אין דעם דאָזיגען לייב, וואָס זי האָט איהר גאַנץ לע־בען לאַנג ארומגעטראָגען ווי אַ פלעק?

אה, וויפיעל אונגליקליכע בעשעפעניש‏ען עס זיינען דאָ! איך האָב געפיהלט אויף דער דאָזיגער אונגליקליכער קרעאַטור די איי־ביגע אונגערעכטיגקייט פון דער נאַטור לאַסטען.

זי איז מיט איהר לעבען שוין פאַרטיג געוועזען, מיט איהר לע־בען, וואָס האָט ניט געוואוסט פון דעם גליק, פון וועלכען אפילו די אונגליקליכסטע צווישען אונז ווייסען — אמאָל געליעבט צו ווערען! אַ ניט. ווארום האָט זי אַזוי אויסגעמיידט מענשען? וואַ־רום האָט זי זיך אַזוי בעהאַלטען? ווארום האָט זי אַזוי ליידענ־שאַפטליך געליעבט אַלע טויטע זאַכען און די לעבעדיגע בעשעפע־נישען נור דאָן, ווען זיי זיינען ניט געוועזען מענשען?

איך האָב אויך פערשטאַנען, אַז זי האָט דערפאַר אַזוי גע־גלויבט אין אַ גאָט, ווייל זי האָט געהאָפט, אַז ער וועט זי בעלוינען ערגעץ אַנדערש פאַר איהרע יסורים אויף דער וועלט. איצט וועט זי אין ערד פערוואַנדעלט ווערען און אַ פלאַנץ וועט פון איהר דער־נאָך אויסוואַקסען. זי וועט בליהען אין דער זוהן און קיה וועלען זי אָפּרייסען און אויפעסען און זי וועט פערוואַנדעלט ווערען אין דאָס פלייש פון אַ קוה, און שפּעטער ווידער צו פערוואַנדעלט ווע־רען אין מענשען־פלייש. אָבער דאָס, וואָס מען רופט נשמה, האָט אויסגעהויכט אונטען אין דעם שוואַרצען ברונים. זי האָט ניט גע־ליטען מעהר. זי האָט איהר לעבען פערביטען פאַר די אַנדערע לע־בענס, וואָס וועלען פון איהר ארויסקומען.

די נאַכט האָט זיך געצויגען. דערנאָך האָט אַ בלייכער שיין אָנגעזאָגט, אַז עס ווערט טאָג. און דערנאָך איז אַ רויטער שטראַהל

געפאַלען אויף דאָס בעט פון דער טוימער, אויף דעם בעט־געצייג און אויף די טויטע הענד. דאָס איז געווען די שטונדע, וואָס זי האָט אזוי ליעב געהאט. די פייגלאך האָבען זיך אויפגעכאַפּט און געזונגען אויף די ביימער.

איך האָב געעפענט דאָס פענסטער און אַ רוק געטהאָן דעם פאָרהאַנג אויף אַ זייט, איך האָב געוואָלט, דער גאנצער הימעל זאָל אונז זעהן. דערנאָך האָב איך זיך צוגעבויגט צו דער טויטער, אריינגענומען דעם צוקאָליעטשעטען קאָפּ אין מיינע הענד און צו־געפרעסט מיינע ליפּען, אָהן שרעק און אָהן עקל, צו איהרע, וועלכע האָבען ביים לעבען קיינמאָל פון קיין קוש ניט געוואוסט...

* * *

לעאָן שענאַל איז אנטשוויגען געוואָרען. די דאַמען האָבען געוויינט. עס האָט זיך געהערט ווי דער גראַף ד'עטריל אויף דער קעלניע סאָפּעט מיט דער נאָז. דער קוטשער נור האָט געשלאָפען. און די פערד, וועלכע האָבען מעהר ניט געפיהלט די בייטש, האָבען גענומען געהן לאנגזאמער. דער וואָגען האָט זיך קוים גערירט פון'ם פלעק און עס האָט זיך גערדאכט, אז ער איז פלוצים שווער געוואָרען, אזוי ווי אָנגעלאָדען געוואָרען שווער מיט טרויעריגקייט.



# דער אַלטער אמאַבל.



ער גרויער, פּייכטער הימעל איז ווי אַ שווערע משא איבער די ברייטע טרויעריגע פעלדער געלעגען. דער גערוך פון יעסען, דער גערוך פון דער נאַקעטער ערד, פון פאַרוועלקטע בלעטער, פון טויטע גראָז האָט די שטילע פאַרנאַכטיגע לופט געמאַכט געדיכט און שווער. די פויערים האָבען נאָך געאַרבייט דאָ און דאָרט אויף די פעלדער, וואַרטענדיג אויף דאָס קלינגען פון גלאָק, מיט וועלכען זייערע גוטסבעזיצער האָבען זיי צום סאַפּער גערופען.

ביי אַ זייט אויף'ן וועג איז אַ גאַנץ קליין קינד געזעסען אויף אַ בינטעל קליידער. עס האָט צושפּרייט די פּיסלאַך און זיך גע־שפּיעלט מיט אַ קאַרטאָפּעל, וועלכעס עס האָט אַלע ווײַלע צו זיך אין שויס געוואָרפען. פינף אַנדערע פרויען זיינען געשטאַנען איינ־געבויגען אויף אַ דערבייאיגען פעלד און געפּלאַנצט ריפּען. מיט רעגעלמעסיגע, לאַנגזאַמע בעוועגונגען זיינען זיי געגאַנגען איבער די גריבער, וואָס דער אַקער־אייזען האָט נור־וואָס אויסגעגראָבען, און איינעבויערט אַ שפּיציגען פּלאָקען אין דער ערד, דערנאָך האָבען זיי אין דער לאָך אַריינגעשטעקט די שוין־עטוואָס פאַרוועלקטע פלאַנצונג, האָבען צוגעדעקט איהרע וואָרצלען און זיינען אוועק אַ שטיק ווייטער.

אַ מאַן איז פאַרביינגעגאַנגען מיט אַ בייטש אין האַנד אין הילצערנע שיך אויף די פיס. ער האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען קינד, האָט עס אויפגעהויבען און אַ קוש געטהאָן. דאַן האָט זיך איינע פון די פרויען אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו איהם. דאָס איז געווען אַ הויכע מיידעל מיט רויטע באַקען, ברייטע פּליי־צעס, אַ געזונדע, שטאַרקע, נאָרמאַנישע מויד מיט געל־בלאָנדע האָאָר און אַ ליכטיג פּנים.

זי האָט געזאָגט גאַנץ געלאַסען:

— נו, צעזאַר, וואָס הערט זיך?

דער מאַן, אַ הויכער מאָגערער יונג מיט אַ טרויעריג פּנים, האָט ארויסגעברומט:

— אָט, גאָרנישט, ס'איז פּונקט ווי פריהער.

— ער וויל נים?

— ער וויל נים.

— איז וואָס דענקסטו איצט צו טהאָן?

— דאָס וויים איך נאָך נים.

— געה אריבער צום גלח.

— פון מיינטוועגען קען איך געהן.

— אָבער געה גלייך אהין.

— נו יא, גוט.

און זיי האָבען אַ קוק געטהאָן איינער אויף'ן צווייטען. ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען דאָס קינד אויף די הענד; ער האָט עס ווידער אַ קוש געטהאָן און צוריק אוועקגעזעצט אויף דעם בינטעל קליידער.

פון ווייטען ביים האָריזאָנט האָט מען צווישען צוויי פּויערשע הויפען דערזעהן ווי עס בעוועגט זיך אַ סאָכע, וועלכע אַ פערד' האָט געשלעפּט, און אַ מאַן האָט געשטופּט פון הינטען. גאַנץ לאַנגזאַם האָט זיך באַוועגט דאָס פערד, דאַן די סאָכע און דאַן דער מאַן אונטער דעם פאַרביגען, פאַרנאַכטיגען הימעל.

דאָס מיידעל האָט געפרעגט:

— וואָס האָט דען דער פאָטער געזאָגט?

— ער מיינט, אַז עס קען נים זיין.

— אָבער וואָס האָט ער דען אויסצוזעצען קעגען מיר?

דער יונג האָט אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף דאָס קינד, וועלכעס ער האָט נור וואָס ארונטערגעלאָזט אויף דער ערד, און מיט דעם בליק אויף דעם מאַן, וועלכער האָט דאָרט געאַרבייט מיט דער סאָכע, האָט ער געזאָגט:

— אָט, וואָס דיין קינד איז פון יענעם דאָרט.

דאָס מיידעל האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און גע־זאָגט מיט כעס:

— אַך, צום טייפעל, דאָס ווייס דאָך יעדער איינער, אַז דאָס קינד איז פון וויקטאָר'ן. אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס? אמת, איך בין בעגאַנגען אַ נאַרישקייט. איך בין דאָך אָבער ניט די איינ־ציגע. מיין מוטער איז אויך בעגאַנגען אַ נאַרישקייט איידער זי האָט מיך געבוירען, און דיינע אויך איידער זי האָט דיין פאָטער געהייראַט. עס איז נישטאָ קיין איין איינציגע מיידעל אין גאַנצען לאַנד, וואָס זאָל דאָס ניט האָבען געטהאָן. איך האָב די נאַרישקייט בעגאַנגען מיט וויקטאָר'ן, ווייל ער איז מיך בעפאַלען אין שייער, ווען איך בין געשלאָפען... דאָס איז דער ריינער אמת. און דערנאָך איז עס שוין אַזוי אַוועק ווייטער, ווען איך בין ניט גע־שלאָפען אויך. איך וואָלט מיט איהם זיכער חתונה געהאַט, ווען ער וואָלט ניט געווען קיין קנעכט. בין איך דען דערפאַר שלעכטער, ערגער ווי אַנדערע?

דער מאַן האָט געענטפערט איינפאַך:

— איך וויל דיך דאָך אַזוי ווי דו ביזט, מיר געפעהלסטו מיט אָדער אָהן דעם קינד. עס איז דאָך נור דער אַלטער, וועלכער וויל נישט. מיר וועלען אָבער ניט קוקען אויף קיין זאַך.

זי האָט געזאָגט:

— געה אַקאָרשט אַריבער צום גלח.

— יאָ, איך געה גלייך.

און ער האָט זיך געלאָזט געהן אין וועג מיט אַ שווערען פוי־ערשען גאַנג, וועהרענד דאָס מיידעל האָט איינגעשפּאַרט די הענד אין די זייטען און איז אַוועק צוריק פלאַנצען ריפּען.

אין דער אמת'ן איז דער מאַן, וואָס איז איצט אַוועק פון דאַנען, געווען בערייט חתונה צו האָבען מיט דער מיידעל אַנטקעג־נען דעם ווילען פון זיין פאָטער, דעם אַלטען אמאבל האַלברעק. צעלעסטינע לעוועסק, וועמען דער אַלטער אמאבל האָט בשום אופן ניט געוואָלט האָבען פאַר זיין שנור, האָט געהאַט אַ קינד פון אַ פּראָסטען קנעכט, וועלכער האָט געדיענט אין דעם פויערשען הויף

פון איהרע עלטערען און וועלכער איז פאר דער דאזיגער געשיכטע פון דארט ארויסגעיאגט געווארען.

איינגענטליך זיינען צווישען די פויערים אין דארף נישטא קיין קלאסען, און איז דער קענכט שפארזאם און פערשאפט זיך אן אייגענעם הויף, ווערט ער גלייך דער זעלבינער יחסן ווי זיין פריהערדיגער בעל הבית.

צעזאר האלברעק איז געגאנגען זיין וועג מיט דעם בייטש אונטער'ן ארעם. ער איז געווען פארטהאן אין זיינע געדאנקען און האט געשליאפעט מיט זיינע שווערע הילצערנע שיך. געוויס וועט ער נעהמען צעלעסטינע'ן מיט איהר קינד, ווייל זי איז געווען גראדע אזא פרוי ווי ער האט געדארפט. ער האט ניט געקענט זאגען, ווארום, אבער ער האט געוואוסט, ער איז געווען איבערציינט, אז אזוי איז עס. ער האט נור געדארפט אויף איהר א קוק טהאן, און גלייך האט ער זיך געפיהלט עפעס אזוי מאדנע, אזוי גוט אויף'ן הארצען. עס האט איהם זאגאר פערשאפט פערגעניגען, צו קושען דאס קינד, וויקטאר'ס קינד, נור ווייל עס איז געקומען פון איהר.

און אהן האס אין הארצען האט ער פון ווייטען געקוקט אויף'ן מאן, וועלכער האט דארט מיט דער סאכע געארביים.

אבער דער אלטער אמאבל האט פון דער חתונה ניט געוואלט הערען און זעהן. מיט דער איינגעשפארטקיים פון א טויבען האט ער זיך געשטעלט אנטקעגען און בשום אופן ניט געוואלט נאכגעבען.

וויפיעל צעזאר האט איהם ניט אריינגעשריען אין דעם אויער, אויף וועלכען ער האט נאך עטוואס געהערט:

— מיר וועלען דיך גוט בעהאנדלען, פאפא. איך זאג דיר, זי איז א וואויל מיידעל, זי איז שפארזאם און פוילט זיך נישט צו ארבייטען, דו וועסט זעהן.

דער אלטער האט אלץ געענטפערט דאס זייניגע:

— אזוי לאנג ווי איך לעב וועט דערפון גארנישט ווערען.

און קיין זאך האט איהם נישט געקענט איבעררייידען, קיין זאך האט איהם ניט געקענט בויגען. ביי צעזאר'ן איז געבליבען נאך איין איינציגע האפנונג: דער אלטער אמאבל, פיהלענדיג, אז זיין טויט איז נאהענט, האט געציטערט פאר'ן גלח ווי פאר פייער. אזוי

האט ער ניט מורא געהאט ניט פאר גאט, ניט פאר'ן טייפעל, ניט פאר'ן גיהנום און ניט פאר די ברענעדיגע קאלך־אויוועגס פון וועלכע ער האט אייגענטליך קיין קלאהרע פארשטעלונג ניט געהאט; אבער ער האט מורא געהאט פאר'ן גלח, אין וועלכען ער האט געזעהן זיין באגרעבעניש, אזוי ווי מען ציטערט פאר'ן דאקטאר אויס מורא פאר קראנקהייטען. זיינט אכט טאג האט צעלעסטינע, וועלכע האט געקענט דעם אלטען'ס שוואכקייטען, געמוטשעט צעזאר'ן, ער זאל געהן צום פריסטער. אבער צעזאר איז אלץ געווען אונענטשלאסען, ווייל ער האט אליין אויך ניט איבעריג ליעב געהאט די לייטע אין די לאנגע שווארצע רעק.

אבער צום סוף האט ער זיך געמוזט ענטשליסען און ער איז אוועק צום גלח אהיים, טראכטענדיג ווי אזוי ער זאל די זאך אם בעסטען אויספיהרען.

דער אבבע ראפפין, א קליינער, בעוועגליכער, מאגערער, ניט ראזירטער פריסטער, האט געווארט אויפ'ן עסען. ער איז געזעסען אין קיך נעבען פייער און זיך געווארעמט די פיס.

ווי נור ער האט דערזעהן אריינקומען דעם פויער, האט ער געפרעגט, א קעהר טהוענדיג צו איהם נור דעם קאפ.

— נו, צעזאר, וואס הערט זיך נייעס?

— איך וואלט וועלען מיט אייך עפעס רעדען, הערר פריסטער.

דער מאן איז געבליבען שטעהן ניט דרייסט, מיט דעם היטעל אין איין האנד און דעם בייטש אין דער אנדערער.

— נו, נו, רייד.

צעזאר האט געווארפען א בליק אויף דער קעכין, אן אלטע פרוי, וועלכע האט אין א ווינקעל נעבען פענסטער פאר איהר בעל הבית דעם טיש געדעקט, און געשטאמעלט:

— איך... איך וויל אייך זאגען עטוואס וואס איז ווי מתודה זיין זיך...

דא האט ראפפין גוט אנגעקוקט דעם פויער. ער האט בעמערקט זיין פערלעגענהייט און באפעהלען דער דיענסט:

— מאריע, געה אקארשט אויף פינף מינוט אריין אין דיין צימער, איך האב עפעס צו רעדען מיט צעזאר'ן.

די קעבין האט געוואָרפען א בייזען בליק אויף דעם מאַן און איז אוועק, וואָרטשענדיג אונטער דער נאָז.

דער גלח האט געזאגט:

— נו, איצט קענסטו זיך מתודה זיין.

דער יונג איז נאָך אלץ געשטאַנען א צומישטער, א אונענט־שלאָסענער, האט געקוקט אויף זיינע הילצערנע שיך, געדרעהט דאָס היטעל אין האנד, דאַן האט ער זיך פלוצים אָנגענומען מוטה און ארויסגערעדט:

— די זאַך איז די, איך וואָלט וועלען חתונה האָבען מיט צע־לעסטינע לעוועסק.

— ליעבער פריינד, ווער לאָזט דיך דען נים?

— דער פאָטער וויל נים.

— דיין פאָטער?

— יא, מיין פאָטער.

— וואָס האט דען דיין פאָטער דאַגעגען?

— ער זאָגט זי האט שוין געהאט א קינד.

— מילא, זי איז נים די ערשטע, מיט וועמען דאָס האט גע־טראָפען, זייט אונזער באָבע חוה'ן.

— יא, אָבער דאָס קינד איז פון וויקטאר'ן, וויקטאָר לעקאָק דער קנעכט פון אַנטים לאָיזעל.

— אַך, אזוי. אלזאָ דיין פאָטער וויל נים?

— ניין, ער וויל נים.

— ער וויל טאקע אויף אַן אמת נים?

— ניין. ער איז שטענדיג איינגעשפּארט ווי אַן עזעל.

— וואָס האָסטו איהם געזאגט, אום ער זאָל עס דיר ערלויי־בען?

— וואָס זאָל איך זאָגען? איך האָב געזאגט, אז זי איז א וואויל מיידעל, שפּארזאם, פלייסיג.

— און דאָס העלפט נים? דו ווילסט אוודאי, אז איך זאָל איבעררעדען מיט איהם?

— יא, ריכטיג!

— אָבער וואָס א שטייגער קען איך דיין פאָטער זאָגען?

— זאָגט איהם, וואָס איהר זאָגט אין דער קירכע, וואָס עס ברענגט אריין אין געלד־בייטעל...

פאַר צעזאַר'ן איז דער גאַנצער זין פון דער רעליגיאָן בעשטאַנען אין דעם, אַז די גלחים זאָלען וואָס מעהר אויסליידיגען ביי די פּראָסטע מענשען אין די קעשענעס און דערמיט אָנפילען די הימעלשע שאַץ־קאַמערען. די זאַך איז איהם פאָרגעקומען ווי אַ גרויסער געשעפט, אין וועלכען די פּריסטער, כיטרע, פעהיגע חברה־לייט, זיינען די אַגענטען, וואָס ארבייטען אויף'ן חשבון פון פּראָסטע מענשען פאַר גאָט'ס געשעפט.

ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די פּריסטער זיינען אמאָל שטאַרק ניצליך, זיי טהוען פיעל אויף פאַר אַרעמע, קראַנקע אָדער גוסס'ע, אַז זיי קומען און טרייסטען און בערוהיגען און גיבען אַ גוטע עצה, אָבער דאָס אַלעס טהוען זיי צוליעב געשעפט, פאַר בלישטשענדיגען זילבער, פאַר בלאַנקענדען גאָלד. מיט געלד מוז בעצאָהלט ווערען פאַר תפילות, פאַן אַן עצה; מיט געלד קויפט מען זיך אויס פון ברענענדיגען קאַלך־אויוען און מען קויפט זיך איין אין גן עדן. עס ווענדעט זיך נור אָן דעם פאַרמעגען און דער פרייגיביגקייט פון דעם זינדער.

דער גלח ראַפּפין, וועלכער האָט געקענט זיינע לייט און איז קיין מאָל ניט געוואָרען אין כעס אויף זיי, האָט גענומען לאַכען.

— נו, אויב אזוי וועל איך דיין פאָטער אקאָרשט דערצעהלען עפּעס אַ קליינע מעשה, אָבער דו, מיין אינגעל, מוזט אָפט קומען צום גאָטעס־דיענסט.

צעזאַר האָט אויפגעהויבען די האַנד:

— זאָ וואהר איך לעב, אויב איהר טהוט עס, איך גיב אייך מיין וואָרט.

— גוט, גוט. ווען זאָל איך געהן צו דיין פאָטער?

— אזוי שנעל ווי מעגליך, גלייך, אויב איהר קענט.

— לאָמיר דאָס אָבלייגען אויף נאָך'ן עסען. אין אַ האַלב שעה ארום.

— גוט, אין אַ האַלב שעה ארום.

— אַלזאָ צום ווידערזעהן, מיין אינגעל.

— צום ווידערזעהן, הערר פריסטער. איך דאנק אייך שוין אין פאראויס.

— נישטא פארוואס.

און צעזאר האלברעק האט זיך אומגעקעהרט צוריק אהיים. א שווערע לאסט איז איהם פון די פלייצעס ארונטער.

זיי האבען געהאלטען א קליינעם פאכט, זעהר א קליינעם, דען ניט ער און ניט דער פאטער זיינען געוועזען רייך און האבען זיך קוים־קוים דורכגעשלאגען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס צעזאר איז געוועזען א גוטער לאנדווירט. זיי האבען געהאלטען בלויז איין דיענסט און א קליין מיידעל פון א יאהר פופצעהן, וועלכע האט זיי געקאכט זופ, האט געקארמעט די היהנער, געמאלקען די קיה און געשלאגען די פוטער. אבער זיי האבען ניט פערמאגט גענוג לאנד און ניט גענוג פיה, אום צו קענען קומען צו עפעס אויסער א טרוקען שטיקעל ברויט.

דער אלטער פאטער האט שוין מעהר נישט געארבייט. ער איז געוועזען א פאראומערטער מענש ווי אלע טויבע און אין דרייען געבויגען, אויף זיין שטעקען געשטיצט איז ער ארומגעגאנגען איבער'ן דארף און מיט בייזע בליקען געקוקט אי אויף די מענשען, אי אויף די חיות. מאנכעס מאל האט ער זיך געזעצט ביי'ם ראנד פון א גראבען און איז געבליבען זיצען שטונדען לאנג אהן שום בעוועגונג. ער האט געטראכט וועגען דעם, וואס האט איהם זיין לעבען לאנג בעשעפטיגט, וועגען דעם פרייז פון אויער און תבואה, וועגען זונשיין און רעגען, וואס שאדען דעם פויער אדער מאכען אלעם ביי איהם וואקסען. און זיינע אלטע גליעדער, וועלכע זיינען געפלאגט געווארען פון רעוומאטיזם, האבען איינגעזויגען אין זיך די פייכטקייט פון דער ערד, ווי זיי האבען זייט זיעבעציג יאהר געזויגען אין זיך די טוכליקייט פון דעם קליינעם פאררויכערטען שטיבעל, וואס איז צוגעדעקט געוועזען מיט פייכטען שטרוי.

ווען עס איז דונקעל געווארען האט ער זיך צוריק אהיים אומגעקעהרט און פארנומען זיין פלאץ אין קיך ביים ברעג פון טיש. און ווען מען האט אוועקגעשטעלט פאר איהם דעם ערדענעם טאפ זופ, האט ער איהם סיי זומער סיי ווינטער מיט אלע זיינע פינגער

ארומגענומען, אום די הענד אויף איהם צו ווארעמען און דערביי האט ער שטארק געהיטט, אז עס זאל חלילה ניט אין גיוועץ געהן א ביסעל ווארעמקייט פון דעם טהייערען פייער, אדער א טראפען זופ, וואו עס האט זיך געפונען שמאלץ און זאלץ, אדער א ברעקעל ברויט, וואס איז פון זייער תבואה געקומען.

דאן האט ער איבער א לייטער ארויפגעקלעטערט אויף'ן בוידעם וואו זיין שטרוי־זאק איז געלעגען. דער זוהן האט געשלאפען אונטען נעבען אויווען און די דיענסט איז אריינגעקראכען אין א לאך אין קעלער, וואו מען האט פריהער געהאלטען קארטאפעל.

צעזאר און זיין פאטער האבען כמעט קיינמאל ניט אויסגערעדט קיין ווארט. נור פון צייט צו צייט, ווען מען האט געדארפט פערקויפען די תבואה אדער קויפען א קאלב האט דער יונגער געפרעגט ביים אלטען א עצה. דאן האט ער מיט די הענד געמאכט א רעהר און איהם זיין מיינונג אין אויער אריינגעשריען. און דער אלטער אמאבל האט איינגעוויליגט אדער בעקעמפפט מיט א לאנגזאמען, פעסטען קול, וועלכער איז עפעס ווי פון בויך ארויסגעקומען.

און אזוי איז איינמאל אן אבענד צעזאר צו איהם צוגעקומען און ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען קויפען א קוה אדער א פערד, האט ער איהם מיט דער גאנצער קראפט פון זיינע לונגען אריינגעשריען אין אויער אריין, אז ער וויל הייראטען מיט צעלעסטינע'ן.

אבער דער פאטער איז געווארען אויסער זיך. פארוואס? ווייל דאס מיידעל איז ניט עהרליך געוועזן? ניין, געוויס ניט. די טוגענד פון א מיידעל האט אין דארף קיין שום ווערטה ניט. אבער זיין גייציגקייט, זיין משוגענע שפארזאמקייט האט איהם אויפגעקאכט דאס בלוט ביי דעם געדאנק, אז זיין זוהן וויל אויפהאדעווען א קינד, וואס איז ניט זיינס, א פרעמד קינד. אין דעם זעלבען אויגענבליק האט ער א טראכט געטהאן וועגען די טעפ זופ, וואס דאס קינד וועט מוזען קריגען איידער מען וועט קענען האבען פון איהם עפעס א נוץ אין הויף. ער האט אויסגערעכענט יעדעס פונט ברויט, יעדען ליטער קוואס, וואס עס וועט אויפעסען און אויסטרינקען, ביז צו זיין פיערצעהנטען יאהר, און א בייזער צארן איז איהם

בעפאלען, ווארום צעזאר פערשטעהט עס ניט און טראכט ניט פון דעם.

און מיט אן אונגעוועהנליך הויכער שטימע האט ער גע־ענטפערט:

— דו ביזט הפנים שיכור.

דערנאך האט איהם צעזאר גענומען איבערצייגען, האט אויס־גערעכענט אלע גוטע מעלות פון צעלעסטינען, אום צו בעווייזען, אז זי וועט הונדערט מאל אזוי פיעל איינברייננגען, וויפיעל דאס קינד וועט קאסטען. אבער דער אלטער האט געצווייפעלט אין די גליקען, וואס זיין זוהן האט פון איהר ערווארטעט. בעת אין דער עקזיסטענץ פון דעם קינד האט ער ניט געקענט צווייפלען. און אויף זיין יעדען בעוויז האט ער געענטפערט שטאל און אייזען:

— איך וויל נישט, איך וויל נישט. אזוי לאנג ווי איך לעב וועט דערפון גארנישט ארויסקומען.

דריי מאנאטען לאנג איז דער אלטער געבליבען ביי דאס זיי־ניגע. ווענינגסטענס איין מאל א וואך האט מען דערפון ווידער גערעדט מיט די זעלבע ווערטער, די זעלבע בעוועגונגען, די זעלבע גרינדע אבער אלץ אהן ערפאלג.

און איצט האט צעלעסטינע צעזאר'ן אן עצה געגעבען, צו רו־פען דעם גלח צו הילף.

ווען דער פויער איז אהיים געקומען, האט ער שוין געפונען דעם פאטער זיצענדיג ביים טיש, ווייל צוליעב דעם בעזוך ביים גלח האט ער זיך פארשפעטיגט.

זיצענדיג איינער אנטקעגען אנדער'ן האבען זיי שווייגענדיג געגעסען. נאך דער זופ האבען זיי אנגעשמירט א שטיקעל ברויט מיט פוטער און פארטרונקען מיט א גלאז קוואס. דאן זיינען זיי געבליבען זיצען אונבעוועגליך אויף זייערע שטולען. אין צימער, וואס איז פריהער בעלויכטען געווען מיט א קליין ליכטעל, איז איצט געווען פינסטער, ווייל די דיענסט האט צוגענומען דאס ליכט מיט זיך, אום צו קענען צוואשען די טעפ, די גלעזער און אנצושמירען מיט פוטער די פענעצער ברויט פאר מארגען גאנץ פריה.

מען האט אנגעקלאפט אין טיר און זיי האבען געעפענט. דאס

איז געווען דער גלח. דער אַלטער האָט איהם אָנגעקוקט פערדעכ־טיג, אונרוהיג. ער האָט געזעהן, אז עס קומט אַן אונגליק און ער האָט שוין געוואָלט ארויפקריכען אויף'ן לייטער און זיך בעהאַלטען אויף'ן בוידעם, אָבער דער אבבע ראַפּפּין האָט איהם ארויפגעלייגט די האַנד אויף די אַקסלען און איהם אריינגעשריען אין אויער אריין:

— איך מוז מיט אייך רעדען, פאַטער אמאבל.

צעזאר האָט זיך ארויסגערוקט דורך דער אָפענער טיר. ער האָט ניט געוואָלט פערליערען די האָפנונג הערענדיג ווי זיין פאַ־טער וועהרט זיך געגען דעם שידוך. ער האָט בעסער געוואָלט זיך דערוויסען דעם אמת אויף איינמאָל, מעג עס זיין גוט אָדער שלעכט. און ער איז אוועק אין דער נאַכט אריין. עס איז געווען אַ דונקעלע נאַכט אָהן לבנה־שיין, אָהן שטערן, איינע פון יענע נעבעלדיגע נעכט, אין וועלכע די לופט איז אָנגעפילט מיט וואַסער. אַ גערוך פון עפּעל האָט זיך געטראָגען איבער די הויפען, דען עס איז געווען די צייט פון רייפע אויבסען.

ווען צעזאר איז פארבייגעגאַנגען די שטאַלען האָט אויף איהם אַ וועה געטהאָן מיט דעם וואַרימען גערוך פון פיה, וועלכע האָבען געשלאָפען אויף'ן מיסט. ער האָט געהערט דאָס טופּען פון די פערד, וועלכע האָבען זיך אָבגעשטעלט צו פרעסען די הייה.

ער איז אוועק ווייטער און געטראַכט פון צעלעסטינען.

אין זיין איינפאַכען פערשטאַנד, אין וועלכען די געדאַנקען האָבען זיך גלייך אויסגעמאָלען אין בילדער, האָט זיין בעגריעף וועגען ליעבע אויך אויסגעמאָלען אַ בעשטימטעם בילד. דאָס איז גע־ווען אַ הויכע געזונדע מיידעל מיט רויטע באַקען, וועלכע שטעהט אויף'ן פעלד און לאַכט, איינגעשפּארט ביידע הענד אין די זייטען.

אזוי האָט ער זי געזעהן יענעם טאָג, ווען זי איז איהם צום ערשטען מאָל געפעלען געוואָרען און דאָך האָט ער זי געקענט פון קינדהייט אָן; אָבער ער האָט זי קיינמאָל ניט געזעהן ווי אין יענעם פריהמאָרגען. זיי האָבען אַ פּאָאר מינוטען געפּלוידערט, דאַן איז ער אוועק און בעת ער איז געגאַנגען האָט ער געזאָגט צו זיך אליין: „ביי גאָט, זי איז אַ פּארשוין פון אַ מויד. עס איז נור אַ שאָד, וואָס זי האָט זיך מיט וויקטאָר'ן בענאַרישט“. און

ביז אין אבענד האָט ער וועגען איהר געטראכט און אויף מאָרגען דעם גאַנצען טאָג אויך.

ווען ער האָט זי ווידער געזעהן, האָט ער דערפיהלט אַ קיטצעל אין האַלז, ווי מען וואָלט איהם אַ פעדער אריינגעשטופט. און פון דאן אָן האָט ער זיך יעדעס מאָל געוואונדערט איבער דאָס דאָזיגע נערוועזע קיצלען, וועלכעס ער האָט אימער געפיהלט, ווען ער איז געשטאנען נעבען איהר.

אין דריי וואָכען ארום האָט ער בעשלאָסען מיט איהר צו הייראטען, אזוי שטארק איז זי איהם געפעלען. ער וואָלט ניט גע־קענט זאָגען פארוואָס זי געפעלט איהם, פארוואָס זי האָט איהם אזוי שטארק באהערשט, ער האָט עס ערקלעהרט מיט די דאָזיגע ווערטער: „זי האָט מיר אָנגעטהאָן אַ כישוף“.

ער האָט זיך ניט געקימערט וועגען איהרע פריהערדיגע זינד און איז אויך ניט געווען בייז אויף וויקטאָר לעקאָק.

אָבער וואָס וועט זיין ווען דעם פריסטער וועט ניט געלינגען איבערצורריידען דעם פאָטער? ער האָט ניט געוואגט אפילו צו טראכטען וועגען דעם, אזוי אונרוהיג איז ער געווען.

ער איז געגאנגען אזוי לאַנג ביז ער איז געקומען צום פריס־טערשען הויף, דאָרט האָט ער זיך געזעצט אויף דעם נידעריגען פארקאַן און גענומען וואַרטען אויף דעם גלח׳ס צוריק־קעהר.

ער איז אזוי אָבגעזעסען אוודאי אַ שטונדע, ווען ער האָט דערהערט טריט און הגם עס איז געווען גאנץ דונקעל האָט ער באַלד געקענט אונטערשיידען דעם דונקעלען שאטען פון דעם גלח אין זיינע שווארצע קליידער.

ער איז אויפגעשטאנען, די קניע האָבען ביי איהם געציטערט און ער האָט ניט געוואגט צו ריידען אוים מורא, צו הערען אַ שלעכ־טע בשורה.

דער גלח האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן און פרעהלאך ארויסגערעדט:

— אַלזאָ, מיין אינגעל, דער עסק איז פארטיג.

צעזאר האָט ארויסגעשטאמעלט:

— פארטיג? איז דאָס מעגליך?

— יא, מיין אינגעל. אָבער גרינג איז עס מיר נישט אָנגע־קומען. דיין פאָטער איז אַן איינגעשפּארטער, אַלטער עזעל.

צעזאר האָט געזאָגט נאָך אמאָל:

— איז דאָס מעגליך?

— יא, יא. קום אַקאָרשט מאָרגען צו מיר ארום מיטאג צייט. מיר וועלען זיך דורכרעדען וועגען דער חתונה.

דער פויער האָט א כאַפּ געטהאָן דעם גלח׳ס האַנד און זי גע־נומען דריקען און שאָקלען און דערביי האָט ער געשטאַמעלט:

— ווירקליך? דאָס איז טאקע אמת, הערר פּריסטער? אויף מיין וואָרט, נעכסטען זונטאג געה איך אין קירכע.

2.

די חתונה איז געפּראוועט געוואָרען ארום מיטען דעצעמבער. עס איז געווען א גאַנץ איינפאכע חתונה, ווייל דאָס פּאָאר׳ל האָט קיין געלד ניט געהאַט. צעזאר האָט געטראָגען א נייעם אַנצוג און א זייגער אַכט אין דער פריה האָט ער געזאָלט קומען אָבנעהמען די כלה און זי אוועקפיהרען צום געמיינדע־פאָרשטעהער פון׳ם דאָרף. אָבער עס איז געווען נאָך צו פריה און ער האָט זיך געזעצט ביי׳ם קיכען־טיש און געוואַרט און געוואַרט אויף דער פאַמיליע און פריינד, וואָס האָבען געזאָלט קומען נאָך איהם.

זייט אַן אַכטאָג האָט שוין געשנייט און די ברוינע ערד איז איינגעשלאָפען אונטער דער ווייכער אייז־דעקע.

אין די מיט שנעע באדעקטע פויערשע הייזלאָך איז געווען קאַלט און די רונדע עפּעל־בוימער אויף די הויפען האָבען אויס־געזעהן ווי אָנגעפּודערטע.

אין יענעם טאָג זיינען די דיקע ווינטערדיגע וואָלקענס פער־שוואונדען און דער בלויער הימעל האָט זיך אויסגעצויגען איבער דער ווייסער ערד, אויף וועלכער די אויפגעהעגדע זון האָט געוואָר־פען זילבערנע שטראַהלען.

א גליקליכער האָט צעזאר ארויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער, ניט טראַכטענדיג וועגען קיין זאַך.

די טיר האָט זיך געעפענט. עס זיינען אריין צוויי פרויען, א מאַנטע און א קוזינע פון דעם חתן, דאַן דריי מענער און א

שכנה. זיי האָבען זיך געזעצט אויף שטוהלען און זיינען געבליבען זיצען שטיל און אונבעוועגליך, די פרויען אויף איין זייט קיך, די מענער אויף דער צווייטער. אַלע זיינען געווען פארלעגען און טרויעריג געשטימט ווי פאר אַ שמחה. איינער פון די מענער האָט געפרעגט:

— ס'איז שוין דאכט זיך באלד צייט?

צעזאר האָט געענטפערט:

— איך גלויב אזוי.

— נו, טאָ לאָמיר געהן — האָט געזאגט דער צווייטער.

זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און צעזאר, עטוואס בעאונרוהיגט, האָט גענומען קריכען אויף'ן לייטער צום בוידעם אים צו זעהן, אויב זיין פאָטער איז שוין פארטיג. דער אַלטער, וועלכער איז געוועהנליך זעהר פריה אויפגעשטאנען, האָט זיך היינט נאָך גאָרנישט געוויזען. זיין זוהן האָט איהם געפונען ליגענדיג אויף'ן שטרוי־זאַק אין דער דעקע איינגעוויקעלט מיט אָפענע אויגען און אַ בייזען בליק.

ער האָט איהם געזאָגט אין אויער:

— שטעה אויף, פאָטער, די חתונה הויבט זיך אָן.

דער טויבער האָט פויל ארויסגעברומט:

— איך קען ניט, איך האָב געקריגען אזא שטעכעניש אין'ם רוקען, אז איך בין אין גאנצען צובראָכען. איך קען זיך נישט באוועגען.

דער יונגער־מאן האָט איהם אָנגעקוקט מיט שרעק, ער האָט פארשטאנען, אז דאָס איז אַ נידערטרעכטיגער שפּיצעל.

— נו, נו, פאָטער הויב זיך אויף.

— איך קען ניט.

— אָט קום, איך וועל דיר אָקאָרשט העלפען.

און ער האָט זיך ארונטערגעבויגען צום גרייז, האָט פון איהם אראָבגענומען די דעקע, ארומגעכאפּט איהם מיט ביידע הענד און איהם אויפגעהויבען. אָבער דער אַלטער אמאבל האָט גענומען קרעכצען.

— אוי! אוי! אוי! איך קען ניט. מיין רוקען איז אין

גאנצען קאַפּוט. דאַס האָט אַנגעמאכט דער ווינד, וועלכער בלאָזט אריין דורך דעם פערפלוכטען דאַך.

צעזאר האָט איינגעזעהן אז עס וועט שוין גאַרנישט העלפען און צום ערשטען מאָל איז ער אין כעס געוואָרען אויף זיין פאָטער און גענומען שרייען:

— גוט, דאַן קריגסטו אַ מכה צו פרעסען, דען מיר פּראָוּוען די חתונה ביי פּאַליטען אין שענק. אַט וואָס מען פיהרט אוים, ווען מען שפּאַרט זיך איין מיט'ן קאָפּ.

און ער איז ארונטערגעקראָכען פון'ם לייטער און איז אוועק זיין וועג, בעגלייט פון קרובים און איינגעלאדענע געסט.

די מענער האָבען פארקאַשערט די הויזען, אום זיי זאָלען ניט נאַס ווערען אין שנעע, די פרויען האָבען פאררייסען די קליידלאַך אין דער הויך אזוי, דאַס מען האָט געקענט זעהן זייערע מאָגערע קניע, די גרויע וואָלענע זאָקען און די ביינערדיגע ווי שטעקענס גלייכע פיס. די גאנצע געזעלשאַפט איז געגאַנגען און זיך געוויעגט אין גאַנג, ניט ריידענדיג אַ וואָרט, לאַנגזאַם, פאָרזיכטיג, אום ניט אראָבצוגעהן פון'ם וועג, וועלכער איז געלעגען פארבאָרגען אונטער אַ דיקער מאַסע שנעע.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו די ערשטע פּויערשע הייזלאַך, האָבען זיי דערזעהן עטליכע מענשען, וועלכע האָבען אויף זיי געווארט אום זיך אָנצושליסען אָן זיי און וואָס ווייטער איז די פּראָצעסיאָן געוואָרען אַלץ לענגער, אַלץ גרעסער.

פאר דער כלה'ס טיר איז געשטאַנען אַ גרויסער עולם מענשען און געווארט אויף'ן חתן. און דערזעהן איהם, האָבען אַלע איהם אָנגערופען ביי'ם נאָמען. באַלד איז צעלעסטינע ארוים פון איהר צימער אין א בלויען קלייד, אַ רויטען שאַל איבער די שולטער'ן און מיט דעם ווייסען קראַנץ אין די האָאר.

אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן צו צעזאר'ן מיט דער פראגע:

— וואו איז דיין פאָטער?

ער האָט געענטפערט פערלעגען:

— ער קען זיך ניט ריהרען פון אָרט, ער האָט גרויסע שמערצען.

און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צום געמיינדע־פּאַר־שטעהער.

הינטער חתן־כלה האָט אַ פּויערטע געטראָגען וויקטאָר'ס קינד, ווי זיי וואָלטען עס געגאנגען טויפען. און די פּויערים זיינען איצט געגאנגען זאלבענאנד, האָבען געשליאַפּעט אין שנעע, וויגענדיג זיך ווי אַ שיף אויף'ן ים.

נאָכדעם ווי דער פאָרשטעהער האָט פערבונדען חתן־כלה האָט זיי אויך דער פּריסטער פארקניפּט אין דער אָרימער דאָרפישער קירכע. ער האָט געבענשט זייער בונד, געהייסען זיי ערפילען די מצוה פון פּרו ורבו און דערנאָך פאר זיי געהאַלטען אַ לאַנגע דרשה וועגען זייערע פליכטען, וועגען זייער ארבייט און אזוי ווייטער, וועהרענד דאָס פריהרענדע קינד האָט געקוויטשעט הינטער'ן רוקען פון דער כלה.

אזוי שנעל ווי דאָס פּאָאר'ל האָט זיך בעוויזען אויף'ן שוועל פון קירכע האָט מען אויף דעם קירך־הויף דערהערט אַ שיסעריי. מען האָט נור געזעהן דאָס געוועהר, פון וועלכע עס האָבען זיך אויפגעהויבען וואָלקענס רויך, דאַן האָט זיך בעוויזען אַ קאָפּ וועל־כער האָט נאָכגעקוקט דעם מארש פון דאָס יונגע פּאָר פאָלק. דאָס איז געווען וויקטאָר לעקאָק, וועלכער האָט אויף דעם דאָזיגען שטיי־גער געפייערט די האָכצייט פון זיין געליעבטער, איהר געוואונשען גליק און אַל־דאָס־גוטס. די דאָזיגע געפיהלען זיינע האָט ער אויס־געדריקט אין פּולווער שיסען. ער האָט פּינף, אָדער זעקס פון זיי־נע פריינד, אויך קנעכט, פארבעטען אָהער, אום מיט איהם צוזאַ־מען צו שיסען לכבוד דער חתונה. און אַלע געסט האָבען געדענקט, אז ער האָט געהאנדעלט זעהר שעהן.

דעם מאָהלצייט האָבען זיי געהאט אין דעם שענק פון פּאָלים.

אין גרויסען זאאַל, אין וועלכען מען האָט אין די מארק־טעג געגעסען, זיינען געדעקט געוואָרען טישען פאר צוואנציג פּערזאָן, און דעם גערוך פון דעם ריעזיגען בראטען, וואָס האָט זיך געדרעהט אויף'ן שפּיז, די עפות, וואָס האָבען זיך אין זייער זאַפט געבראָטען, די וואורשט, וואָס איז נעבען פייער געשטאנען, האָט אָנגעפילט

דאס הויז מיט געדיכטע וואלקענס רויך און מיט דעם גערוך פון שווערע דארפישע עסענס.

ארום צוועלף אזייגער האט מען זיך געזעצט צום טיש און גלייך האט זיך די זופ אין די טעלער געגאסען. די פנים׳ער זיינען פרעהליכער געווארען, די מיילער האבען זיך באוועגט, מען האט גערעדט, געלאכט, געוויצעלט זיך, די אויגען האבען געבליצט. היינט האט זיך יעדערער געוואלט אמוזירען.

די טיר איז אויפגעשפרונגען, און דער אלטער אמאבל האט זיך בעוויזען. ער האט אויסגעזעהן בייז און צורייצט, האט זיך געשלעפט אויף זיין שטאק און געקרעכצט ביי יעדען טריט, אום אויף זיינע ליידען אויפמערקזאם צו מאכען.

ווען ער איז אריין, זיינען אלע אנשוויגען געווארען. אבער פלוצים האט זיין שכן, דער אלטער מאלוויר, א גרויסער וויצלינג, צוזאמענגעלייגט די הענד ביים מויל אין א טרובקע, אזוי ווי צו־זאר פלעגט עס טהאן, און אויסגעשריען:

— דו, אלטער קריפעל, דו מוזט הפנים האבען א נישקשה׳־דיגע נאז, אז דו האסט דערשמעקט דאס עסען, אזש פון דיין בוי־דים ביז אהער.

עס האט אויסגעבראכען א ברויזענדער געלעכטער. מאלוויר האט געשמייכעלט פון דעם ערפאלג, האט וויימער גערעדט:

— ווען איינער האט שמערצען איז נישטא קיין בעסערע זאך, ווי א ווארשט־קאמפרעס, דאס האלט דעם בויך ווארעם און גוט.

די לייטע האבען געקוואלען פון׳ם וויץ, האבען געשריען, גע־שלאגען מיט׳ן פויסט אן טיש און זיך צוזאמענגעדרעהט פאר גע־לעכטער. די פרויען האבען געקוקט ווי די היהנער און די דיענסטען, וואס האבען זיי בעדיענט, האבען זיך געקאטשעט אויף די ווענד. נור דער אלטער אמאבל האט נים געלאכט און נים ריידענדיג א ווארט געווארט, אז מען זאל מאכען פאר איהם א פלאץ.

מען האט איהם אוועקגעזעצט אין מיטען טיש אנטקעגען דער שנור און אזוי גיך ווי ער האט זיך געזעצט האט ער זיך גענומען צום עסען. זיין זוהן האט היינט פאר אלעם געצאהלט, און ער האט געוואלט כאטש זיין חלק אויפעסען. מיט יעדען לעפעל זופ,

וואָס איז איהם אין מאַגען אריין, ביי יעדען ביסען ברויט אָדער פלייש וואָס ער האָט געקיים, ביי יעדען גלאָז קוואַס אָדער רויט־וויין, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער קריגט צוריק אַ טהייל פון דעם געלד, פון זיין געלד, וואָס די דאָזיגע שוויינישע באַנדע האָט היינט דאָ אויסגעזויפען און אויפגעפרעסען. מיט דער אייגענער כונה, ווי דער קאַרגער צעהלט זיין געלד, מיט דער זעלביגער גייציגקייט, ווי ער האָט פריהער געאַרבייט, האָט ער איצט געגעסען און געגעסען.

אָבער פלוצים האָט ער אויף'ן ברעג טיש ביי אַ פויערטע אויף די קניע דערזעהן צעלעסטינע'ס קינד און פון דער מינוט אָן האָט ער פון איהם זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען. ער האָט פארט־געזעצט צו עסען מיט דעם בליק אויף דאָס קינד, וועמען די פויערטע האָט פון צייט צו צייט אריינגעשטופט עפּעס אין מויל צום קייען. און דער אַלטער האָט געליטען פון די פּאָאַר ביסען, וואָס דאָס קליין עופה'לע האָט אראָבגעשלונגען מעהר ווי פון אַלעס, וואָס דער איבעריגער עולם האָט אויפגעגעסען.

דאָס מאהלצייט האָט געדויערט ביז אין אבענד, דאַן איז מען אוועק אהיים.

צעזאַר האָט געהאָלפען דעם אַלטען אמאבל אויפשטעהן.

— נו, פאָטער, מיר מוזען געהן אהיים!

ער האָט איהם אריינגעשטופּט זיינעביידע שטעקענס אין די הענד, צעלעסטינע האָט גענומען איהר קינד אין די ארעמס און זיי זיינען לאַנגזאַם אוועק אין דער בלאַסער פון שנעע בעלויכטע־נער נאַכט. דער טויבער אַלטער איז געווען אַביסעל אָנגעסנאַש־קעט און צוליעב דעם נאָך בייזער ווי געוועהנליך. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט געהן ווייטער, אַ פּאָאַר מאָל האָט ער זיך זאָגאַר צוגעזעצט אין דער האַפנונג, אַז זיין שנור וועט זיך אפשר פאַר־קיהלען, און ער האָט געקרעכצט ניט ריידענדיג דערביי קיין וואָרט.

אזוי שנעל ווי זיי זיינען געקומען אהיים, איז ער ארויפגעקראָכען אויף'ן ביידעם, וועהרענד צעזאַר האָט צורעכט געמאכט אַ געלעגער פאַר'ן קינד נעבען דעם פּלאַץ, וואו ער האָט זיך געוואָלט לייגען מיט דער פרוי. דאָס יונגע פּאָאַר פאָלק איז ניט אזוי שנעל

איינגעשלאָפען און אַ לאַנגע צייט האָבען זיי געהערט דעם אלטען זיך ארומוואַרפענדיג אויף דעם שטרוי־זאַק. ער האָט זאָגאר אַ פּאָאר מאָל געוערדעט אין דער הויך — צו פון שלאָף צו וואַכעדיג?

ווען ער איז אויף מאָרגען ארונטערגעקראָכען פון די טרעפּ, האָט ער דערזעהן די שנור בעל הבית׳יוועדיג אין שטוב.

זי האָט איהם אַ געשריי געטהאָן אין אויער:

— נו, שנעל פאָטער, דאָ איז אַ גוטע זופּ!

און זי האָט ארויפגעשטעלט אַ רונדען ערדערנעם טעפּעל מיט הייסע זופּ אויף׳ן ברעג פון טיש. ער האָט זיך געזעצט ניט ענט־פערענדיג קיין וואָרט, גענומען דאָס הייסע געפעס אין האַנד אריין און ווי געוועהנליך זיך געוואַרעמט אָן דעם די הענד. אַזוי ווי עס איז געווען זעהר קאַלט, האָט ער עס זאָגאר צוגעדריקט צו דער ברוסט אום זיין אַלטען, פארגליווערטען קערפּער צו דערוואָרעמען.

אָנגעזופּט זיך האָט ער גענומען זיינע שטעקענס און איז אוועק ביז מיטאָג צייט אין דער אייז־קאַלטער לופט ארויס. ער האָט ניט געוואָלט אָנקוקען צעלעסטינע׳ס קינד, וועלכעס ער האָט געזעהן שלאָפענדיג אין אַ גרויסער זייף־קעסטעל.

ער האָט ווי פריהער געלעבט אין הויז, אָבער האָט זיך וועגען קיין זאַך ניט געקימערט. עפּעס אזוי ווי ער וואָלט שוין מעהר אויף דער וועלט ניט געווען, ער האָט אין קיין זאַך קיין אנטהייל ניט גענומען; דעם זוהן, די שנור און דאָס קינד האָט ער בעטראַכט ווי פרעמדע און ניט אויסגערעדט מיט זיי קיין וואָרט.

דער ווינטער איז אוועק, ער איז געווען הארט און לאַנג. דאַן איז דער פריהלינג געקומען, אויף׳ן פעלד האָט אַלעס גענומען גרי־נען, און די פּויערען ווי פלייסיגע מוראַשקעס, האָבען ווידער גאַנצע טעג פערבראַכט אויף׳ן פעלד, האָבען געארבייט פון פריה ביז נאַכט, אין ווינד און רעגען, האָבען בעארבייט די מוטער ערד, וועלכע גיט אַלע מענשען ברויט.

דאָס יונגע פּאָאר האָט געהאַט אַ גוטען יאָהר, אַלעס איז גע־ראָטען רייך און גוט. עס זיינען געווען שעהנע וועטערען און די בליהענדע עפּעל־בוימער האָבען געצייגט אַ גרויס גערעטעניש אויף אויבסען.

צעזאָר האָט געאַרבייט ווי אַ פערד, ער איז אויפגעשטאַנען פריה, זיך געלייגט שפּעט און געשפּאָרט געלד אויף אַ קנעבכט.

זיין פרוי האָט אָפט צו איהם געזאָגט:

— דו אַרבייטסט צו שווער, דאָס קען דיר נאָך שאַדען.

ער אָבער האָט געענטפערט:

— עט, איך בין דערצו געוועהנט.

און דאָך האָט ער זיך איינמאָל אין אָבענד אומגעקעהרט צוריק אַזוי מיעד, אַז ער האָט זיך געמוזט לייגען ניט געגעסענערהייד. אויף מאָרגען אין דער פריה איז ער אויפגעשטאַנען אין דער געוועהנליכער שטונדע. אָבער ער האָט קיין זאַך ניט געקענט נעה־מען אין מויל אַריין ניט קוקענדיג אויף זיין נעבכטיגען פאַסטען, און נאָכמיטאָג איז ער געווען געצוואונגען צוריק צו קומען אַהיים און זיך ווידער אויסרוהען. ביי דער נאַכט האָט ער גענומען הוסטען, האָט זיך פיבעריש מיט אַ גליהענדען שטערן און פאַרטריקענטער צונג געוואָרפען אויף זיין שטרוי־זאַק אַהין און אַהער.

און דאָך, ווען עס איז טאָג געוואָרען, איז ער ווידער אין פעלד אַוועק. אָבער אויף דעם צווייטען טאָג האָט מען געמוזט רופען אַ דאָקטאָר און יענער האָט ערקלעהרט, אַז ער איז זעהר קראַנק און האָט אַ לונגען־ענטצינדונג.

איצט האָט ער שוין מעהר נישט פערלאָזען דאָס דונקעלע לאָך, וועלכע האָט איהם געדיענט אַלס שלאָף־צימער, און מען האָט איהם פון דאָרט געהערט קייכען, הוסטען און זיך באַוועגען. אום אויף איהם אַ קוק צו טהאָן, אום איהם די רפואה איינגעבען, האָט מען געמוזט אָנצינדען אַ ליכט. דאַן ערשט האָט מען אונטער אַ דינעם שלייער פון שפּינוועבס, וואָס איז אַראָבגעהאַנגען פון דאַך, גע־זעהן אַן איינגעפאַלענעם קאָפּ שטאַרק פאַרענדערט פון דער פער־וואַקסענער באָרד. דעם קראַנקען׳ס הענד האָבען אויסגעזעהן ווי פאַרשטאָרבען אויף דער גרויער דעקע.

צעלעסטינע איז אַרום איהם אַרומגעגאַנגען מיט אַ אונרוהיגער פערהאַוועטקייט, האָט איהם איינגעגעבען די רפואות, איז אַריין און אַרויס פון הויז, וועהרענד דער אַלטער אמאבל איז געזעסען נעבען שוועל פון בוידעם און האָט אַריינגעקוקט אין דער פינסטער־

רער לאַך, וואו זיין זוהן איז געלעגען אַ גוסס'ער. ער איז צו איהם ניט צוגעגאנגען אוים האָט צו דער פרוי, ווען ער האָט ניט גע־קענט אַנזעהן ווי אַ אייפערזיכטיגער הונד.

עס זיינען אַוועק נאָך זעקס טעג. דאַן האָט צעלעסטינע, וועל־כע איז איצט געשלאָפען אויף דער ערד אויף צוויי בינטלאַך שטרוי, איין מאָל אין דער פריה גענאנגען אַ קוק טהאָן וואָס איהר מאַן מאַכט. זי האָט מעהר ניט געהערט זיין קורצען אטהעם און אַ צר־שראָקענע האָט זי געפרעגט:

— נו, צעזאר, ווי פיהלסטו זיך היינט?

ער האָט ניט געענטפערט.

זי האָט אויסגעצויגען די האַנד, איהם אַנצוטאַפּען און האָט דערפיהלט זיין אייז־קאַלטען פּנים. זי האָט ארויסגעלאָזען אַ מורא'דיגען געשריי. ער איז געווען טויט.

ביי דעם דאָזיגען געשריי איז דער טויבער אַלטער ערשיענען אויבען אויף'ן לייטער און ווען ער האָט דערזעהן, אַז צעלעסטינע איז ארויסגעלאָפען רופען הילפע, האָט ער שנעל ארונטערגעקלע־טערט אונטען, אויך אַ טאַפּ געטהאָן זיין זוהן'ס פּנים און גלייך אַלעם פערשטאַנען... ער איז דאַן צוגעלאָפען צו דער טיר און זי פארשלאָסען פון אינעווייניג, אום צו שטערען דער פרוי אריינ־צוקומען צוריק אין שטוב אריין, וועלכע ער האָט געוואָלט פאר־כאַפּען איצט, ווען זיין זוהן איז שוין טויט.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול נעבען דעם טויטען.

שכנים זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען, האָבען גערופען, גע־קלאַפּט, ער האָט ניט געהערט. איינער האָט אויסגעשלאָגען אַ שויב, איז אריין אינעווייניג, אנדערע האָבען נעפאָלגט נאָך איהם. די טיר האָט זיך ווידער געעפענט, צעלעסטינע איז אריין, זי האָט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען, וועלכע האָבען זיך איהר געקייקעלט איבער די פאר'רויטיגטע באַקען. דאַן האָט דער אַלטער זיך געפיהלט בעזיעגט און ניט זאָגענדיג קיין וואָרט איז ער צוריק אויף זיין בוידים ארויפגעקראָכען.

די לויה איז געווען אויף'ן צווייטען טאָג. דערנאָך זיינען דער שווער, די שנור און דאָס קינד געקומען צוריק אין הויז אריין.

עס איז געווען די געוועהנליכע צייט פון עסען. צעלעסטינע האָט געמאכט פייער, אָבגעקאָכט די זופּ, אוועקגעשטעלט טעלער אויף'ן טיש, וועהרענד דער אַלטער איז געזעסען און געוואַרט אויף זיין שטול און אפילו נישט א קוק געטהאָן אין איהר זייט.

ווען דאָס מאָלצייט איז פארטיג געוואָרען, האָט זי איהם אריינגעשריען אין אויער אריין:

— נו, פאָטער, עסען, עסען!

ער האָט זיך אויפגעהויבען, זיך געזעצט ביי'ם טיש, אויסגעליידיגט זיין טאָפּ זופּ, אויפגעגעסען זיין ברויט מיט פּוטער, אויסגעטרונקען זיינע צוויי גלאָז קוואַס, דאַן איז ער אוועק.

עס איז געווען איינער פון יענע ווארימע חיות'דיגע טעג, אין וועלכע אַלעס אין דער נאַטור הויבט אָן זיך צו באַוועגען, ווען עס הויבט אָן צו וואַקסען און אַלעס בליהט און שפּראָצט אויף דער גאַנצער ערד.

דער אַלטער אמאבל איז אוועק איבער די פעלדער. ער האָט בעטראַכט די יונגע תבואה, די פרישע האָבער און דערביי געטראַכט, אז זיין קליינער, זיין זוהן, ליגט איצטער אונטער דער ערד בעגראָבען, זיין ארימער, קליינער זוהן. ער איז געגאַנגען הינקענדיג און נאָכגעשלעפּט די פיס. און אזוי ווי ער איז געווען גאַנץ אַליין אויף דעם גרויסען, ברייטען פעלד, אַליין אונטער דעם בלויען הימעל, צווישען די וואַקסענדיגע תבואות, אַליין מיט די פויגעלאָך, וועלכע ער האָט געזעהן שטעהענדיג איבער זיין קאָפּ, הגם ער האָט זייער צוויטשערן ניט געהערט, האָט ער גענומען וויינען.

דאַן האָט ער זיך צוגעזעצט נעבען א קליין וואַסער'ל און זיך ביז'ן אָבענד צוגעקוקט צו די פויגעלאָך, וועלכע זיינען געקומען טרינקען וואַסער. ווען עס איז נאַכט געוואָרען, האָט ער זיך אַהיים אומגעקעהרט, האָט געגעסען די זופּ ניט ריידענדיג א וואָרט און ארויפגעקלעטערט אויף'ן בוידעם צוריק.

און זיין לעבען איז אוועק ווי פריהער, קיין זאַך האָט זיך ניט

געענדערט, אויסער וואָס זיין זוהן צעזאר איז אויף'ן בית עולם געשלאָפען.

וואָס וואָלט פון דעם אַלטען געוואָרען? ער האָט מעהר ניט געקענט ארבייטען, ער האָט נור געקענט עסען זופּ, וואָס זיין שנור האָט פאר איהם געקאָכט, און ער האָט עס געגעסען גאַנץ רוהיג אין דער פריה און ביינאַכט און דערביי געקוקט מיט בייזע בליקען אויף דאָס קינד, וועלכעס איז געזעסען אַנטקעגען איהם אויף דער אַנדערער זייט פון טיש און האָט אויך געגעסען. דערנאָך איז ער אוועקגעגאַנגען, האָט זיך ארומגעשלעפּט איבער'ן דאָרף ווי א טרעמפּ, בעהאַלטען זיך אונטער שייערן, אום צו כאַפּען א דרימעל אויף א שעה אָדער צוויי, עפּעס אזוי ווי ער זאָל מורא האָבען מען זאָל איהם נישט זעהן, און ווען עס איז נאַכט געוואָרען, האָט ער זיך צוריק אהיים אומגעקעהרט.

אָבער אין צעלעסטינע'ס קאָפּ האָבען זיך פערשיעדענע פּלע־נער געדרעהט. צו דער ארבייט אויף'ן פעלד איז נויטיג געווען א מאַן, וואָס זאָל אי ארבייטען אי אויף אַלעם אכטונג געבען. עמיצער האָט שטענדיג געמוזט זיין אויף'ן פעלד, ניט קיין קנעכט נור א בעל הבית, וועלכער זאָל פערשטעהן זיין זאַך, זאָל זיך וועגען אַלעם קימערן און זאָל האָבען דערביי אן אינטערעס. א פרוי אַליין קען די פעלד ארבייט ניט בעזאָרגען, קען ניט נאָכפאָלגען די פּרייזען פון תבואות, קען ניט וויסען ווען צו פערקויפען די פיה. און פער־שיעדענע געדאַנקען זיינען איהר אויף'ן זינען געקומען, איינפאַ־כע, פּראַקטישע געדאַנקען און די גאַנצע נאַכט האָט זי זיך מיישב געווען, האָט איבערלעגט אהער און אהין. פאַר'ן יאָהר האָט זי ניט געקענט ווידער חתונה האָבען, און פיעלע נויטיגע זאַכען האָ־בען געמוזט גלייך אָבגעטהאָן ווערען.

איין איינציגער מענש נור האָט איהר געקענט העלפען: דאָס איז וויקטאָר לעקאָק, דער פאָטער פון איהר קינד. ער איז גע־ווען פליסיג, האָט גוט פערשטאַנען די פעלד־ארבייט, מיט א ביסעל געלד אין קעשענע וואָלט ער געווען אן אויסגעצייכענטער פּויער. זי האָט עס גוט געוואוסט, ווארום זי האָט איהם געזעהן ארבייטענ־דיג ביי איהרע עלטערען.

און איין מאָל אין דער פריה, ווען זי האָט איהם געטראָפען פיהרענדיג אַ וואָגען מיסט, איז זי צו איהם צוגעגאַנגען אום מיט איהם צו רעדען. ווען ער האָט זי דערזעהן, האָט ער אָבגעשטעלט די פערד, און זי האָט געזאגט אין אַ טאָן, ווי זיי וואָלטען זיך ערשט נעכטען געזעהן.

— אַ גוטען, וויקטאָר, וואָס מאַכסטו?

ער האָט געענטפערט:

— איך בין געזונד. און ווי געהט עס ביי אייך?

— מיר וואָלט געגאַנגען ניט שלעכט, ווען איך זאָל נישט זיין איינע אליין אין הויז, און מיט די פעלדער איז אַ מיאוס'ער עסק, דאָרט קען איך אליין גאָר נישט מאַכען.

דערנאָך האָבען זיי אַ לאַנגע צייט גערעדט אָנגעשפאַרט אויף די רעדער פון'ם שווערען וואָגען. דער מאַן האָט זיך אַלע ווייל־עגעקראַצט דעם קאָפּ אונטער'ן היטעל, האָט נאָכגעטראַכט, ווערענד זי, מיט אַ צוהיצט, פאַר'רויטיגט פּנים, האָט איהם אריינגע־טענה'ט, איהרע גרינדע ערקלעהרט, איהרע געדאַנקען און פּלענער אויף דער צוקונפט. צום סוף האָט ער ארויסגעברומט:

— יאַ, דאָס קען געמאָלט זיין.

זי האָט צו איהם אויסגעצויגען איהר האַנד, ווי אַ פּויער, ווען ער מאַכט אַ האַנדעל און געפרעגט:

— אָבגעמאַכט?

ער האָט אריינגערוקט זיין האַנד:

— אָבגעמאַכט.

— אלזאָ נעכסטען זונטאַג, ניט אמת?

— גוט, נעכסטען זונטאַג.

— דאַן, צום ווידערזעהן, וויקטאָר.

— צום ווידערזעהן, פרוי האַלבערעק.

3.

אין דעם דאָזיגען זונטאַג איז געווען דאָס דאָרפישע פעסט, דאָס פעסט פון דעם שוטצהייליגען, אַזאַ מין סאָרט יאָהרמאַרק, וועלכען מען פלעגט פייערן אין נאָרמאַנדיע יעדען יאָהר.

זייט אַכט טאָג האָט מען אויף אַלע גאַסען געזעהן אַנקומענדיג גרויסע וואָגענס פון וורשנע אָדער שווארצע פערד געשלעפּט. אין וועלכע די וואַנדערנדע פאַמיליען פון די יאַהרמארקען וואהנען גע־וועהנליך. דאָרט האָבען זיך געפונען אייגענטהימער פון שיס־בייד־לאַך, קאַרוסעלען, וואונדערזאַכען און קונצען.

די שמוציגע וואָגענס מיט פלאַטערנדיגע פאַרהאַנגלאַך, בע־וואכט פון א טרויעריגען הונד מיט אן אראָבגעלאָזטען קאָפּ, האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דעם גרויסען פּלאַץ, פאר דאָס הויז פון דעם געמיינדע־פאָרשטעהער. דאָן איז פאר יעדען פון די דאָזיגע ארומ־פאָהרענדע הייזער אויפגעשטעלט געוואָרען א לייוועגטענעביידעל און פון אינעווייניג האָט זיך דורך די לעכער ארויסגעזעהן אזעלכע בליסטשענדע זאכען, וואָס האָבען געוועקט די נייגעריגקייט און די לוסט פון דער דאָרפישער יוגענד.

שוין גאַנץ פריה זיינען אין דעם טאָג פון'ם פעסט אלע בייד־לאַך געעפענט געוואָרען, און מען האָט דערזעהן א גאַנצען אוצר פון גלאָזוואַרג און פּארצעליי. די פּויערים, וועלכע זיינען געגאַנ־גען אין קירכע, האָבען מיט נייגיעריגע, צופריעדענע בליקען בע־טראַכט די בעשיידענע ביידלאַך, הגם זיי האָבען יעדעס יאָהר גע־זעהן דיזעלבע זאַכען.

באַלד נאָכמיטאַג האָט זיך אויף דעם פּלאַץ פערזאַמעלט א גרויסער עולם מענשען. פון אלע ארומיגע דערפער האָבען זיך אראָבגעלאָזען פּויערים מיט ווייב און קינדער אין זייערע וועגלאַך אויף צוויי רעדער, וואָס האָבען פאָהרענדיג שטארק געקלאַפּט. ביי פריינד האָט מען אויסגעשפּאַנט די פערד און די הויפען זיינען פערפלייצט געוואָרען מיט גרויע, הויכע, קרומע וועגלאַך, וואָס האָ־בען אויסגעזעהן ווי מערקווירדיגע ים־חיות מיט לאַנגע עקען.

איצט זיינען אָנגעקומען די איינצעלנע פאַמיליעס. זיי זיינען לאַנגזאַם געגאַנגען צום יאַהר־מארק, די קינדער פאַראויס, די ער־וואַקסענע נאָך זיי מיט א לאַבעדיג פּנים, אויסגעשטרעקטע הענד, גרויסע, רויטע, ביינערדיגע הענד, געוועהנט צו דער ארבייט מיט וועלכע זיי האָבען איצט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן.

א קונסט־רייטער האָט גענומען בלאָזען אין א טרומייט, דער

ארגעל ביי׳ם קארוסעל האט ארויסגעלאזען יאמערליכע, שרייענדע טענער, דער ראד האט זיך גענומען דרעהען מיט א גערויש, ווי מען וואלט עפעס געריסען. אלע ווײלע האבען זיך געהערט שיסערייען און דער עולם האט זיך מיט לאנגזאמע טריט בעוועגט ארום די ביידלאך, ווי א לויפענדיגער טייך, אהער און אהין ווי א סטאדע, אונגעשיקט ווי גרויסע ניט געשאכטענע חיות, וועלכע זיינען צו־פעליג אויף דער פרייהייט ארויס.

די מיידלאך זיינען געגאנגען זאלבע זעקס, זאלבע אכט אונ־טער די הענד, האבען געזונגען ליעדער, די בחורים זיינען זיי נאכ־געגאנגען לאכענדיג, מיט די היטלאך אויף דער זייט, אין געקראכ־מאליעטע בלויע בלוזעס, וועלכע זיינען געווען אויפגעבלאזען ווי לופט־באלאנען.

פון דער גאנצער געגענד איז מען אהער געקומען, קיינער איז אין דערהיים ניט פארבליעבען, סיי בעל הבית, סיי קנעכט, סיי דיענסט.

אפילו דער אלטער אמאבל האט אנגעטהאן זיין אלטען, אב־געקראכענעם, גרינליכען ראק און איז אוועק צו דער יאהר־מארק, ווארום ער האט נאך קיין יאהר ניט פארפעהלט צו זיין דערביי.

ער האט געקוקט ווי עס דרעהט זיך דער קארוסעל, איז גע־שטאנען א ווײלע נעבען דער שיס־ביידעל, אום צו בעאבאכטען ווער עס טרעפט, האט זיך געאינטערעסירט פאר דאס איינפאכע שפיעל, וואס איז בעשטאנען אין דעם טרעפען מיט א גרויסען באל אין דעם אפענעם מויל פון א פיגור, וואס איז אבגעמאהלט געווען אויף א ווייסער ברעט.

פלוצים האט איהם עמיצער א קלאפ געטהאן אין פלייצע און דער אלטער מאלוויר האט צו איהם א געשריי געטהאן:

— נו, אלטער, קומט אריינגיסען. איך׳ל אייך טראקטירען מיט א שנאפס.

און זיי האבען זיך געזעצט נעבען א שענק־טיש אונטער׳ן פרייען הימעל. זיי האבען געמאכט איין שנאפס, דאן א צווייטען, א דריטען. און דער אלטער אמאבל האט דאן ווידער גענומען ארומלויפען הין און צוריק איבער׳ן יאהר־מארק. זיינע געדאנקען

זיינען צומישט געוואָרען און ער האָט געשמייכעלט פאַר זיך, גע־שמייכעלט קוקענדיג ווי עס דרעהט זיך דער ראַד פון קאַרוסעל. און לאַנג איז ער אזוי געשטאַנען און געקוקט און זיך געפיהלט גליקליך. דאַן האָט ער זיך ווידער געזעצט אין שענק און גע־טרונקען אַ גלאָז קוואַס אום זיך אָבצופרישען. עס איז געוואָרען שפּעט, די נאַכט איז אָנגעקומען. אַ שכן האָט זיך געווענדעט צו איהם:

— נו, אַלטער, איך איז צייט אַהיים!

און ער איז אַוועק צום הויף.

לאַנגזאַם איז דונקעל געוואָרען און דער וואַרימער פריהלינגס אבענד האָט זיך אויף דער ערד אַרונטערגעלאָזט.

ווען ער איז צוגעקומען צו זיין טיר, האָט ער דורך דאָס בע־לויכטענע פענסטער דערזעהן צוויי מענשען. אַ ווײַלע איז ער געבליבען שטעהן ערשטוינט, דאַן איז ער אריין אין הויז און דער־זעהן וויקטאָר לעקאָק, וועלכער איז געזעסען ביים טיש פאַר אַ שיסעל מיט קאַרטאָפעל, אויף דעם פּלאַץ וואו זיין זוהן פלעגט אי־מער זיצען.

דאָ האָט ער זיך פּלוצים אַ וואַרף געטהאָן צוריק, ווי ער וואָלט געוואָלט אנטלויפען. די נאַכט איז שוין געווען גאַנץ שוואַרץ. צעלעסטינע האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט צו איהם:

— קומט שנעל, פּאַטער, מיר האָבען שעהנע זופּ.

ער האָט געפּאָלגט, זיך געזעצט און אָנגעקוקט דאָ דעם מאַן, דאָ די פרוי און דאָ דאָס קינד, דאַן האָט ער גענומען עסען לאַנג־זאַם, ווי אַלע טאָג.

עס האָט אויסגעזעהן, ווי וויקטאָר לעקאָק וואָלט זיך געפיהלט ווי ביי זיך אין דר'היים, ער האָט פון צייט צו צייט גערעדט מיט צעלעסטינען, גענומען דאָס קינד אויף די קניע, עס געקושט. און צעלעסטינע האָט איהם אַלע ווײַלע אונטערגערוקט עפּעס נייעס צו עסען, האָט אָנגעפילט זיין גלאָז און איז געווען גאַר גליקליך, וואָס ער איז דאָ. דער אלטער אמאבל האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ שטאַ־רען בליק, ניט הערענדיג וואָס זיי רעדען.

אויף'ן הארצען איז איהם געווען אזוי ביטער, אַז ער האָט קוים

געקענט עפענען אַ מויל, און ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן עסען, האָט ער געעפענט די טיר און אנשטאָט ארויפצוקריכען אויף'ן בוידעם ווי יעדען אבענד, איז ער ארויס אין דרויסען.

ווען ער איז ארויס האָט צעלעסטינע עטוואָס אונרוהיג גע־פרעגט:

— וואו איז ער אַוועק?

וויקטאר האָט גלייכגילטיג געענטפערט:

— אַך, קימער זיך ניט וועגען איהם, ער וועט שוין צוריק־קו־מען, ווען ער וועט ווערען מיעד.

זי האָט ווייטער געטהאָן איהר ארבייט, האָט געוואַשען טעלער, אָבגעווישט דעם טיש, וועהרענד דער מאַן האָט זיך רוהיג אויסגע־טהאָן. דאַן האָט ער זיך געלעגט אין דער דונקעלער, טיפער לאָך, וואו זי איז פריהער געשלאָפען מיט צעזאר'ן.

די טיר האָט זיך געעפענט און דער אלטער אַמאבל האָט זיך בעוויזען. אזוי גיך ווי ער איז געווען אין צימער, האָט ער זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטען, ווי אַן אַלטער הונד, וואָס שפּירט עפּעס ניט גלאַטעס אין הויז. ער האָט געזוכט וויקטאָר'ן. אזוי ווי ער האָט איהם אין ערגעץ ניט געזעהן, האָט ער גענומען דאָס ליכט פון טיש און איז צוגעגאנגען צו דער פינסטערער לאָך, אין וועלכער זיין זוהן איז געשטאָרבען. דאָרט אינעווייניג האָט ער דערזעהן ליגענדיג אַ מאַן, וועלכער איז שוין געשלאָפען. דאַן האָט זיך דער טויבער לאַנגזאַם אומגעדרעהט, אוועקגעשטעלט די ליכט צוריק אויף דעם טיש און איז נאָך אַמאָל ארויס אין הויף אריין.

צעלעסטינע איז דערוויל פערטיג געוואָרען מיט איהר אר־בייט, האָט געלייגט איהר זוהן שלאָפען, אַלעס אויפגעראַמט אויף אַן אָרט געשטעלט און איז זי געזעסען און געוואַרט אויף'ן שווער, אום זיך אויך צו קענען לייגען אַברוהען נעבען וויקטאַר'ן.

זי איז געזעסען אויף אַ שטול, די הענד אויף'ן שוים פארלייגט און געקוקט פאַרטראַכט פאַר זיך.

אָבער אזוי ווי ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט צוריקגעקעהרט אהיים האָט זי געזאָגט מיט כעס:

— דער אַלטער לעדיגגעהער קאַסט אונז בלויז אומזיסטע פיער פּפעניג אויף ליכט.

וויקטאָר האָט געענטפערט פון זיין געלעגער ארויס:

— עס איז שוין אַ שעה צייט, ווי ער איז אוועק, דו האָסט געדארפט געהן אַ קוק טהאָן, טאָמער איז ער איינגעשלאָפען אויף'ן באַנק ביי דער טיר.

זי האָט געזאָגט:

— איך געה שוין! — האָט זיך אויפגעהויבען, גענומען דאָס ליכט און איז ארויסגעגאַנגען אַ קוק טהאָן.

פאר דער טיר האָט זי קיין זאַך ניט געזעהן, אויך ניט אויף דער באַנק און ניט אויף'ן מיסט וואו דער אַלטער פלעגט זיך אמאָל זעצען אום זיך צו דערוואַרעמען.

אָבער ווען זי האָט געוואָלט אריינגעהן צוריק אין הויז, האָט זי צופעליג אַ קוק געטהאָן אויף דעם גרויסען עפּעל־בוים, וועלכער האָט זיינע צווייגען איבער דער טיר אויסגעשטרעקט און פּלוצים האָט זי בעמערקט צוויי פיס, צוויי מענערשע פיס, וועלכע זיינען געהאַנגען אין דער לופטען.

זי האָט גענומען מורא'דיג שרייען:

— וויקטאָר! וויקטאָר! וויקטאָר!

ער איז ארויסגעלאָפען אין איין העמד, זי האָט ניט געקענט אויסרעדען קיין וואָרט, האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ אום עס נישט צו זעהן און נור מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנד האָט זי אָנגעוויזען אויף דעם בוים.

ער האָט ניט פערשטאַנען וואָס דאָ טהוט זיך, האָט גענומען דאָס ליכט אום גוט נאָכצוזעהן און האָט דערזעהן דעם אַלטען אמאבל וועלכער האָט זיך מיט דער הילפע פון אַ לייטער אויפגעהאַנגען הויך אויף'ן בוים.

דער לייטער איז נאָך געשטאַנען ביים שטאַם פון עפּעלבוים.

וויקטאָר איז אנטלאָפען נאָך אַ מעסער, האָט ארויפגעקלעטערט אויף'ן בוים און אָבגעשניטען דעם שטריק. אָבער דער אַלטער איז שוין געוועזן קאַלט און האָט מיט אַ מורא'דיג צוקרימטע פּנים ארויס־געשטעלט די צונג.

# זיין וידוי.



י גאַנצע שטאָדט איז אויף געווען ביי דער לויה פון הערר באַדאָן־לע־דרעמינס, און אַלע געדענקען יאָך די לעצטע ווערטער פון דער רעדע, וואָס דער פּאַר־שטעהער פון דער שטאָדט־רעגיערונג האָט דעמאָלט געהאַלטען: „מיט איין בראַווען מאַן איז געוואָרען ווייניגער אין אונזער מיטע“.

ער איז געווען אַ בראַוועד מאַן אין יעדער הינזיכט — אַזאַ מיינונג האָט מען וועגען איהם געהאַט — אין זיינע רייד, אין זיין בענעהמען זיך געגען אנדערע, אין זיין גאַנצער האַלטונג, אין אַלס־דינג, וואָס ער האָט געטהאָן. די באָרד האָט ער געשאָרען, ווי אַ בראַוועד מאַן. אַפּילו אַ הוט האָט ער געטראָגען, ווי אַ בראַוועד מאַן. ער האָט קיינמאָל ניט ארויסגערעדט אַ וואָרט, וואָס זאָל ניט זיין אַ מוסטער פון אנשטענדיגקייט, קיינמאָל קיין גראָשען ניט גע־געבען, אַז ער זאָל דערביי קיין גוטע עצה אויך ניט געבען, און האָט ער עמיצען די האַנד געדריקט, האָט זיך אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט יענעם געבענשט.

ער האָט איבערגעלאָזט צוויי קינדער, אַ זוהן און אַ טאָכטער. זיין זוהן איז געווען אַ גענעראַל־ראַטה, און זיין טאָכטער, וועלכע האָט געהייראַט דעם נאָטאַריוס פּאָירעל דע־לאַ־באָלט, איז געווען איינע פון די אנגעזעהענסטע פרויען אין דער שטאָדט.

זיי האָבען שטאַרק געטרויערט נאָך זייער פאָטער, וואָרים זיי האָבען איהם היים ליעב געהאַט.

נאָך דער לויה זיינען זיי געקומען אין ס'הויז פון דעם טויטען. זוהן, טאָכטער און איידים האָבען זיך פערשפּאַרט אין אַ צימער און געעפענט די צוואה, וואָס דער פערשטאָרבענער האָט איבערגע־

לאַזט און וועלכע נור זיי אליין, די קינדער, האָבען א רעכט גע־האַט צו לעזען נאָך דער לויה, ווי עס איז אויסדריקליך אָנגעדייטעט געוועזען אויף׳ן קאָנווערט.

דער נאָטאַריוס האָט אויפגעריסען דעם קאָנווערט, אָנגעטאָן ברילען אויף דער נאָז און אָנגעהויבען צו לעזען מיט א קלאָרער שטימע:

— קינדער מיינע, ליעבע קינדער מיינע! איך וואָלט רוהיג ניט געקענט שלאָפען אין מיין קבר, ווען איך זאָל פון יענער וועלט זיך ניט מודה זיין פאַר אייך אין א פערברעכען, פאַר וועלכע יסורים פון ביטערער חרטה האָבען מיר דאָס לעבען פערביטערט. יאָ, קינ־דער מיינע, איך האָב בעגאַנגען א פערברעכען, א שרעקליך, א מורא׳דיג פערברעכען!

איך בין דעמאָלט אַלט געוועזען זעקס און צוואַנציג יאָהר און האָב נור־וואָס געהאַט אָנגעהויבען צו מאַכען מיין קאַריערע אין פאַריז. איך האָב געלעבט ווי די מייסטע יונגע לייט, וואָס קומען פון דער פּראָווינץ אין א גרויסע שטאָדט, וואו זיי פיהלען זיך עלענד, אליין, אָהן בעקאַנטע, פריינד און אָהן קרובים.

איך האָב זיך בעקאַנט מיט איינער און איך האָב מיט איהר פערפיהרט א ליעבעס־פערהעלטעניס. א סך מענשען ווערען פער־ציטערט פון דעם וואָרט „פערהעלטעניס“ אליין. און דאָך ניט יע־דער קאָן לעבען איינזאַם. גאָר א סך מענשען קענען די איינזאַמ־קייט ניט פערטראָגען. איך בין אויך איינער פון יענע. די איינ־זאַמקייט איז געוועזען שרעקליך פאַר מיר, די איינזאַמקייט אין דעם צימער ביינאַכט נעבען קאַמין. עס האָט זיך מיר אָפט אויסגעוויי־זען, אַז איך בין איינער אליין אויף דער גאַנצער ערד, פון אונבע־קאַנטע געפאַהרען ארומגערינגעלט, פון מורא׳דיגע, אונבעקאַנטע זאַכען. און די וואַנד, וואָס איז געשטאַנען צווישען מיר און מיין שכן, וועלכען איך האָב ניט געקענט, האָט מיך דערווייטערט פון איהם, ווי פון די שטערען אויף׳ן הימעל. וואָס איך האָב דורך מיין פענסטער געזעהן. א מין פיעבער האָט מיך געמוטשעט, א פיע־בער פון אונגעדולד און פון מורא, און דאָס שווייגען פון׳ם צימער האָט מיט פּחד מיך געדריקט. עס איז אזוי טיעף און אזוי טרויע־

ריג דאָס דאָזיגע שווייגען פון אַ צימער, וואו מען וואהנט איינער אַליין. עס דריקט אייך דעם קערפּער און די נשמה. פון דעם מינדעסטען גערויש רייסט אייך אָפּ אין'ם הארצען, ווייל איהר ער־ווארטעט ניט קיין פּיפּס אין דעם טרויעריגען, שטומען צימער.

ווי אָפט, נערוועז געוואָרען פון דעם דאָזיגען שטומען שוויי־גען, האָב איך אָנגעהויבען צו ריידען. גערעדט ווערטער אָהן זין און פערשטאַנד, אָהן אַ צוזאמענהאנג, אבי אַ גערויש צו הערען. דער־מאָלט האָט מיין קול מיר זיך אויסגעוויזען אזוי מאָדנע, אזוי פרעמד, דאָס איך האָב זיך דערפאר אויך געשראָקען. קיין שרעקליכערע זאַך איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, ווי צו ריידען צו זיך אַליין אין אַ לעדיגען צימער. אונזער שטימע קלינגט דעמאָלט ווי פון אַ פרעמדען, אַן אונבעקאנטען, וועלכער רעדט אָהן אַן אורזאַך צו עמיצען אין דער פוסטער לופט, רעדט ווערטער, וואָס הילכען אָפּ אין דער שטיקענדיגער איינזאמקייט ווי אַן אָפּקלאַנג פון אונזערע אייגענע שטילע געדאַנקען.

קורץ, איך האָב פערפיהרט אַ ליעבעס־פערהעלטעניס מיט אַ יונג מיידעל. זי איז געוועזען אַן ארבייטערין, האָט ניט פערדיענט גענוג אויף ברויט. אזוינע מיידלאַך ווי זי זיינען דאָ גענוג אין פאריז. זי איז געוועזען אַ וואויל מיידעל, גוט און איינפאַך. איהרע עלטערען האָבען געוואוהנט אין פּואַסי. צייטענווייז איז זי געפאָה־רען צו זיי אויף אַ פּאָאר טעג צו־גאַסט.

אַ יאָהר צייט האָב איך אָפּגעלעבט מיט איהר גאַנץ רוהיג. איך האָב אין זינען געהאַט, מיט איהר זיך פונאנדערגעהן, אזוי שנעל ווי איך וועל נור טרעפען אַ מיידעל, מיט וועלכער איך זאָל וועלען חתונה האָבען. דאַן וואָלט איך זי פערזאָרגט מיט אַ קליינעם איינ־קונפט. אזוי פיהרט זיך שוין אין אונזער געזעלשאַפט: פאר דער ליעבע בעצאָהלט מען, דער אָרעמער מיט געלד, דער רייכער מיט מתנות.

אָבער אין אַ שעהנעם טאָג לאָזט זי מיך וויסען, אַז זי איז שוואַנגער. איך בין צוטומעלט געוואָרען. גלייך איז מיר קלאָר געוואָרען מיין פערצווייפעלטע לאַגע. איך האָב דערזעהן די קייט־טען, וואָס וועלען זיך מיר נאָכשלעפּען ביז צום קבר. אומערום,

אין מיין צוקונפטיגער פאמיליע, אויף מיינע עלטערע יאהרען, אור־מעדום האב איך די קיימען געזעהן, וואס האבען מיך צוגעשמידעט צו דער דאזיגער פרוי, א דאנק דעם קינד. דאס קינד וועט מוזען ערצויגען ווערען, איבערוואכט און בעשיצט ווערן, דאס קינד, פאר וועלכען איך וועל זיך מוזען בעהאלטען און וועלכען איך וועל פאר דער וועלט מוזען בעהאלטען. די דאזיגע בשורה האט מיך ווי א דונער געטראפען און א פערברעכערישער וואונש האט זיך טיעף אין מיין הארצען ערוועקט: אהה, ווען עפעס אן אונגליק זאל טרעפען. עס שטארבען דאך אזוי פיעל קינדער, איידער זיי ווערען געבארען!"

איך האב ניט געוואונשען מיין געליעבטער דעם טויט. זי אליין האב איך גאנץ ליעב געהאט. אבער איהר קינד, מיין קינד, האב איך פון'ם טיעפסטען הארצען דעם טויט געוואונשען, איידער עס איז נאך געבארען געווארען.

עס איז געבארען געווארען. שרעקליך! דאס קינד האט אויס־געזעהן ווי אלע אנדערע. איך האב קיין ליעבע צו איהם ניט גע־פיהלט. די פאטער־ליעבע האט ערשט שפעטער ערוואכט אין מיר. א פאטער האט ניט די אינסטינקטיווע צערטליכקייט ווי א מוטער. זיין ליעבע קומט ביסלעכווייז, דאס טעגליכע צוזאמענלעבען בינדט איהם צו צו זיין קינד.

א יאהר איז פאראיבער. איצט איז מיין וואהנונג צו ענג געווארען. העמדעלאך און ווינדעלאך און זעקעלאך, אזוי גרויס ווי האנד־שוה, און טויזענדערליי אנדערע זאכען זיינען געלעגען אנגעווארפען אויף די שטולען, אויף דער פאדלאגע, אומעדום, וואו מען האט זיך א קעהר געטהאן. איך האב אין'ם שטוב מעהר ניט געקענט איינזיצען, איך בין געלאפען פון'ם הויז, כדי איך זאל עס אלעס ניט דארפען זיהן, כדי איך זאל ניט דארפען הערען, ווי דאס קינד שרייט. עס האט כסדר געשריען. ווען מען האט עס מרוקען געמאכט, ווען מען האט עס געוואשען, ווען מען האט עס אנגע־ריהרט, ווען מען האט עס שלאפען געלעגט, ווען מען האט עס פון'ם בעט ארויסגענומען. שטענדיג האט עס געשריען.

איך האב א פאאר נייע בעקאנטשאפטען געמאכט און אין א געזעלשאפט האב איך געטראפען די, וועלכע האט אייער מוטער

געזאָלט ווערען. איך האָב זיך אין איהר פערליעבט און גענומען טראַכטען וועגען חתונה האָבען מיט איהר. און ווען איך האָב עס איהר פאָרגעלעגט, האָט זי עס אָנגענומען.

און איצט ערשט בין איך געווען ריכטיג אויף צרות. וואָס טהוט מען? חתונה האָבען מיט דער מיידעל, וועלכע איך האָב אזוי ליעב געהאַט און ניט זאָגען איהר, אז איך בין א פאָטער פון א קינד, אָדער דערצעהלען איהר דעם גאנצען אמת און מקריב זיין מיין גליק, מיין צוקונפט, מיין אלסדינג? ווארים איהרע עלטערען זיינען געווען ערנסטע, פרומע מענשען און וואָלטען בשום אופן ניט דערלאָזט צו א שידוך מיט מיר, ווען זיי זאָלען אזא זאך וועגען מיר דערהערען.

א מורא'דיגען מאָנאט פון ליידען און שרעק האָב איך איבער־געלעבט, א מאָנאט, אין וועלכען טויזענדערליי מורא'דיגע געדאַנ־קען האָבען מיך געפייניגט.

איך האָב דערפיהלט אין מיר א האס געגען מיין זוהן, א האס, וואָס האָט געוואַקסען מיט יעדען טאָג, יעדער שטונדע, יעדער מי־נוט, א האס געגען דאָס דאָזיגע קליינע שטיק לעבעדיגען פלייש, וועלכעס האָט געשריען, מיר אין'ם וועג געלעגען, מיין גליק, מיין צוקונפט, מיין גאנץ לעבען צו גאָר נישט געמאַכט, מיין גאנץ לע־בען וואָס די פאַנטאַזיע פון מיין יוגענד האָט אזוי שעהן געמאָלען פאַר מיר.

אָבער דאָ איז די מאַמע פון מיין געליעבטער קראַנק געוואָרען, און איך בין אליין געבליבען מיט'ן קינד. דאָס האָט געטראָפען אין מאָנאט דעצעמבער. אין דרויסען איז געווען מורא'דיג קאַלט. וואָס פאַר א נאַכט! מיין געליעבטע איז נור־וואָס אוועקגעפאָהרען. איך בין ארומגעגאַנגען אליין איבער'ן ענגען צימער, וואו דאָס עופה'לע האָט געשלאָפען.

איך האָב זיך געזעצט נעבען דעם ברענענדיגען קאַמין. דער ווינד האָט געבלאָזען, אַזש די שויבען האָבען געקלונגען, א טרוקע־נער, פראָסטיגער ווינד. און איך האָב געזעהן דורך'ן פענסטער די שטערן פינקלען מיט יענעם קאַלטען, קלאָרען שיין, וואָס זיי האָ־בען אין שטאַרק קאַלטע נעכט.

דעמאָלט האָט מיך דער דאָזיגער געדאַנק ווידער גענומען, קוועלען. אזוי ווי איך בין דאָס געזעסען אין דער קרעסלאָ נעבען דעם קאַמין האָט ער זיך אין מיין מוח פערקליבען און נעעגבערט דאָרט, און גענדרעהט, און זיך איינגעגעסען אין מיינע געהירען, אין מיין הארצען, אין מיין גאַנצען קערפער, האָט מיך געפרעסען אַ לעבעדיגען, ווי אַ ווילדע חיה. איך האָב איהם געוואָלט פערטריבען, פערטרייבען, וועגען אנדערע זאכען טראַכטען, ווי מען עפענט אין דער פריה אַ פענסטער, כדי די שלעכטע לופט, וואָס האָט זיך ביינאכט אָנגעקליבען, צו פערטרייבען. אָבער דער דאָזיגער געדאַנק איז געווען שטאַרקער פון מיר. איך האָב זיך ניט געקענט בעפרייען פון איהם. איך וויים ניט, ווי אזוי איך זאָל די דאָזיגע יסורים אויסדריקען. זיי האָבען מיר די נשמה אויף שטיקער צוריסען. אַ וועהטאָג, אַן אמת פיזישען וועהטאָג האָב איך געפיהלט פון יעדען בים זיינעם.

מיין לעבען איז צו גרונד געגאַנגען. ווי אזוי העלפט מען זיך? ווי אזוי ראַטעוועט מען זיך? ווי אזוי רייסט מען זיך ארוים פון דער דאָזיגער פאַסטקע?

און די, וואָס האָט אייער מוטער געוואָלט ווערען, האָב איך משוגע ליעב געהאַט. און די הינדערנישען האָבען די דאָזיגע ליעבע נאָך מעהר אונטערגעוואַרעמט.

אַ שרעקליכער כעס האָט מיך אָנגעכאַפּט, גענומען מיך שטיקען, אַ כעס שיער ביז משוגעת. ביז משוגעת. יאָ, יענעם אויפדער־נאַכט בין איך געווען משוגע!

דאָס קינד האָט געשלאָפען. איך האָב זיך אויפגעהויבען און דערזעהן ווי עס שלאָפט. אָט דער דאָזיגער וואָרעם, אָט דער דאָזיגער ניכטס, אָט דאָס דאָזיגע שטיקעל לעבעדינער פלייש, אָט דעם האָב איך צו פערדאַנקען פאר מיין אונגליק, פאר מיין צו־גרונד געהן.

עס האָט געשלאָפען מיט אַן אָפענעם מויל אונטער אַ קאָלדרע אין דער וויעג נעבען מיין בעט, אין וועלכען איך האָב קיין רוה שוין לאַנג ניט געקענט געפינען.

וויא אזוי האָט עס געקאָנט טרעפען, איך זאָל עס טהאָן. וויים איך ניט. וועלכע בייזע געוואַלט האָט מיך צו דעם געטריעבען?

אָה, איך ווייס ניט, איך ווייס ניט. די אָנרייצונג צום פערברעכען איז געקומען און איך האָב ניט געפיהלט, אַז עס קומט. איך ווייס נור, אַז מיין הארץ האָט מורא'דיג געקלאַפּט. עס האָט אזוי שטארק געקלאַפּט, דאָס מיר האָט זיך אויסגעוויזען, ווי אַ האמער וואָלט הינטער דער וואנד געקלאַפּט. אין מיין קאָפּ איז געווען אַ שרעק־ליכע מישענינע, אַ טומעל, אַ פּלאָנטערניש, דער פערשטאנד איז פערשוואונדען, די קאַלטבלוטיגקייט. עס איז געווען אַ שטונדע פון משוגעת, בעת דער מענש ווייס ניט, וואָס ער טהוט און איז ניט מעהר בעל הבית פון זיין ווילען.

איך האָב פּאַרזיכטיג ארונטערגענומען די קאָלדרע, וואָס האָט צוגעדעקט דעם קערפּער'ל פון מיין קינד, און עס איז געבליבען ליגען גאַנץ נאַקעט. עס האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט. דערנאָך בין איך צוגעגאַנגען צום פענסטער גאַנץ שטיל, שטיל און האָב עס געעפענט.

אַ פראָסטיגער, אַן אייז־קאַלטער ווינד האָט זיך ארייגעריסען, ווי אַ מערדער, אזוי שניידענדיג, דאָס איך האָב זיך אַ כאַפּ געטהאָן צוריק און ביידע ליכט האָבען אָנגעהויבען צו פלאַקערען.

איך בין געבליבען שטעהן נעבען פענסטער. איך האָב ניט געוואגט זיך אומצוקוקען, אזוי ווי איך וואָלט מורא געהאט צו זעהן, וואָס הינטער מיר געהט פאָר. און כסדר האָב איך געפיהלט אויף מיין שטערן, אויף מיינע באַקען, אויף מיינע הענד דעם אָטהעם פון דער טויטליכער לופט, וואָס האָט זיך דורכ'ן פענסטער געריסען. דאָס האָט געדויערט אַ לאַנגע, לאַנגע צייט. מיינע געדאנקען האָ־בען זיך אָבגעשטעלט. איך האָב ניט געטראַכט. פּלוצים האָב איך דערהערט אַ שטיל הוסטען. אַ שוידער איז מיר דורכגעלאָפען פון קאָפּ ביז צו די פיס, אַ שוידער, פון וועלכען עס ווארפט מיך נאָך איצט אויף, בעת איך שרייב די דאָזיגע צייל͏ען... פערצווייפעלט האָב איך שנעל צוגעמאכט דאָס פענסטער און בין צוגעלאָפען צו דער וויעג.

מיין אינגעל האָט נאָך געשלאָפען מיט אַן אָפענער מויל און גאַנץ נאַקעט. איך האָב אָנגעטאַפּט זיינע פיסעלאך, זיי זיינען גע־ווען קאַלט, ווי אייז. איך האָב איהם ווידער צוגעדעקט.

דאָ בין איך פּלוצים ווייך געוואָרען. מיין הארץ איז שיעור

צוריסען געוואָרען פאר רחמנות און ליעבע צו דעם דאָזיגען אונ־שולדיגען נפש'ל, וואָס איך האָב געוואָלט אומברענגען. איך בין צוגעפאלען צו איהם און געקושט לאנג, לאנג זיינע דינע האָאר. דערנאָך האָב איך זיך ווידער געזעצט נעבען קאמין.

מיט שרעק האָב איך געטראכט וועגען דעם, וואָס איך האָב גע־טהאָן, געפרעגט זיך, פון וואנען נעהמען זיך יענע גוואלדיגע זעעלען־שטורמס, ביי וועלכע דער מענש פערלירט זיין פערשטאנד, זיי ווי־לען און האנדעלט אין א מין משוגענער שיכרות, ניט וויסענדיג וואָס ער טהוט, ניט וויסענדיג וואוהין ער געהט, אָט אזוי ווי א שיף אין א מורא'דיגען שטורם.

דאָס קינד האָט נאָך אמאָל א הוסט געטהאָן. איך האָב זיך א טרייסעל געטהאָן. ווען עס זאָל איצט שטארבען, מיין גאָט, דאן האָב איך עס... איך וועל עס ניט אריבערטראָגען !..

איך האָב זיך אויפגעהויבען, גענומען א ליכט און בין צוגע־גאנגען צום קינד. עס האָט רוהיג געאָטהעמט און איך בין רוהיגער געוואָרען. אָבער דאָ האָט עס א הוסט געטהאָן א דריטען מאָל. איך בין אָפּגעשפּרונגען צוריק, אזוי ווי איך וואָלט פאר זיך דערזעהן עפּעס שרעקליכעס, און דאָס ליכט איז ארויסגעפאלען פון מיינע הענד.

ווען איך האָב עס אויפגעהויבען, האָב איך דערפיהלט א שוויים אויף מיינע שלייפען, יענעם הייסען און איין ציים קאלטען שוויים, וועלכען די גרעסטע שרעק טרייבט ארויס פון דער זעעלע, יענע שרעק, וועלכע ברענט ווי פייער און פרירט ווי אייז...

פארטאָג בין איך געשטאנען נעבען מיין אינגעל, איבערגע־בויגט, און האָב געזוכט זיך צו בערוהיגען, ווען ער איז א ווייל רוהיג געווען, און בין געוועז אויסער זיך, ווען פון זיין מויל האָט זיך א שטיל הוסט ארויסגעריסען.

ער האָט זיך אויפגעכאפּט מיט רויטע באקען און געכריפּעט. איך בין שיעור פון זינען ניט ארונטער.

איך האָב גערופען א וואכ־פרוי און זי אוועקגעשיקט נאָך א דאָקטאָר. ער איז געקומען אין א שעה ארום, האָט מיין אינגעל אונטערזוכט און געפרעגט :

— האָט ער זיך ניט פערקיהלט?

איך האָב זיך געטרייסעלט, ווי אַלטע לייט טרייסלען זיך, און יסגעשטאַמעלט:

— ניין, איך גלויב ניט.

דערנאָך האָב איך זיך אָנגערופען:

— וואָס איז איהם? איז ער אַזוי געפעהרליך?

ער האָט געענטפערט:

— איך ווייס נאָך ניט. מיר וועלען זעהן היינט פארנאַכט. ן איך וועל ביי איך זיין נאָך איין מאָל.

פאַרנאַכט איז ער געקומען. די גאַנצע צייט האָט מיין זוהן ינרוהיג געשלאָפען און נאַכאַנאַנד געהוסט.

ביינאַכט האָט דער דאָקטאָר אויסגעפונען, אז ער האָט אַ לונ־ ען־ענטצינדונג. עס האָט געדויערט צעהן טעג. וואָס איך האָב ויסגעליטען פאַר די לאַנגע שטונדען פון פאַר־נאַכט ביז אין־דער־ ריה און פון אין דער־פריה ביז פאַרנאַכט, דאָס צו בעשרייבען יז ניט נאָך מיינע כוחות.

ער איז געשטאָרבען — — — — — — — — — — — — — —

און זייט דעמאָלט איז ניט איין שטונדע פאַראיבער, יאָ, ניט איין שטונדע, אַז איך זאָל אין דעם זיך ניט דערמאָנען מיט שרעק און פערצווייפלונג. די דאָזיגע עראינערונג פרעסט מיך אויף אין גאַנצען, אַזוי ווי אַ ווילדע חיה וואָלט אין מיר נעזעסען און גע־ פרעסען מיך, און געפרעסען . . .

אה, ווען איך וואָלט געקאָנט אין גאַנצען מיין זינען פערלירען!

* * *

דער נאָטאַריוס האָט אַרויפגערוקט די ברילען אויפ'ן שטערן, ווי זיין טבע איז געווען, בעת ער פלעגט פארטיג ווערען מיט פאַר־ לעזען אַ דאָקומענט. און די דריי יורשים פון דעם טויטען האָבען זיך אָנגעקוקט, בלייבע און שטומע.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער נאָטאַריוס זיך אָנגערופען:

— קיין זכר פון דעם טאָר ניט פערבלייבען.

די צוויי אַנדערע האָבען אַ מאַך געטהאָן מיט די קעפּ: זיי דענקען אויך אַזוי.

ער האָט אָנגעצונדען אַ ליכט, צונומען די בלעטלאַך, וועלכע האָבען ענטהאַלטען די געפעהרליכע ווידוי, זיי געהאַלטען איבער'ן ליכט און דערנאָך זיי אין דעם קאַמין געוואָרפען.

און זיי האָבען געזעהן, ווי די ווייסע בלעטער ברענען. באַלד איז פון דעם מעהר ניט געבליבען, ווי אַ פּאָאר קליינע שוואַרצע קופּקעלאַך. און ווען אַ פּאָאר בוכשטאַבען האָבען זיך אַלץ נאָך אַרויסגעזעהן פון אונטער דעם אַש, האָט די טאָכטער שטיל מיט'ן שפּיץ פון איהר פוס זיי פערשאַרט און אויסגעמישט מיט'ן אַש.

דערנאָך זיינען אַלע דריי נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען און האָבען געקוקט אויף דעם, אַזוי ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט, די פערברענ־טע געהיימניס זאָל דורכ'ן קוימען ניט אַרויספליהען.



#ביידע קליינע סאָלדאַטען.



ערדען זונטאַג, אַזוי שנעל ווי מען האָט זיי אָבגעלאָזט, זיינען ביידע סאָלדאַטען געגאַנגען שפּאַציערען.

פערלאָזען די קאַזאַרמע, האָבען זיי זיך אַ נעהם געטהאָן רעכטס און גענומען געהן מיט שנעלע טריט, ווי אויף אַ מיליטערישען מאַרש. זיי האָבען ערשט דאַן גענומען געהן לאַנגזאַמער, ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען די הייזער און אַרויף אויף דעם גרויסען, שטויביגען שאָסע, וועלכער פיהרט קיין בעצאָן.

זיי זיינען געווען קליין, מאָגער און האָבען זיך איינגאַנצען פערלאָרען אין די צו ברייטע און צו לאַנגע יוניפאָרם־רעק, פון וועלכע די אַרבעל האָבען אַראָבגעהאַנגען ביז איבער די הענד. די רויטע הויזען, וועלכע זיינען אויך געווען צו ברייט, האָבען זיי געשטערט און שווער געמאַכט דאָס געהן.

אונטער די שטייפע הויכע היטלען האָט מען קוים אַרויסגעזעהן די פּנים׳ער, צוויי פּראָסטע, נאַאיווע, ברעטאָנישע פּנים׳ער מיט רוהיגע, זאַנפטע, בלויע אויגען.

אויף׳ן וועג האָבען זיי קיינמאָל ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. אַנשטאָט זיך צו אונטערהאַלטען, האָבען זיך ביידע בעשעפטיגט מיט דיזעלביגע געדאַנקען, ווייל זיי האָבען אויף׳ן ראַנד פון׳ם קליין וועלדעל ביי שאַמפּיאַק אַ שטיקעל בילד געפונען, וואָס האָט זיי אַן זייער היימאַט דערמאָנט און דאָרט האָבען זיי זיך געפיהלט זעהר גוט.

אויף׳ן וועג, וואו עס קרייצען זיך די גאַסען פון טשאַטאָן און קאָלאָמב, האָבען זיי אונטער די בוימער זייערע היטלען אַרונ־

טערגענומען, וועלכע האָבען זיי שווער אויף די קעפּ געדריקט, און זיך דעם שוויים פון שטערן אָבגעווישט.

אויף דעם בריק פון בעצאַן זיינען זיי אימער אויף א ווײלע שטעהן געבליבען, אום צו זעהן ווי די סענא פליסט. צוויי אָדער דריי מינוטען האָבען זיי זיך דאָרט אָבגעשטעלט און אריבערגע־בויגט איבער דער פּאַרענצע, בעטראַכט דעם גרויסען וואַסער־שפּי־געל פון אַרזשאַנטייל, אויף וועלכען עס האָבען זיך געטראָגען שיפ־לאַך מיט ווייסע זעגעל. דאָס האָט זיי אפשר דערמאָנט אָן דעם ברעטאַנישען ים, אָן דעם האפען פון וואַננעס, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער נאַכבארשאפט און אָן די פישער־שיפלאַך, וועלכע האָבען זיך אין אָפענעם ים ארומגעטראָגען.

אזוי שנעל ווי זיי זיינען אריבער די סענא, זיינען זיי אוועק צום קצב, צום בעקער און צום וויין־הענדלער. איינקויפען זייער פריהשטיק. ער איז געוועהנליך בעשטאַנען פון א שטיק וואורשט, פאר פיער סו ברויט און א ליטער לאַנד־וויין. דאָס אַלעס האָבען זיי איינגעבונדען אין א טאַשען־טיכעל. אָבער ווי נור זיי זיינען ארויס פון דאָרף, האָבען זיי גענומען געהן זעהר לאַנגזאַם אין דאַן האָבען זיי אָנגעהויבען צו פּלוידערן.

פאר זיי האָט זיך אויסגעשפּרייט א נאַקעטער פעלד, אויף וועל־כען עס האָבען זיך נור דאָ און דאָרט א פּאָאר בוימלעך געזעהן. פון דער אנדערער זייט האָט זיך געפונען א וואַלד און דאַן דער וועלדעל, וועלכער, ווי זיי האָבען געדענקט, האָט אויסגעזעהן, ווי דער היימישער, ווי דער פון קערמאַריוואַן. ווייץ־פעלדער און האָ־בער־פעלדער האָבען ענג געמאַכט דעם שמאָלען וועג, וועלכער האָט זיך צווישען די יונגע תבואה געדרעהט, און דאַן האָט זשאַן קער־דערען יעדעס מאָל געזאָגט צו לוק־לע־גאַנידעק:

— דאָס זעהט אויס פּונקט ווי אין פּלוניוואַן.

— יא, פּונקט אזוי.

זייט ביי זייט זיינען זיי ווייטער געגאַנגען. די עראינערונג אָן דער היימאַט האָט זיך אין זיי ערוועקט, די היימישע ערד איז אויפגעשטיגען פאר זייער נאַאיווען בליק ווי די לאַנדשאַפט אויף א ביליגען בונטען בילד. אין די געדאַנקען האָבען זיי דערזעהן א שטיק

פעלד, אַ היימישען ווינקעל, אַ קרייצוועג אָדער אַ צלם פון גראַניט געמאַכט.

און יעדעס מאָל, ווען זיי זיינען פערבייגעגאנגען געוויסע פּלע־צער, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט, ווייל עס האָט זיך זיי אויסגע־וויזען, אז זיי האָבען אַ עהנליכקייט מיט זייערע היימישע נאַטור־בילדער.

יעדען זונטאג, אזוי גיך ווי זיי זיינען צוגעקומען צו דער ער־שטער רייהע ביימער, האָט לוק־לע־גאַנידעק ארונטערגעריסען אַ צווייג פון אַ האזעלנוס־בוים און, נאָך אַלע פערזונקען אין דער ער־אינערונג וועגען היימאט, האָט ער עס לאנגזאם אָבגעשיילט.

זשאַן קערדערען האָט געטראָגען דאָס עסען.

פון צייט צו צייט האָט לוק אָנגערופען אַ נאָמען, דערמאָנט אויף עפּעס פון זייער קינדהייט, בלויז מיט עטליכע ווערטער, וועל־כע האָבען אין זיי אַ בענקעניש ארויסגערופען, און די היימאט, די ליעבע ווייטע היימאט, האָט זיי ביסלאַכווייז אין גאַנצען בע־הערשט אזוי, דאָס ניט קוקענדיג אויף דער ווייטקייט, וואָס האָט זיי צושיידעט, האָבען פאַר זייערע אויגען באַלד ווידער אָבגעלעבט יע־נע פעלדער, יענע הויכע בערג, אַלע קלאַנגען אויף דער היימישער ערד, די ריחות אויף די גרינע סטעפּעס, איבער וועלכע עס פיהלט זיך די לופט פון׳ם ים.

זיי האָבען שוין מעהר ניט געשפּירט דעם גערוך פון די פּאַ־ריזער מיסט, מיט וועלכע אַלע פּלעצער אונטער׳ן שטאָדט זיינען אזוי פיעל באדעקט, נור זיי האָט זיך געדאכט, אַז זיי ציהען אין זיך אריין דעם דופט פון דעם בליהענדיגען היימישען פעלד, די געזאַלצענע לופט פון דעם היימישען ים . און די זעגעל פון די שיפלאַך, וועלכע האָבען זיך נעבען ברעג געמיניעט, האָבען זיך זיי אויסגעוויזען, ווי די זעגעל פון די שיפער, וועלכע מען זעהט ביי זיי אין דער׳היים אויף דער אנדערער זייט פון דעם ווייטען פלאַכען פעלד.

לוק־לע־גאַנידעק און זשאַן קערדערען זיינען געגאַנגען זייער וועג צופריעדען אָבער דאָך טרויעריג. אַ בענקעניש איז אויף זיי אַנגעפאַלען און זיי האָבען זיך געפיהלט ווי די געפאַנגענע חיה

אין׳ם שטייג, וועלכע רייסט זיך אויף דער פרייהייט.

און ווען לוק האָט אָבגעשיילט דעם קליינעם שטעקעל, זיינען זיי אַנגעקומען אין דעם וואלד־ווינקעל, וואו זיי האָבען יעדען זונ־טאָג געפריהשטיקט.

זיי האָבען געפונען די צוויי צינעל, וועלכע זיי האָבען בע־האלטען צווישען די בושען, און האָבען געמאכט אַ קליין פייערעל פון צווייגען, אום אָבצובראָטען זייער וואורשט אויף דעם שפּיץ פון אַ מעסער.

און נאָך׳ן פריהשטיק, ווען זיי האָבען אויפגעגעסען אַלעס ביז דעם לעצטען ביסען, זיינען זיי געבליעבען ליעגען אין גראָז איי־נער נעבען אַנדערן, האָבען ניט גערעדט קיין וואָרט, נור געקוקט אין דער ווייטקייט מיט שווערע אויגענליעדער און מיט צוזאַמענ־געלייגטע הענד, ווי אין דער קירכע. זיי האָבען אויסגעצויגען זיי־ערע רויטע פיס נעבען דעם בליהענדען מאָן אויף׳ן פעלד און זייערע מעטאַלענע קנעפּ האָבען אַזוי געבליסטשעט אונטער דער ברענענ־דיגער זון, אַז די פויגעלאָך, וועלכע האָבען הויך איבער זיי אין דער בלויער לופט געטרילערט, זיינען אויפמערקזאם געוואָרען.

ארום מיטאג צייט האָבען זיי אָפט גענומען קוקען אין דער ריכטונג פון דעם דאָרף בעצאָן, ווייל דאָס מיידעל מיט דער קוה האָט באַלד געזאָלט אַנקומען.

יעדען זונטאג איז זי פאר זיי פארבייגעגאנגען, אום איהר קוה צו מעלקען און זי דאַן ווידער אין שטאַל צו ברייננגען. דאָס איז געווען די איינציגע קוה אין דער גאַנצער געגענד, וועלכע מען האָט ארויסגעלאָזט זיך פּאשען אויף׳ן פעלד.

באַלד האָבען זיי דערזעהן דאָס מיידעל מיט איהר בלעכענעם עמער, אויף וועלכען עס האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט די שטראַהלען פון דער זון, און דאָס האָט זיי ביידען פערשאפט פערגעניגען. זיי האָבען קיינמאָל פון איהר ניט גערעדט, עס האָט זיי נור הנאה גע־טהאָן זי צו זעהן, הגם זיי האָבען אליין נישט געוואוסט פארוואָס.

זי איז געווען אַ הויכע, געזונדע מויד מיט רויטע האָאר און שטארק פערברענט פון דער זון.

איינמאָל, ווען זי האָט זיי ווידער געטראָפען זיצענדיג אויף דעם אייגענעם אָרט, האָט זי געזאָגט:

— גוט מאָרגען! איהר קומט הפּנים שטענדיג אַהער?

לוק־לע־גאַנידעק, וועלכער איז געווען עטוואס דרייסטער, האָט געענטפערט:

— יאָ, מיר רוהען זיך דאָ אָב.

און דאָס אַלעס. אָבער אויף׳ן צווייטען זונטאָג, ווען זי האָט זיי ביידען ווידער געזעהן, האָט זי אַ שמייכעל געטהאָן מיט אַ גוט־מוטיגער מינע, ווי איינע וואָס ווייס, אַז זיי זיינען שעהמעוודיגע, און געפרעגט:

— וואָס טהוט איהר דאָ? איהר ווילט הפּנים זעהן, ווי דאָס גראָז וואַקסט?

לוק האָט פרעהלאַך אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

— עס קאָן זיין.

זי האָט זיך אָנגערופען:

— עס געהט נים אַזוי שנעל, וואָס זאָגט איהר?

ער האָט געענטפערט נאָך אַלץ לאַכענדיג:

— ניין, מען קען נישט זאָגען.

זי איז פערבייגעגאַנגען. אָבער ווען זי האָט זיך צוריקגעקעהרט מיט איהר פולען עמער מילך, איז זי ווידער אַמאָל נעבען זיי גע־בליבען שטעהן און געפרעגט:

— ווילט איהר אַ טראָפּען מילך, אום עס זאָל אייך דערמאָנען אָן דער היים?

זי מיט איהר פויערשען אינסטינקט, אַליין אפשר אויך ווייט פון איהר היימאַט, האָט זיך אָנגעשטויסען פון וואָס זיי טראַכטען און זייערע געדאַנקען געטראָפען.

זיי ביידע זיינען געוואָרען שטאַרק גערידהרט. דאַן האָט זי מיט אַ געוויסער אנשטרענגונג אָנגעגאָסען מילך אין דער פלאַש, אין וועלכער זיי האָבען אימער וויין מיטגעבראַכט. און לוק האָט גענומען טרינקען דער ערשטער, ער האָט לאַנגזאַם געזופּט פון פלאַש און יעדען אויגענבליק זיך אָבגעשטעלט און נאָכגעזעהן, צו

האָט ער ניט אריבערגעכאַפּט מעהר ווי זיין העלפט. דערנאָך האָט ער דערלאַנגט זשאַן'ען די פלאַש.

דאָס מיידעל איז געבליעבען שטעהן פאַר זיי מיט די הענד אין די זייטען און דעם עמער צו איהרע פיס. עס האָט זי גע־פרעהט, וואָס זי האָט ביידע סאָלדאַטען פערשאַפט פערגעניגען, און ווען זי איז אַוועק, האָט זי אויסגערופען:

— צום ווידערזעהן, זונטאַג!

און זיי האָבען איהר נאָכגעקוקט מיט די אויגען, ווי זי געהט איבער'ן פעלד, ווי איהר הויכע געשטאַלט דערווייטערט זיך, ווערט קלענער און פערשווינדט אין גאַנצען אין דער גרינקייט פון דער לאַנדשאַפט.

ווען זיי האָבען אין אַ וואָך ארום פערלאָזען די קאַזאַרמע, האָט זשאַן זיך אָנגערופען צו לוק'ן:

— טאָמער וואָלטען מיר פאַר איהר געקויפט עפּעס צו נאַשען?

און די פראַגע וואָס זיי זאָלען אויסקלייבען פאַר דער מיידעל, האָט זיי אין פערלעגענהייט געבראַכט.

לוק איז געווען פאַר אַ שטיק וואורשט: זשאַן פאַר קאָנפעק־טען, ווייל ער אַליין האָט ליעב געהאַט זיסע זאַכען. זיין מיינונג האָט געזיעגט און ביי דעם נאָהענטסטען קרעמער האָבען זיי גע־קויפט פאַר צוויי סו ווייסע און רויטע קאָנפעקטען.

זיי האָבען אָבגעגעסען שנעלער ווי געוועהנליך, אויפגערעגטע פאַר ערוואַרטונג.

זשאַן האָט זי דערזעהן דער ערשטער און אויסגערופען:

— אָט איז זי!

לוק האָט געענטפערט:

— יאָ, אָן איז זי.

זי האָט נאָך פון דערווייטענס געגומען לאַכען, ווען ז׳ האָט זיי ביידען דערזעהן און האָט אויסגערופען:

— נו, ווי געהט עס אייך?

און זיי האָבען געענטפערט ביידע מיט אַמאָל:

— און אייך?

דאַן האָט זי זיך מיט זיי צורעדט, זי האָט גערעדט פון אַלעס

וואָס האָט זיי אינטערעסירט, פון וועטער, פון דעם גערעטעניש אויף תבואה, פון איהרע בעלי הביתים.

זיי האָבען ניט געוואגט איהר אָנצובאָטען די קאָנפעקטען, וועלכע האָבען אין זשאַן'ס קעשענע געגומען ביסלאכווייז צוגעהן.

צום סוף האָט לוק זיך אָנגענומען מיט מוטה און געזאָגט:

— מיר האָבען אייך עפּעס מיטגעבראַכט.

זי האָט געפרעגט:

— וואָס דען?

דאַן האָט זשאַן רויט ווערענדיג ביז איבער די אויערען, ארויסגענומען פון קעשענע דאָס קליין פּאַפּירענע זעקעלע און עס איהר דערלאַנגט.

זי האָט גענומען סמאָטשקען די קאָנפעקטען און זיי ארומגע־וואָרפען אין מויל פון איין זייט אויף דער אַנדערער.

ביידע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געזעסען נאָר איהר, האָבען זי אָנגעקוקט בעוועגט און געריהרט.

דאַן איז זי אוועק מעלקען איהר קוה און ווען זי איז צוריק געקומען, האָט זי ווידער געגעבען אביסעל מילך.

אַ גאַנצע וואָך האָבען זיי געטראַכט פון דער מיידעל און עט־ליכע מאָל פון איהר גערעדט. דעם קומענדיגען זונטאג האָט זי זיך געזעצט נעבען זיי, אום לענגער א ווייל צו פּלוידערען. און אַלע דריי זיינען געזעסען זייט ביי זייט מיט די הענד פעריייגט אויף די קניע, האָבען געקוקט אין דער ווייטקייט אריין און זיך דערצעהלט אלערליי געשיכטען און איינצעלהייטען פון'ם דאָרף, וואו זיי זיינען געבאָרען געוואָרען, ווערהענד די קוה, וועלכע האָט זיך פון ווייטען אויף'ן פעלד געפּאַשעט, דערזעהענדיג, אַז דאָס מיידעל האָט זיך אויף'ן וועג אָבגעשטעלט, האָט זי צו איהר אויסגע־שטרעקט דעם שווערען קאָפּ און גענומען מיקען לאַנג אויסגעצוי־גען, אום זי צו רופען.

אין ניכען האָט שוין דאָס מיידעל פון זיי אָנגענומען אַ שטיק וואורשט און א ביסעל וויין. און אָפט האָט זי איצט זיי מיטגע־בראַכט אין קעשענע פלוימען, ווייל עס איז גראַדע געווען די צייט ווען די פלוימען ווערען רייף. איהר אַנוועזנהייט האָט ביידע

קליינע ברעטאָנישע סאָלדאַטען געמאַכט זעהר פרעהלאַך און איצט האָבען זיי שוין געפּלוידערט מיט איהר, ווי מיט אן אייגענעם מענ־שען.

טרעפט זיך איינמאָל אַ דיענסטאג, אַז לוק־לע־גאַנידעק בעט מען זאָל איהם אָפּלאָזען, וואָס ער האָט פריהער קיינמאָל ניט גע־טהאָן, און קעהרט זיך אום צוריק אין קאַזאַרמע ערשט צעהן אַזייגער ביינאַכט.

זשאַן'ען האָט עס געוואונדערט און ער האָט זיך געבראַכען דעם קאָפּ טראַכטענדיג, פאַר וואָס זיין קאַמעראַד איז עפּעס פּלוצים אוועקגעגאַנגען.

דעם קומענדען פרייטאג האָט לוק געליהען ביי זיין חבר צעהן סו, האָט ווידער געבעטען מען זאָל איהם אָפּלאָזען און איז בעפרייט געוואָרען אויף עטליכע שטונדען.

און ווען ער איז זונטאג אוועק מיט זשאַן'ען אויף זייער גע־וועהנליכען שפּאַציער, האָט ער אויסגעזעהן עפּעס מאָדנע, אין גאַנ־צען פערענדערט. זשאַן האָט ניט פערשטאַנען וואָס דאָ טהוט זיך. ער האָט נור געהאַט אן אונבעשטימטען פערדאַכט, אַלייז ניט וויסענדיג וואָס אייגענטליך ער פערדעכטיגט.

זיי האָבען ניט גערעדט קיין וואָרט ביז צו זייער שטענדיגען פּלאַץ, וואו דאָס גראָז איז שוין געווען צודריקט און צוטרעטען. זיי האָבען לאַנגזאַם געגעסען זייער פריהשטיק, ביידע זיינען ניט געווען הונגעריג.

באַלד האָט זיך בעוויזען דאָס מיידעל. זיי האָבען זי געזעהן קומענדיג ווי יעדען זונטאג. ווען זי איז שוין צוגעקומען גאַנץ נאָהענט, איז לוק אויפגעשטאַנען און אַ פּאָאַר טריט איהר אנט־קעגען געגאַנגען. זי האָט אַרונטערגעשטעלט דעם עמער אויף דער ערד און אַ קוש געטהאָן לוק'ן. זי האָט איהם שטורמדיג אַרומ־גענומען, ניט קימערענדיג זיך וועגען זשאַן'ען, ניט בעמערקענ־דיג זיין אנוועזענהייט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר דאָ ניט געווען.

דער אָרימער זשאַן איז געוואָרען אַזוי צושראָקען, אַזוי צו־מישט, דאָס ער האָט אין פלוג נאַרנישט בעגריפען וואָס דאָ געהט פאָר. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אלעס אין איהם האָט זיך אי־

בערגעקעהרט, זיין הארץ אין שטיקער צוריסען און ער האָט אי יאָ פערשטאנען אי ניט פערשטאנען, וואָס דאָס בעדייטעט.

דאַן האָט זיך דאָס מיידעל געזעצט נעבען לוק׳ן און זיי האָבען גענומען פּלוידערען. זשאַן׳ען האָט זי ניט אָנגעקוקט. ער האָט זיך איצט אָנגעשטויסען, פארוואָס זיין חבר האָט היינטיגע וואָך געבעטען צוויי מאָל, מען זאָל איהם אָפּלאָזען און ער האָט געפיהלט א ביטערען וועהטאָג, געפיהלט זיך פערוואונדעט, פער־ראטהען.

לוק און דאָס מיידעל זיינען אויפגעשטאנען, אום צוזאמען די קוה צו בעזאָרגען.

זשאַן האָט זיי נאָכגעקוקט. ער האָט געזעהן ווי זיי האָבען געטראָטען זייט ביי זייט און ווי זיין חבר׳ס רויטע הויזען שלאָגען אָב פון דער ארומיגער גרינקייט.

דאָס מיידעל האָט זיך איינגעבויגען און גענומען מעלקען די קוה און לוק איז געשטאנען דערביי און האָט פערטראכט געגלעט די בהמה איבער׳ן רוקען. דערנאָך האָבען זיי געלאָזט דעם עמער שטעהן אויפ׳ן גראָז און זיינען אוועק אין וואלד אריין.

זשאַן האָט מעהר נישט געזעהן, ווי די גרינע בוימער הינטער וועלכע זיי זיינען פערשוואונדען געוואָרען און אויפ׳ן הארצען איז איהם געוואָרען אזוי טרויעריג, דאָס ער האָט זיך ניט געקענט ריה־רען פון אָרט.

ער איז געבליבען זיצען אונבעוועגליך; איבערוועלטיגט פון ערשטוינען, קומער און ליידען. עס האָט זיך איהם געוואָלט וויי־נען, אנטלויפען, בעהאלטען זיך, מעהר קיינעם ניט אָנקוקען.

פּלוצים האָט ער זיי דערזעהן, ווי זיי זיינען ארויס פון צווי־שען די בושען. זיי האָבען זיך לאַנגזאַם צוריקגעקעהרט און זיך געהאלטען פאר די הענד, ווי חתן כלה אין דאָרף. לוק האָט גע־טראָגען דעם עמער.

איידער זיי האָבען פערלאָזען איינער דעם אנדער׳ן, האָבען זיי זיך נאָך אַמאָל צוקושט, און דאָס מיידעל איז אוועק נאָכדעם ווי זי האָט פריינדליך אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ צו זשאַן׳ען אלס אבשיעד און צו איהם פיעלדייטיג אַ שמייכעל געטהאָן.

און היינטיגס מאָל האָט זי זיי ניט פאַרגעשלאָגען קיין מילך.

ביידע קליינע סאָלדאַטען זיינען געבליבען זיצען זייט ביי זייט, אונבעוועגליך ווי אימער, שווייגענדיג, רוהיג און קיין שום אויפרעגונג האָט זיך אויף זייערע שטאַרע פּנים׳ער ניט בעוויזען. די זון האָט וואַרעם געשיינט אויף זיי. פון צייט צו צייט האָט די קוה געמיקעט און זיי פון וויימען אָנגעקוקט.

אין דער געוועהנליכער צייט זיינען זיי אויפגעשטאַנען אום אַהיים צו געהן.

לוק האָט ווי אַלע מאָל אָבגעשיילט אַ צווייגעל. זשאַן האָט געטראָגען די ליידיגע פלאַש און זי אָבגעבראַכט צום וויין־הענדלער אין בעצאָן. דאַן זיינען זיי ווי יעדען זונטאג געגאַנגען איבער׳ן בריק און זיינען אויף אַ ווײַלע געבליבען שטעהן אין מיטען, אום אויף דעם וואַסער אַראָבצוקוקען.

זשאַן האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר אַריבערגעבויגען איבער דער אייזערנער פּאַרענצע, ווי ער וואָלט אונטען אין שטראָם עפּעס דערזעהן, וואָס האָט צוגעצויגען צו זיך זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט.

לוק האָט צו איהם געזאָגט:

— דו ווילסט הפּנים פאַרזוכען דאָס וואַסער פון׳ם טייך?

אָבער ער האָט נאָך ניט בעוויזען אַרויסצורײדען דעם לעצטען וואָרט, ווי זשאַן האָט פערלאָרען דאָס גלייכגעוויכט, עס האָט אויסגעזעהן, ווי דער קאָפּ וואָלט דעם קערפּער אַרונטערגעשלעפּט, די פיס האָבען זיך אַ צאַפּעל געטהאָן אין דער לופטען, זיך אַ דרעה געטהאָן אין אַ קרייז און דער קליינער סאָלדאַט, אָנגעטהאָן אין רויט און בלוי, איז מיט אַמאָל אַרונטערגעפאַלען, האָט געגעבען אַ פּליוסק אין וואַסער אַריין און איז פערשוואונדען.

לוק׳ן האָט אָבגענומען דער לשון פאַר שרעק. ער איז ניט געווען אימשטאַנד אַ געשריי צו טהאָן. פון וויימען אין׳ם טייך האָט ער געזעהן, ווי עטוואָס בעוועגט זיך, דאַן האָט זיך נאָך אַמאָל בעוויזען דער קאָפּ פון זיין קאַמעראַד פון אויבען אויף׳ן וואַסער און איז גלייך צוריק פערשוואונדען.

עטוואָס ווייטער מיט׳ן שטראָם האָט ער דאַן נאָך אַמאָל דער־

זעהן אַ האַנד, נור איין האַנד, וואָס האָט זיך פון אויבען איבער'ן טייך בעוויזען און האָט זיך גלייך ווידער אַראָבגעלאָזען. דאָס איז געווען אַלעס.

עס זיינען גלייך אָנגעלאָפען שיפער, אָבער זיי האָבען ניט גע־קענט געפינען דעם קערפער.

לוק האָט זיך אַליין צוריקגעקעהרט אין קאַזאַרמע. ער איז געלאָפען אָהן אַן אָטהעם און אַ צומישטער, אַן אויפגערעגטער, מיט טרעהרען אין די אויגען, מיט אַ פערשטיקטען קול און זיך שנייר־צענדיג אַלע ווײַלע, האָט ער פון דעם אונגליק דערצעהלט:

— ער האָט זיך אַריבערגעבויגען ווייט, ווייט, אַזוי דאָס דער קאָפּ האָט איהם אײַנגעצאָנגען אַרונטערגעצויגען . . . און . . . און . . . דאַן האָט ער גענומען פאַלען . . . פאַלען . . . . פאַלען . . . .

מעהר האָט ער ניט געקענט ריידען פאַר גרויס אויפרעגונג. ווען ער זאָל וויסען . . .



# דער מארקיז פון פומעראל.



אזשער פון טורנוויל איז געזעסען צווישען זיינע פריינד רייטענדיג אויף א שטול און האט דערצעהלט. אין דער האנד האט ער געהאלטען א סיגאר און פון צייט צו צייט האט ער איהם צוגעטראגען צום מויל און ארויסגעלאזט א קליין וואלקענדעל רויך:

— מיר זיינען געזעסען ביים טיש, ווען א בריעף איז אנגעקומען. פאפא האט איהם געעפענט. איהר קאנט מיין פאפא. ער דענקט, אז ער איז דער פערטרעטער פון דעם קעניג אין פראנקרייך. איך רוף איהם דאן קיכאט, ווייל ער האט גאנצע צוועלף יאהר זיך ארומגע־שלאגען מיט די ווינד־מיהלען פון דער רעפובליק, קיינמאל ניט וויסענדיג אליין אין וועמענס נאמען ער שלאגט זיך — צי אין בורבאן'ס נאמען, צי אין ארלעאנס'עס נאמען, היינט קעמפפט ער פיר ארלעאנס, אז ארלעאנס זאל ווערען קעניג אין פראנקרייך, ווייל קיין בורבאן איז ניט פערבליבען. אזוי צו אזוי, מיין פאפא האלט זיך פיר דעם ערשטען זשענטעלמאן אין פראנקרייך, פיר דעם בעקאנטעסטען, דעם איינפלוסרייכסטען. קורץ, פיר דעם הויפט פון דער מאנארכיסטישער פארטיי.

מיין מאמא איז מיין פאפא'ס זעעלע, די זעעלע פון דעם מא־נארכיזמוס און פון דער רעליגיאן, דער רעכטער ארם פון גאט אויף דער ערד און דער שטראף־רוט פון די אפיקורסים.

קורץ, ווען מיר זיינען געזעסען ביים טיש, האט מען דעם בריעף אריינגעבראכט. פאפא האט איהם געעפענ. איבערגעלעזען, א קוק געטהאן אויף מאמא'ן און געזאגט:

— דיין ברודער שטארבט.

מאמא איז בלייך געווארען. ביי אונז אין'ם הויז האט מען קיינ־

מאָל פון דעם אנקעל ניט גערעדט. איך האָב איהם גאר ניט גע־קענט. נור פון דעם, וואס אנדערע האָבען וועגען איהם דערצעהלט, האָב איך געוואוסט, אז ער האָט געפיהרט און פיהרט נאָך עד היום א לעבען פון אן אוואנטוריסט. זיין גאנץ פערמעגען האָט ער אויף ווייבער גע׳פטר׳ט און נאָך איצט האָט ער אויפגעהאלטען צוויי גע־ליעבטע אין זיין קליינער וואהנונג אויף דער רי דעמארטר.

אן אמאָליגער פעער פון פראנקרייך און אן אמאָליגער קאָלאָנעל פון קאוואלעריע, האָט ער ניט געגלויבט ניט אין גאט און ניט אין טייפעל, אזוי האָט מען דערצעהלט. ער האָט ניט געוואלט וויססען פון א יענער וועלט, גענומען אלע פערגעניגענס אויף דער וועלט און דערפאר איז ער געוועזן פיר מיין מאמען א דאָרן אין די אויגען און אינ׳ם הארצען.

זי האָט זיך אָנגערופען:

— פאול, גיב מיר דעם בריעף.

און אז זי האָט איהם איבערגעלעזען, האָב איך איהם דערנאָך אויך איבערגעלעזען.

אין דעם בריעף איז געשטאַנען:

„הערר גראף! איך מיין, איך מוז אייך לאזען וויסען, אז אייער שוואגער, דער מארקיז פון פומעראלו, האַלט ביים שטאַרבען. אפשר דארפט איהר עס וויסען און פערגעסט ניט, אז איך האָב עס אייך וועגען דעם מודיע געוועזן.

אייער דיענערין,

מעלאָני“.

פאפא האָט ארויסגעמורמעלט:

— מיר מוזען א טראכט טהאָן וועגען דעם. א מענש אין מיין לאגע מוז זאָרגען וועגען די לעצטע מינוטען פון מיין שוואגער, פון דיין ברודער.

מאמא האָט זיך אנגערופען:

— איך וועל שיקען נאָך דעם אבבע פאָיווראן און וועל ביי איהם פרעגען אן עצה און דערנאָך וועל איך מיט דעם אבבע און ראָזשער געהן געוואהר ווערען איהם. דו פאול, וועסט ניט געהן. דו דארפסט זיך ניט קאָמפּראמעטירען. א פרוי קאן און מוז עפעס

טהאָן ביי אזא פאל, אבער פיר א פּאָליטיקער, וואָס פערנעהמט אזא הויכע שטעלע, ווי דו, פּאסט ניט צו אינטערעסירען זיך מיט אזא מענשען, ווי מיין ברודער. אמת, אפשר פאדערט טאָקע דער יושר, דו זאלסט איהם אין אזא צייט בעזוכען, אָבער דיינער א געגנער קאָן עס נאָך דיר אמאָל אויפוואַרפען. ניין, בלייב דאָ.

— דו ביזט גערעכט — האָט פּאפּא געענטפערט — טהו ווי דו פערשטעהסט.

אין א פערטעל שטונדע ארום איז דער אבבע פּאיווראן שוין געזעסען ביי אונז אין׳ם סאלאן און פּאפּא און מאמא האָבען זיך מיט איהם אן עצה געהאלטען, וואס צו טהאָן און ווי צו האנדלען אין דעם דאזיגען פאל.

ווען דער מארקיז פון פומעראל, איינער פון די גרעסטע מיוחסים אין פראנקרייך, זאל חלילה שטאַרבען אהן ווידוי און אהן דעם טרויסט פון דער רעליגיאָן, וואָלט עס געווען א גרויסער קלאפּ פיר דעם פראנצויזישען אדעל, בעזאנדערס פיר דעם גראף פון טורנעוויל. די פריידענקער וועלען טריאומפפירען. די פערדארבענע פּרעססע וועט מאַכען לאנג זיך פרעהען מיט דעם, ווי מיט א גרויסען זיעג איבער דעם שונא. דער נאמען פון מיין מאמא וועט בעשמוצט ווערען. די סאציאליסטישע צייטונגען וועלען וועגען דעם פויקען. מיין פּאפּא׳ס נאָמען וועט ווערען צו שפּאט און צו שאנד. ניין, מען טאָר עס ניט דערלאזען.

אלזא, עס איז בעשלאָסען געוואָרען ניט צו שווייגען וועגען דעם, אנצואווענדען אלע מיטלען, אז דער אנקעל זאל ניט שטארבען אהן ווידוי.

דער הויפּט אויפטהוער אין דעם האָט געזאלט זיין, פערשטעהט זיך, דער אבבע פּאיווראן, א קורצער, דיקער זעהר זויבער־געקלייד־טער פּריסטער, פון וועמען עס האָט תמיד געשמעקט מיט פארפיום, א ריכטיגער וויקאר פון א גרויסער קירכע אין א רייכען און פאר־נעהמען קווארטאל.

פּאפּא האָט געהייסען איינשפּאנען א קארעטע, און מאמא, דער אבבע און איך זיינען אוועקגעפאהרען צום שטאַרבענדען אָנקעל.

עס איז געבליבען ביי אונז, אז פריהער מוזען מיר ריידען מיט

מעלאַניען, וועלכע האָט צוגעשיקט דעם בריעף. ווער זי איז, וואס פיר א שטעלע זי פערנעהמט אין אנקעל'ס הויז, האָבען מיר ניט גע־וואוסט.

מיר האָבען זיך אפּגעשטעלט פאר א זיעבען־שטאקיג הויז. איך בין ארויס פון דער קארעטע און איך בין אוועק אליין, אום אויס־צוגעפינען די מעלאַניע.

איך בין אריינגעגאנגען אין א פינסטערען קאָרידאָר און קוים אויסגעפונען די טיר פון דעם הויז־אויפזעהער. דער מאן האָט מיך אָנגעקוקט פערדעכטיג.

איך האָב געפרעגט:

— וואָהנט דאָ פרייליין מעלאַניע?

— איך קען זי ניט.

— אָבער איך האָב פון איהר א בריעף ערהאלטען.

— עס קאן זיין, אָבער איך קאָן זי ניט. ווער איז זי, א גאסען־פרוי?

— ניין, מסתמא א דיענסטמיידעל. זי האָט מיר וועגען א שטעלע געשריעבען.

— א דיענסטמיידעל? א דיענסטמיידעל? אפשר די מיינט איהר, וועלכע איז ביים מארקיז. געהט, זייט מוחל, אויף'ן פינפטען שטאָק לינקס.

ווען ער האָט דערהערט, אז איך זוך ניט קיין גאסען־פרוי, איז ער געוואָרען פריינדליכער און האָט מיך בעגלייט ביז צו די טרעפּ. ער איז געווען א הויכער, מאָגערער מאן, מיט ווייסע באקענבארדען און האָט זיך געהאלטען אזוי וואזשנע.

איך בין ארויפגעלאָפען אויף די נעדרעהטע טרעפּ, וועלכע זיינען געווען שמוציג און קלעפּיג, און האָב דריי מאָל אנגעקלאפּט אין א טיר אויף דעם פינפטען שטאק.

באלד האָט זי זיך געעפענט און א מעכטיגע פרוי, זעהר א שמוציגע, איז געשטאנען פאר מיר און האָט מיר פערשטעלט דעם אריינגאנג.

זי האָט ארויסגעברומט:

— וואָס דארפט איהר?

— זייט איהר פריילין מעלאַניע?

— יאָ.

— איך בין דער גראף פון טורנעוויל.

— זעהר שעהן. קומט אריין.

— מאַמאַ איז אונטען מיט אַ פּריסטער.

— גוט, רופט זיי ארויף, אבער איהר זאלט זיך נור היטען פיר דעם הויז־אויפזעהער אונטען.

איך בין ארונטערגעגאנגען און ארויפגעפיהרט די מאמא. דער אבבע איז געגאנגען פון הינטען.

מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אזוי ווי איך וואלט הינטער זיך געהערט עמיצענס טריט.

אריינגעקומען אין דער קיך, האָט מעלאַניע אונז אונטערגע־טראָגען שטולען און באלד זיינען מיר אלע פיער געזעסען.

— מאמא האָט געפרעגט:

— ער פיהלט שלעכט, הא?

— יא, גנעדיגע פרוי, ער וועט שוין ניט לאנג ציהען.

— דענקט איהר, אז ער וואלט צוגעלאזען אַ פּריסטער?

— אָה, דאָס גלויב איך ניט.

— קאָן איך איהם זעהן?

— יאָ, גנעדיגע פרוי, נור — נור די מיידלאך זיינען איצט ביי איהם.

— וועלכע מיידלאך?

—נו, אָט יענע.... איהר ווייסט דאך.... זיינע גוטע פריינדינען.

— אה!

מאמא איז רויט געוואָרען.

דער אבבע האָט ארונטערגעלאזט די אויגען. מיך האָט עס אמוזירט און איך האָב זיך אנגערופען:

— איך אליין האָב אפריהער געדארפט אריינגעהן צו איהם, איך וואלט דאן געקאנט זעהן, ווי אזוי ער וועט מיך אויפנעהמען און אויב גוט, וואלט איך ביי איהם אפשר גע׳פועל׳ט, ער זאָל אייך אויך אויפנעהמען.

מאמא האָט געענטפערט, ניט פערדעכטענדיג מיך אין קיין זינדיגע געדאנקען:

— יאָ, מיין קינד, דו ביזט גערעכט.

ערגעץ האָט זיך א טיר געעפענט און א קול, א פרויען קול, האָט א רוף געטהאָן:

— מעלאָניע!

די דיקע דיענסט איז אויפגעשפרונגען:

— איהר ווילט עפּעס, פריילייַן קלארא?

— דעם אמעלעט.

— גלייך, פריילין.

דאן האָט זי זיך א קעהר געטהאָן צו אונז און ערקלעהרט:

— זיי האָבען ביי מיר בעשטעלט צום פריהשטיק פיר צוויי אוהר אן אמעלעט פון קעז.

און זי האָט גלייך צוקלאפּט אייער אין א שיסעל און גענומען מישען.

איך בין ארויסגעגאנגען אין קארידאר און אנגעקלונגען, אום אַפּיציעל מיין קומען צו מעלדען.

מעלאניע האָט מיר געעפענט, אריינגעלאזען מיך אין פאדער־צימער און איז אוועק מעלדען דעם אנקעל וועגען מיין קומען. דאן האָט זי מיר געזאגט, איך זאל אריינגעהן.

דער אבבע האָט זיך בעהאלטען הינטער דער טיר, אום צו ווארטען אויף מיין צייכען, ווען אריינצוקומען.

ווען איך האָב דערזעהן מיין אָנקעל, בין איך ערשטוינט גע־וואָרען. דער אלטער לעבעמאן איז געוועזן זעהר שעהן און האָט אויס־געזעהן זעהר פארנעהם.

ער איז געזעסען, אָדער גיכער געלעגען אויף א גרויסען פאטעל מיט א דעקע איבער די קניע, וועהרענד זיינע הענד, לאנגע, בלאסע הענד, האָבען אויף דער פארענץ גערוהט. אזוי האָט ער געוואַרט אויף דעם טויט מיט דער ווירדע פון א פאטריארך. די ווייסע באָארד איז איהם געפאלען אויף די ברוסט ארונטער און זיינע האָאר, אויך שנעע־ווייס, זיינען געהאנגען ארום זיינע באקען.

הינטער זיין פאטעל זיינען געשטאנען, אזוי ווי אום איהם צו

פערטהיידיגען נעגען מיר, צוויי יונגע פרויען, קליינע און דיקע, און האָבען געקוקט אויף מיר מיט פרעכע אויגען פון פראָסטיטוט־קעס. זיי זיינען געשטאַנען אין קורצע אונטער־קליידלאך מיט נאַקעטע ארעמס, צולאזטע לאַנגע, שווארצע האָאר איבער'ן רוקען. זיי האָבען געטראָגען אָריענטאַלישע פאַנטאפעל מיט גאָלד־שטיקעריי און פון זייערע זיידענע זאָקען האָבען זיך ארויסגעזעהן זייערע ווייסע קנעכלאך. זיי האָבען אַן איינדרוק געמאַכט נעבען דעם שטערבענדען, ווי די פערקערפערונג פון זינד אויף א סימבאָלישען בילד.

צווישען דעם פאָטעל און דעם בעט איז געשטאַנען א קליין טישעל, איבערגעדעקט מיט א טישטוך, און אויף דעם זיינען אויסגעשטעלט געווען צוויי גלעזער, צוויי טעלער, צוויי גאָפּלען און צוויי מעסער. קאַנטיג, אז די מיידלאך האָבען געוואַרט אויף דעם קעז־אַמעלעט, וואָס זיי האָבען ביי מעלאַניע'ן בעשטעלט.

מיין אָנקעל האָט זיך אָנגערופען מיט א שוואַך קול, אָטהעמענדיג שווער, אָבער גאַנץ קלאָר:

— גוט מאָרגען, מיין זוהן. דו קומסט אביסעלע צו שפּעט, אום צו זעהן זיך מיט מיר. אונזער בעקאַנטשאַפט וועט לאַנג ניט דויערען.

איך האָב ארויסגעשטאַמעלט:

— ליעבער אָנקעל, דאָס איז ניט מיין שולד.

ער האָט געענטפערט:

— ניין, דאָס ווייס איך. דיין פאָטער און מוטער זיינען אין דעם מעהר שולדיג ווי דו. וואָס מאַכען זיי?

— איך דאַנק דיר. זיי פיהלען זיך גאַנץ גוט. ווען זיי האָבען דערהערט, אז דו ביזט קראַנק, האָבען זיי מיך געשיקט, צו זעהן, וואָס דו מאַכסט.

— אזוי! פאַרוואָס זיינען זיי אַליין ניט געקומען?

איך האָב א קוק געטהאָן אויף די ביידע מיידלאך און געזאָגט מיט א גאַנץ ווייך קול:

— עס איז ניט זייער שולד, וואָס זיי האָבען ניט געקענט קומען, אָנקעל. אָבער עס וואָלט געווען אונאַנגענעהם פיר מיין פאָטער און אונמעגליך פיר מיין מוטער צו קומען אהער.

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט, האָט נור אויסגעשטרעקט

זיין האנד צו מיר און איך האב גענומען זיין בלייכע, קאלטע האנד און געהאלטען אין מיינער.

מעלאניע איז אריינגעקומען מיט דעם אמעלעט און האט איהם אוועקגעשטעלט אויף'ן טיש. די צוויי מיידלאך האבען זיך גלייך גע־זעצט עסען און ניט ארונטערגענומען די אויגען פון מיר.

דערנאך האב איך זיך אנגערופען:

— אנקעל, מיין מוטער וואלט דיך געוואלט זעהן.

— איך וואלט אויך געוואלט....

מעהר האט ער גאר נישט געזאגט און איך האב אויך ניט גע־וואוסט, ווי אזוי איהם פארצוברייטען פיר מיין מוטער'ס בעזוך. א ווייל'ע האט זיך אינ'ם צימער מעהר גאר נישט געהערט, ווי דאס קלאפען פון די גאפלען אן די טעלער און דאס שטיל קייען פון די מיילער.

דאן האט דער אבבע, וועלכער איז געשטאנען הינטער דער טיר און האט בעמערקט אונזער פערלעגענהייט, געמיינט, אז איצט איז דער ריכטיגער מאמענט פיר איהם ארויסצוטרעטען, און ער איז אריינגעקומען.

מיין אנקעל איז אזוי צוטומעלט געווארען, בעת ער האט איהם דערזעהן, דאס ער איז צוערשט געבליעבען זיצען ווי פערשטיינערט. דערנאך האט ער אויפגעעפענט דעם מויל, אזוי ווי ער וואלט דעם פריסטער געוואלט איינשלינגען. באלד האט ער אויסגעשריען מיט א שטארק, טיעף און צורייצט קול:

— וועמען זוכט איהר דא?

דער אבבע, וועלכער איז שוין געוועהנט געווען צו אונאנגע־נעהמע לאגעס, האט זיך אלץ נעהענטער און נעהענטער גערוקט צום אנקעל און געמורמעלט:

— אייער שוועסטער האט מיך געשיקט אהער... זי וועט אזוי גליקלאך זיין, הערר מארקיז....

אבער דער מארקיז האט איהם ניט געהערט, ער האט אויפגע־הויבען די האנד, געוויזען מיט א טראגישער בעוועגונג אויף די טיר און פערצווייפעלט געשטאמעלט:

— ארויס, ארויס, איהר זעלען־רויבער! ארויס, איהר געווי־

סענס־פלאגער! ארויס, ווי האָט איהר געוואגט אריינצורייסען זיך אין דאס צימער פון א שטערבענדען!

דער אבבע האָט זיך א לאז געטהאָן צוריק צו דער טיר, איך נאָך איהם. דיביידע מיידלאך האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע ערטער, איבערלאזענדיג א העלפט פון זייער אמעלעט אין די טעלער, האָבען זיך אוועקגעשטעלט פון ביידע זייטען פאטעל הינטער מיין אָנקעל, אוועקגעלייגט זייערע הענד אויף זיינע ארמס, אום איהם צו בערוהיגען, איהם צו בעשיצען געגען אזא פערברעכערישען איבער־פאל פון דער פאמיליע און פון דער קירכע.

דער אבבע און איך האָבען זיך ווידער געטראפען מיט מאמא'ן אין דער קיך און מעלאַניע האָט אונז ווידער איינגעלאדען זיך צו זעצען.

— איך האָב געוואוסט, אז אזוי וועט מען מיט איהם גאר־נישט מאכען — האָט מאמא געזאגט — מיר מוזען אויסטראכטען עפּעס אנדערס, אניט וועלען מיר איהם פערליערען...

און מען האָט זיך גענומען עצות האלטען. מאמא האָט געדענקט אזוי, דער אבבע אנדערש און איך ווידער אנדערש.

אזוי האָבען מיר דיסקוטירט אָן ערך פון א האלבע שטונדע. פּלוצים האָבען מיר דערהערט א גוואלדיגען ליארם פון פאלענדיגע שטולען און מיין אנקעל'ס קול, בייזער און צורייצטער, ווי פריהער. מיר אלע זיינען אויפגעשפּרונגען.

דורך די טירען האָבען מיר געהערט:

— ארויס!.. ארויס, איהר לומפּען, איהר באנדיטען, איהר שופטען, ארויס! ארויס!

מעלאַניע איז ארויסגעלאָפען, האָט זיך באלד צוריקגעקעהרט און מיך א רוף געטהאָן. איך בין אריינגעלאפען צום אנקעל. ער האָט זיך כמעט אויפגעהויבען פאר אויפרעגונג און געקוקט אויף צוויי מענער, וועלכע זיינען געשטאַנען געגען איהם און האָבען גע־ווארט, ווי עס האָט אויסגעוויזען, אז ער זאל פאר כעס שטאַרבען.

אָן דעם לאנגען, לעבערליכען ראק, די לאנגע, ענגלישע שיך, אָן דעם שטייפען הויכען קראגען און דעם ווייסען שניפּסעל, אָן די גלאַט־פערקאמטע האאר און דעם אויסדרוק פון דעם צבוע'צקען

גלח'שען פנים, האָב איך גלייך דערקאַנט אין איינעם פון די מענער א פּראָטעסטאַנישען פאַסטאר.

דער צווייטער איז געווען דער הויז־אויפזעהר, וועלכער האָט בעלאנגט צו דער רעפארמירטער קירכע. ער איז אונז נאכגעגאנגען, האָט געזעהן אונזער נידערלאגע און איז דערנאך צו זיין פאַסטאר אוועקגעלאָפען, האָפענדיג מסתמא, אז איהם וועט בעסער אפגליקען.

מיין אָנקעל איז געווען אויסער זיך פאר כעס. ווי טריפה ביי איהם איז נישט געווען א קאטוילישער פריסטער, איז ער דאך געווען דער פריסטער פון זיינע עלטערענ'ס רעליגיאָן, אָבער דער פּראָ־טעסטאַנישער גלח, אז ער זאָל זיך אריינרייסען צום מארקיז פון פומעראל, דעם פריידענקער, אין דאס הויז, אום צו וועלען ראטעווען זיין נשמה, — דאָס איז געווען מעהר ווי פרעך.

איך האָב א כאפּ געטהאָן דיביידע מענער ביי די ארמס און זיי אזא שליידער געטהאָן פון'ם צימער ארויס, דאָס זיי האָבען שיעור האלז און נאקען ניט געבראכען.

דערנאך בין איך ווידער אריינגעלאָפען אין די קיך, אין אונזער הויפּט־קוואַרטיר, וואו די מאמא און דער פריסטער האָבען גע־ווארט.

איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט א ווארט אויסצורייִדען, ווי מעלאניע איז אריינגעפאלען מיט א יאמער:

— ער שטאַרבט! ער שטאַרבט! קומט גיכער, ער שטאַרבט!

מיין מוטער איז אריינגעלאָפען, נאך איהר דער אבבע און איך.

דער אנקעל איז געלעגען אויף ד'רערד און האָט זיך ניט גערירט. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז שוין טויט.

מאמא האָט זיך אין דעם דאזיגען מאָמענט בענומען וואונדער־פול. זי איז צוגעגאנגען צו די ביידע מיידלאך, וועלכע זיינען גע־שטאנען אויף די קניע נעבען קערפער, האָט זיי מיט א בעוועגונג, פול ווירדע, אנגעוויזען אויף די טיר און געזאגט:

— איצט דארפט איהר ארויסגעהן.

און זיי זיינען ארויסגעגאנגען, ניט אויסרעדענדיג א ווארט. איך מוז בעמערקען, אז איך בין שוין גרייט געווען צו בעגעהן זיך מיט זיי פונקט ווי מיט דעם פאַסטאר און דעם הויז־אויפזעהר.

דערנאָך האָט דער אבבע געגעבען מיין אנקעל די לעצטע אוילונג, געזאגט די תפילות און איהם פערגעבען זיינע זינד.

מאמא איז געשטאַנען אויף די קניע נעבען איהר ברודער און האָט געוויינט. פּלוצים האָט זי אויסגעשריען:

— ער האָט מיך דערקאנט, ער האָט מיר די האנד געדריקט איך וויים עס בעשטימט. ער האָט מיך דערקאנט און ער האָט מיך געדאנקט. אה, מיין גאָט, וואס פיר א פרייד!

ארימע מאמא, ווען זי וואלט פערשטאַנען, צו וועמען דער דאַנקבארער דאנק האָט בעלאנגט און פיר וואס, אז ער האָט בעלאנגט צו — די מיידלאך....

מען האָט דעם אנקעל אוועקגעלייגט אויף זיין בעט. איצט איז ער שוין געווען טוים.

מעלאַניע האָט זיך אָנגערופען:

— גנעדיגע פרוי, מיר האָבען ניט קיין בעט־געצייג אויף צו בעגראבען איהם. דאָס גאנצע בעט־געצייג געהערט די מיידלאך.

איך האָב א קוק געטהאָן אויף דאס איבערגעבליבענע אמעלעט און מיר האָט זיך פערגלוסט אי צו וויינען, אי צו לאַכען אין איין צייט. עס זיינען דאָ אמאָל מערקווירדיגע מאמענטען און וואונדערליכע געפיהלען אין׳ם לעבען.

נאטירליך האָבען מיר געמאכט א גרויסארטיגע לויה. פינף רעדנער האָבען אויף׳ן אנקעל׳ס קבר גערעדט. דער סענאטאר באראָן פאָן קראיססעל האָט אין שעהנע ווערטער געוויזען, אז אימער קעהרט זיך גאָט צוריק זיעגרייך אין די אריסטאקראטישע הערצער, וועלכע האָבען זיך אויף א ווייל פון איהם אפּגעזאגט.

אלע מיטגליעדער פון דער קאטוילישער און דער מאָנארכיסטישער פּארטיי זיינען אויף דער לויה געווען און האָבען מיט התפּעלות גערעדט וועגען דעם שעהנעם טויט נאָך דעם דאזיגען אביסעל־הפקר׳שען לעבען.

ראזשער פון טורנעוויל האָט געענדיגט און די צוהערער ארום איהם האָבען געלאַכט. דאן האָט עמיצער געזאגט:

—אַך, אזוי איז עס מיט אלע בעקעהרונגען אין דער לעצטער שטונדע.

# די שוועסטער ראנדאלי.

1.



יין, — האט געזאגט פיער זשובענעט.—איטאליען קען איך ניט, הגם איך בין צוויי מאל אהין געפאהרען. אבער יעדעס מאל בין איך צוליעב געוויסע אומ־שטענדען אבגעהאלטען געווארען אויף'ן גרענעץ און עס איז מיר אונמעגליך געווען צו פאהרען ווייטער. און דאך האבען מיר די דאזיגעביידע רייזען געגעבען א רייצענדען בעגריף פון די זיטען אין יענעם שענעם לאנד. מיט די שטעדט, די מוזעאומס, די קונסט־ווערק, מיט וועלכע איטאליען איז אזוי רייך, מיט די מוז איך נאך ערשט בעקאנט ווערען. ביי דער ערשטער גע־לעגענהייט, וועל איך ווידער פרובען אריינדרינגען אין דאס לאנד, וועלכע איז ביז אהער פאר מיר געווען אונערייכבאר.

איהר פערשטעהט ניט וואס איך מיין? — גוט, איך וועל אייך עס ערקלעהרען.

אין דעם יאהר 1874 האב איך געקראגען א פערלאנג צו בע־זוכען די שטעדט: ווענעדיג, פלארענץ, רוים און נעאפאל. דער דאזיגער וואונש איז מיר געקומען ארום דעם פופצעהנטען יוני, אין דער צייט, ווען די מעכטיגע קראפט פון'ם פריהלינג וועקט אויף אין אונזער הארצען א מין ציהעניש אין דער פרעמד, א בענקעניש נאך ליעבע.

פון דער נאטור אויס בין איך אייגענטליך ניט קיין רייזענ־דער. דאס אומבייטען פון פלעצער קומט ביי מיר אויס א גאנץ איבעריגע זאך און עס שטרענגט מיך אן. די נעכט אויף'ן אייזענ־באהן, דער אונרוהיגער שלאף אונטער דאס שטענדיגע טרייסלען

פון'ם וואגאן, מיט די קאפ־שמערצען און ברעכעניש אין אלע גליע־דער, דער שמוץ, וואס לעגט זיך אוועק אויף אייך, דער שטויב, וועלכער קריכט אריין אין די אויגען און די האאר, דער שטיקענ־דיגער גערוך פון די קויהלען, דאס שלעכטע עסענווארג א ן די בופעטען, וואוהין עס האלט שטענדיג אין איין ציהען — דאס אלעס, נאך מיין מיינונג, איז א שרעקליכער אנפאנג פאר א פער־געניגונגס־רייזע.

נאך דעם דאזיגען אנהויב אין דעם שנעל־צוג ערווארט אייך א גרויסער, אונבעקוועמער, פול מיט מענשען און דאך פוסטער האָ־טעל, מיט די פרעמדע, אומעדיגע צימערען, מיט דעם צוויישפעלהאפ־טען בעט. — מיין בעט איז ביי מיר טהייערער פון אלסדינג. דאס איז דאס הייליגסטע פון דאס הייליגע אין'ם לעבען. דעם בעט גיט דער מענש איבער זיין מיעדען קערפער, אום ער זאל זיך אברוהען און אבפרישען אין די ווייסע ליילאכער, אין דער ווארימקייט פון די קישען.

דארט פערברענגען מיר די זיסעסטע שטונדען פון אונזער לע־בען, די שטונדען פון ליעבע און פון שלאף. דאס בעט איז הייליג. מיר מוזען עס אכטען און שעצען און ליעבען, ווי דאס בעסטע און טהייערסטע, וואס עס איז דא אויף דער ערד.

אהן עקעל קען איך ניט אנריהרען דעם ליילאך אין האטעל. עס פאלט מיר איין, וואס איז געשעהן אין דעם זעלבען בעט ערשט נעכטען? וואס פאר א שמוציגע, אבשטויסענדע מענשען זיינען אויף די דאזיגע מאטראצען געלעגען? און גלייך קומען מיר אויף די געדאנקען אלע העסליכע ברואים, אלע קריפעלס, אויף וועלכע מען שטויסט זיך טאג טעגליך אן, מיאוסע, קרעציגע בעשעפענישען מיט שמוציגע הענד און פיס. איך דענק וועגען די מענשען פון וועלכע עס טראגט זיך א אונאויסשטעהליכער גערוך פון קנאבעל אדער שוויים. איך דענק וועגען קאליקעס, וועגען מענשען מיט אנשטעקענדיגע קראנקהייטען, וועגען דעם שוויים פון קראנקע, וועגען אלע העסליכקייטען און אלדעם שמוץ פון מענשען.

דאס אלעס איז געלעגען אין דעם דאזיגען בעט, אין וועלכען

איך דארף געהן שלאָפען. מיר ווערט שלעכט, אזוי גיך ווי איך שטעק נור אריין א פוס אהין.

און דאן די מאַלצייטען אין׳ם האָטעל, די לאנגע אָהן א סוף מאָלצייטען צווישען לאנגווייליגע אָדער לעבערליכע מענשען! און די שרעקליכע מיטאגען איינער אליין ביי א קליין טישעל אין א רעסטאָראן, בעלויכטען פון א קליין ליכטעל מיט אן אבאזשור פון אויבען.

און די אומעדיגע אבענדען אין אן אָרט, וואו מען איז ניט בעקאנט? איז דען דאָ נאָך עפּעס שרעקליכערעס, ווי די נאכט אין א פרעמדער שטאָדט? איהר געהט זיך אייער וועג אין מיטען פון אן עולם מענשען, אין מיטען פון טומעל און גערויש, וואָס קומט אייך פאָר, ווי עפּעס א חלום. איהר קוקט זיך איין אין די פּנים׳ער, וועלכע איהר האָט קיינמאָל ניט בעגעגענט פריהער און וועט קיינמאָל ניט זעהן שפּעטער, איהר הערט שטימען רעדענדיג וועגען זאכען, וועלכע זיינען אייך גלייכגילטיג. אין א שפּראך, וועלכע איז אייך פרעמד. א געפיהל פון איינזאמקייט, שרעקליכער איינזאמקייט, פאלט אויף אייך אָן און בעהערשט אייך. דאָס הארץ פערקוועטשט אייך, די פיס טרייסלען זיך און קענען ניט וויי־טער געהן, אויף דער נשמה איז שווער. איהר געהט, ווי איהר וואָלט וועלען אנטלויפען, איהר געהט אבי נור ניט צו קומען צוריק אין האָטעל, וואו איהר פיהלט זיך נאָך איינזאמער, נאָך פערלאָרענער, ווייל הגם דאָרט זייט איהר אפילו אין דער־היים אָבער דאָך נור אין א בעצאָהלטע היים, אין א היים, וואָס געהערט צו דער גאנצער וועלט. און ענדליך געהט איהר אריין אין וועלכען ניט איז קאפעע־הויז, וואו דער גלאַנץ און די העלע בעלויכטונג דריקען אייך נאָך טויזענד מאָל מעהר, ווי די פינסטערניש פון דער גאַס. דאָרט, ביי א שמוציגען גלאָז ביער, וואָס א געהאָרכזאמער קעלנער האָט דערלאנגט, פיהלט איהר זיך אזוי איינזאם, אזוי מורא׳דיג אליין, אַז אויף אייך פאלט אָן א מין משוגעת: דער וואונש צו אנטלויפען, וואוהין עס איז אוועק, גאנץ גלייך וואוהין, אבי נור ניט צו בלייבען דאָ, ביי דעם דאָזיגען מארמאָרנעם טישעל אונטער דער בלענדענדיגער בעלייכטונג. און פּלוצים ווערט אייך קלאָהר, אז איבע־

ראַל, אין דער גאַנצער וועלט איז דער מענש אַליין, מעהר נישט וואָס אין דער היים דורך דאָס שטענדיגע בעריהרונג מיט אונזערע נאָהענטע קריגען מיר דעם איינדרוק פון פערוואַנדשאַפט און ברי־דערליכקייט צווישען מענשען. אין די דאָזיגע שטונדען פון איינ־זאַמקייט און פערלאָזענקייט אין ווייטע שטעדט, ווערען די געדאַנ־קען קלאָהרער, ברייטער און טיעפער. מיט איין בליק דרינגט איהר דאָן אריין אין דאָס לעבען, אין דאָס ריכטיגע, דאָס אמת׳ע לעבען אָהן די אייביגע געגאַרטע האָפנונגען, אָהן דער אילוזיאָן פון די געוואהנהייטען און איהר וואָרט שוין נישט מעהר אויף דאָס גליק, פון וועלכען דער מענש הערט ניט אויף צו חלום׳ען.

ווען מען געהט אוועק אין דער פרעמדע, בעגרייפט מען ערשט דאָן, אויף וויפיעל אלעס איז נאָהענט, קליין און בעשרענקט. ווער עס זוכט דאָס אונבעקאַנטע, דער געפינט שנעל אויס, ווי אונוויכ־טיג און פערגענגליך אלעס איז אויף דער וועלט. און ווער עס האָט די ערד בערייזט, האָט ערשט איינגעזעהן, ווי קליין זי איז און ווי אלעס ווידערהאָלט זיך אויף איהר.

אך, איך קאָן זיי, די דאָזיגע דונקעלע אבענדען, ווען מען בלאָנזשעט ארום אָהן אַ צוועק איבער די אונבעקאַנטע גאַסען!.. פאַר זיי האָב איך מורא מעהר, ווי פאַר אלעס אין דער וועלט.

אזוי ווי איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט פאָהרען איינער אליין קיין איטאַליען, האָב איך איינגערעדט מיין פריינד פאול פאַ־ווילי, ער זאָל מיך בעגלייטען.

איהר קאַנט דאָך פאולען. פאַר איהם, ווי פאַר אַ סך מענער, איז אויף דער גאַנצער וועלט דאָ נור איין זאַך: פרויען. דאָס לעבען שיינט איהם פאָעטיש און ליכטיג נור אַ דאַנק די פרויען. אויף דער ערד קאָן מען וואָהנען נור דערפאַר, ווייל אויף איהר גע־פינען זיך פרויען. די זון שיינט העל און וואַרעם, ווייל זי בעשיינט זיי. די לופט, וועלכע מיר אטהעמען, איז זיס, ווייל זי גלעט זיי די באַקען און שפּיעלט זיך מיט די לאָקען אויף זייערע שלייפען. ער האָט ליעב די לבנה, ווייל אונטער איהר שיין טרוימען די פרויען פון ליעבע און גליק. אלע זיינע געדאַנקען דרעהען זיך ארום איהר,

ארום דער פרוי, ער ארבייט און זאָרגט נור פאר איהר, אלע זיינע האָפנונגען זיינען געווענדעט נור צו איהר.

ווען איך האָב מיט פּאול'ן גערעדט וועגען איטאליען, האָט ער זיך צוערשט אין גאנצען אָבגעזאגט צו פערלאָזען פּאריז. אָבער איך האָב איהם אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען די פערשיעדענע רייזע־פּאסירונגען און אויך ווי רייצענד די איטאליענערקעס זיינען. אין נעאפּאָל האָב איך איהם פערשפּראָכען גאנץ אויסערגעוועהנליכע פערגעניגענס, א דאנק דער רעקאָמענדאציאָן, וואָס איך האָב גע־האט צו א געוויסען סיניאר מישעל אמבראָזא, וועמענס פערבינ־דונגען זיינען פאר רייזענדע זעהר א ניצליכע זאך. דאָס האָט איהם געוואונען.

## 2.

אין א געוויסען דאנערשטאג אבענד, דעם 26טען יוני, האָ־בען מיר זיך געזעצט אין א שנעל־צוג. אין דיעזער צייט פון יאָהר פאָהרט אייגענטליך קיינער ניט אין דער סאוט. מיר זיינען גע־ווען אליין אין א וואגאָן אוןביידע שלעכט אויפגעלעגט, פאַרוואָס מיר האָבען פערלאָזען פּאריז. עס איז געווען א נארישקייט צו מאַ־כען די דאָזיגע רייזע און מיר האָבען מיט בענקעניש געטראכט וועגען דער קיהלער, גרינער מארלי, וועגען דעם שעהנעם טייך סענא מיט זיינע וואונדערבארע ברעגעס, וועגען די אנגענעהמע טעג, וואָס מיר האָבען אין שיפלאך פערבראכט און וועגען די פער'חלום'טע אבענדען אין דער דעמערונג אויפ'ן טייך.

פּאול האָט זיך פעררוקט אין א ווינקעלע און אזוי גיך, ווי דער צוג האָט זיך גענומען ריהרען, האָט ער ערקלעהרט:

— עס איז די גרעסטע נארישקייט צו פאָהרען אהין צו.

אזוי ווי ער האָט זיך צו שפּעט געכאַפּט, האָב איך געענטפערט:

— האָסטו ניט געזאָלט פאָהרען!

ער האָט גאָרנישט געענטפערט. אָבער ער האָט געמאכט אזא בייז פּנים, דאָס איך האָב געמוזט לאַכען. דערביי האָט פּאול אויס־געזעהן פּונקט, ווי א וויוויאַרקע. איבריגענס האָט יעדערער פון אונז אין זיין מענשליכען פּנים שטריכען פון א חיה, ווי א צייכען

פון זיין אמאָליגער אבשטאַמונג. וויפיעל מענשען זיינען פאַרהאַן מיט דעם אויסזעהן פון א בולדאָג, פון א ראַק, א פוקס, א קראָליק, א פערד אָדער אַן אָקס! פּאָול איז עהנליך געווען צו א וויוויאַר־קע. ער האָט געהאַט די לעבעדיגע אויגלאָך פון דער דאָזיגער חיה, איהרע רויטלכע האָאר, איהר שפּיציגע נאָז, איהר קליינעם, צערט־ליכען, בויגיגען און פלינקען קערפּער, און נאָך מעהר האָט ער דער־מאָנט אָן דער דאָזיגער חיה מיט די בעוועגונגען פון זיין קערפּער.

צום סוף זיינען מיר ביידע איינגעשלאָפען מיט יענעם אונ־רוהיגען אייזענבאהן־שלאָף, וועלכער ווערט אלע ווייל‌ע איבערגעררי־סען פון א שרעקליכען קראַמפּף אין די הענד און אין האַלז, און פון דעם פּלוצימדיגען אָבשטעלען זיך פון׳ם צוג.

ווען דער צוג האָט גענומען פאָהרען איבער דער ראָנע, האָבען מיר זיך אויפגעכאַפּט און באַלד האָבען מיר דורך די פענסטער דער־הערט דאָס אוינאויפהערליכע זשומען פון די פליגעלאָך. דאָס זשו־מען, וואָס דאַכט זיך אויס ווי די שטימע פון דער הייסער סאוט, ווי דאָס געזאַנג פון פּראָוואַנס. עס האָט אויף אונז אָן אטהעם גע־טהאָן מיט דער וואַרימער לופט פון דער סאוט, מיט דער פון זון־פערברענטער ערד, מיט דער שטיינערדיגער העל־בלויער היימאַט פון די ניעדעריגע אָליוועןבוימער און זייערע גרוי־גרינע בלעטער.

ווען דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט, האָט דער קאָנדוקטאָר גענומען לויפען איבער אלע וואַגאָנעס, שרייענדיג אין דער הויך: „וואַלענס“.

ביז מאַרסעל איז קיין נייעס ניט געשעהן.

מיר זיינען ארויס פון׳ם וואַגאָן, אום צו עסען פריהשטיק ביים בופעט.

ווען מיר זיינען אריין צוריק, איז אין וואַגאָן געזעסען א פרוי.

פּאָול האָט אויף מיר געוואָרפען א פריידיגען בליק, האָט מע־כאַניש פערדרעהט זיינע קורצע וואָנצעס און א פיהר געטהאָן, ווי מיט א קאָם, מיט אלע זיינע פינף פינגער איבער די האָאר, וועלכע זיינען איבער נאכט אין׳ם וואַגאָן צושויבערט געוואָרען. דאַן האָט ער זיך געזעצט אַנטקעגען דער אונבעקאַנטער.

יעדעס מאָל, וואָס איך טרעף אויף׳ן וועג צו אין דער געזעל־

שאַפט אַ נייעם פּנים, ווילט זיך מיר שטאַרק טרעפען, וואָס פאַר אַ סאָרט מענש, וואָס פאַר אַ נשמה, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער איז אונטער דעם דאָזיגען געזיכט פערבאָרגען.

דאָס איז געווען אַ יונגע פרוי, יונג און שעהן, הפנים אַ קינד פון דער סאוט. זי האָט געהאַט וואונדער־שעהנע אויגען און פּראַכט־פולע, שוואַרצע געקרויזטע האָאר. אזוי לאַנג, געדיכט און שווער האָבען זיי אויסגעזעהן, אַז עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, דאָס זיי דריקען דעם קאָפּ. זי איז געווען עלעגאַנט אָבער מיט אַ גע־וויסער זידלענדישער געשמאַקלאָזיגקייט געקליידעט. וואָס האָט איהר צוגעגעבען אַ געוועהנליכען אויסזעהן. איהרע רעגעלמעסיגע געזיכטס־ציגע האָבען ניט געהאַט יענעם חן, יענע צערטליכקייט, וועלכע די אריסטאָקראַטישע קינדער ברענגען מיט ביי זייער גע־בורט אלס ירושה און אלס צייכען פון זייער עדעלערען בלוט.

זי האָט געטראַגען בראַסלעטען, וועלכע זיינען געווען צו ברייט אום צו זיין גאָלדענע, און אויער־רינגלאַך מיט בליסטשענדיגע שטיי־נער, וועלכע זיינען ווידער אמאָל געווען צו גרויס פאַר אמת'ע ברי־ליאַנטען. אין איהר גאַנצער פיגור האָט זיך געפיהלט עטוואָס פון די ניעדעריגע קלאַסען.

קוקענדיג אויף איהר האָט מען זיך אנגעשטויסען, אַז זי מוז אודאי רעדען הויך אויף'ן קול און מאַכען דערביי האסטיג מיט די הענד.

דער צוג האָט זיך גענומען ריהרען און איז אוועק.

זי איז געבליבען זיצען אונבעוועגליך און האָט געקוקט פאַר זיך מיט אַ בייזען בליק. אויף אונז האָט זי אפילו ניט אַ קוק גע־טהאָן.

פּאול האָט זיך גענומען אונטערהאַלטען מיט מיר. האָט גע־קאָקעטירט, געזאָגט זאכען, מיט וועלכע ער האָט געזוכט זי צו פער־אינטערעסירען, מאַכען אויף איהר אַן איינדרוק, ווי דער סוחר, וואָס לעגט ארויס די שעהנסטע סחורות אין פענסטער, אום ארייצוקריי־גען דעם קונד.

אָבער ווי עס איז קענטיג געווען, האָט זי פון דעם אלעמען גאָר ניט געהערט.

— טולאָן ! דער צוג שטעהט צעהן מינוטען ! בופעט ! — האָט אויסגערופען דער קאנדוקטאָר.

פּאול האָט צו מיר א וואונק געטהאָן, אז מיר זאָלען אויס־שטייגען און אזוי גיך ווי מיר זיינען געווען אויף דער פּלאטפאָרמע, האָט ער געפרעגט:

— זאג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז דאָס פאר א סאָרט פרוי? וואָס דענקסטו?

איך האָב זיך צולאכט:

— איך? איך ווייס ניט. מיך געהט עס אויך ניט אָן.

ער איז געווען שטארק פעראינטערעסירט:

— דאָס מיידעל איז זעהר שעהן און פריש! וואָס פאר א אויגען! אָבער זעהר צופריעדען זעהט זי נישט אויס! זי האָט געמוזט האָבען עפּעס אונאנגענעהמליכקייטען. אויף קיין זאך קוקט זי זיך נישט אום.

איך האָב א בורטשע געטהאָן:

— אומזיסט פערברויכסטו דיין פּולווער!

ער איז בייז געוואָרען:

— איך פערברויך ניט קיין פּולווער, ליעבער פריינד. איך דענק, אז דאָס מיידעל איז זעהר א שעהנס. דאָס אלעס.—מען האָט נעדארפט פערפיהרען מיט איהר א געשפּרעך! אָבער וואָס זאָגט מען איהר? פאלט דיר עפּעס ניט איין? אָדער שטויסטו זיך אפשר אָן, ווער זי קאָן זיין?

— ניין, ווירקליך ניט. איך וואָלט אָבער געזאָגט, אז זי איז א קליינע אקטריסע, וועלכע קעהרט זיך צוריק צו איהר טרופּע נאָכ־דעם ווי זי האָט געהאט עפּעס א ליעבעס־פּאסירונג.

ער האָט געשיינט צו זיין געקרענקט, ווי איך וואָלט איהם מיט עפּעס בעליידיגט און האָט געפרעגט:

— פון וואָס ציהסטו דאָס אזעלכע שליסע? איך דענק פאר־קעהרט, אין מיינע אויגען זעהט זי אויס זעהר אנשטענדיג.

איך האָב געענטפערט:

— טהו אקאָרשט א קוק אויף איהרע בראסלעטען, מיין טהיי־ערינקער, אויף די אויער־רינגען, אויף דאָס קלייד. איך וואָלט זיך

אַ האָאר ניט געוואונדערט, ווען עס זאָל זיך ארויסווייזען, אַז זי איז אַ טענצערין, אָדער גאָר אַ רייטערין פון אַ צירק, אָבער גיכער פון אַלץ איז דאָ עפּעס אזוינס, וואָס שמעקט מיט טהעאַטער.

דאָס איז איהם הפּנים ניט געפעלען געוואָרען, און ער האָט געזאגט:

— ליעבער פריינד, דערצו איז זי צו יונג. זי זעהט אויס נאָך ניט קיין פולע צוואנציג יאָהר.

— דאָס מאכט ניט, טהייערינקער מיינער, מען קאָן אַ סך זאכען נאָך ביז צוואנציג יאָהר טהאָן. טאַנצען, דעקלאַמירען און נאָך עטוואָס אנדערעס, וואָס איך וויל דאָ גאָרנישט דערמאָנען.

— איינשטייגען! שנעל־צוג נאָך ניצא, בענטימיגליא! — האָט אויסגערופען דער קאָנדוקטאָר.

מיר האָבען געמוזט אריינגעהן אין וואגאָן. די אונבעקאנטע איז געזעסען און געגעסען אַן אַפּעלסין. ניין, מען קען ניט זאָגען, קיין עדעלע מאַניערען האָט זי ניט געהאַט. איהר טאַשען־טיכעל האָט זי אויף די קניע אויסגעשפּרייט און די אַרט און ווייזע, ווי זי האָט די שאָלעכץ געריסען, דעם מויל געעפענט, אום די שטיקלאַך צווישען די צייהן צו נעהמען, ווי אזוי זי האָט די קערנדלאַך דורכ'ן פענסטער ארויסגעשפּיגען, דאָס אַלעס האָט איבער איהר שלעכטער ערציהונג קיין שום צווייפעל ניט איבערגעלאָזט.

איצט האָט זי אויסגעזעהן נאָך מעהר אין כעס און האָט מיט אימפּעט און רוגזא געשלונגען די שטיקלאַך אַפּעלסין, וואָס דאָס האָט געמאכט אַ זעהר קאָמישען איינדרוק.

פּאול האָט זי אויפגעגעסען מיט די אויגען. ער האָט געזוכט אויף אַלע אופנים איהר אויפמערקזאַמקייט אויף זיך צו ציהען, איהר נייגעריגקייט צו ערוועקען. און ער האָט זיך ווידער גענומען רעדען מיט מיר, האָט אויסגעדריקט הויכע געדאנקען, אָנגערופען בעריהמטע נעמען. זי האָט ניט געשענקט דאָס מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט אויף אַלע זיינע אנשטרענגונגען.

מיר זיינען פארבייגעפאָהרען פרעזשיוס, סענט־ראפאעל. דער צוג האָט זיך געטראגען איבער דעם דאָזיגען גאָרטען, דעם גן עדן פון ראָזען, פון בליהענדע אַפּעלסינען און ציטראָנען־וועלדער, וועל־

בע זיינען אין איין און דערזועלבער צייט בעדעקט מיט בוקעטען ווייסע בלומען און גאָלדענע פרוכטען, איבער דעם קעניגרייך פון אראַמאַטען, איבער דער היימאַט פון בלומען, איבער דעם דאָזינען וואונדערבארען ברעג, וועלכער ציהט זיך פון מארסעל ביז גענוא.

מען דארף דאָ זיין אין יוני, ווען אין די ענגע טהאָלען און אויף די אראָבגענג פון די ברעג בליהען ווילד און פריי די שעהנס־טע בלומען. איבעראל זעהט מען ראָזען, גאנצע פעלדער, גאנצע לאָנקעס, גאנצע וועלדער מיט ראָזען. זיי קלעטערען אויף די ווענט ארויף, בליהען אויף די דעכער, פלעכטען זיך אין בוימער אריין, בליסטשען פון צווישען דונקעלע גרינס ארוים, ווייס, רויט, געל, קליין אָדער זעהר גרויס, פשוט׳ע אין לייכטע, איינפאכע קליידער אָדער פּראכטפולע אין שווערע, גלענצענדע געווענדער.

זייער שטארקער גערוך פילט אָן די לופט, מאכט זי זיס און שווער. און דער נאָך שטארקערער גערוך פון די אפעלסינען אטעמט זיך געשמאק און זיס.

דער הויכער ברעג מיט די ברוינע פעלזען ציהט זיך פאר אונז, א פערגאָסענער פון דעם אונבעוועגליכען מיטעל־מעער. ווי א פייערדינע געוועב ליגט די מעכטיגע זומערדיגע זון אויף די ברעג, אויף די לאַנגע, לאַנגע זאמדיגע ברעגעס, אויף דאָס פערגליווערטע בלויקייט פון דעם וואסער. אלץ ווייטער און ווייטער טראָגט זיך דער צוג, געהט אריין אין טונעלען, שניידט איבער פעלזיגע ווענט, גליטשט זיך, ווי א כוואליע, אראָב און ארויף אויף בערג, טראָגט זיך הויך איבער׳ן וואסער, אויף די משופּע׳דיגע פעלזען. און א זיסער, לייכטער זאַלץ־גערוך, א גערוך פון טרוקענע וואסער פלאַנצען מישט זיך פון צייט־צו־צייט אוים מיט דעם מעכטיגען, בערוישענדיגען גערוך פון די בלומען.

אָבער פּאול האָט קיין זאך ניט געזעהן, קיין זאך ניט געפיהלט. אונזער מיטרייזענדע האָט זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט פערשלונגען.

אין קאַנעס האָט ער מיר ווידער א וואונק געטהאָן, איך זאָל ארויסגעהן. ער האָט ווידער געוואָלט מיט מיר רעדען. אזוי גיך

ווי מיר זיינען ארויס פון'ם וואגאָן, האָט ער מיך גענומען אונטער'ן אָרעם:

— הער אויס, זי איז רייצענד. טהו נור אַ קוק אויף איהרע אויגען! און איהרע האָאר. מיין ליעבער פריינד, איך האָב נאָך אזוינס קיינמאָל ניט געזעהן!

איך האָב געענטפערט:

— אָבער בערוהיג זיך דאָך, אָדער אז ניט, אויב זי געפעלט דיר יא אזוי, טאָ פּרוביר ביי איהר דיין גליק. אויף מיר מאכט זי ניט דעם איינדרוק פון קיין היילינגער, הגם זי איז אביסעל אַ שטרענגע.

מאַכט ער צו מיר:

— קאָנסטו אפשר פערפיהרען מיט איהר אַ שמועס? איך וויים ניט פון וואָס אָנצוהויבען. אין אָנהויב בין איך אימער שטארק פערלעגען. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט צוגעהן צו אַ פרוי אויף דער גאַס. איך לויף איהר נאָך, גנב'ע זיך פון הינטען, קום צו נעהענטער און וויים קיינמאָל ניט, וואָס צו זאָגען. איין איינציג מאָל האָב איך אָנגעהויבען אַ געשפּרעך, ווייל איך בין געווען זי־כער, אז מען ווארט נור אויף מיינע ערשטע ווערטער. און אזוי ווי איך האָב געמוזט וואָס עס איז זאָגען, האָב איך ארויסגעשטאַ־מעלט: „און אזוי געהט אייך גוט?" זי האָט זיך צולאַכט מיר אין פּנים אריין און איך בין אנטלאָפען.

איך האָב צוגעזאָגט פּאול'ן אָנצואווענדען אלע מעגליכקייטען, אום מיט איהר אַ געשפּרעך צו פערבינדען, און ווען מיר האָבען ווידער פערנומען אונזערע פּלעצער אין'ם וואגאָן, האָב איך פריינד־ליך געפרעגט ביי אונזער מיטרייזענדער:

— שטערט אייך פּילייכט, גנעדיגע פרוי, ווען מיר רויכערען?

זי האָט געענטפערט:

— נאָן קאַפּיסקאַ.

זי איז אלזאָ געווען אן איטאַליענערקע. איך האָב זיך קוים איינגעהאלטען ניט ארויסצופּלאצען מיט אַ געלעכטער. אזוי ווי פּאול האָט ניט פערשטאַנען קיין איין ווארט איטאַליעניש, האָב

איך געמוזט שפּיעלען די ראָלע פון אַ דאָלמעטשער. איך האָב זיך גלייך גענומען צו מיין ראָלע און געפרעגט אין יענער שפּראַך:

— איך ערלויב זיך צו פרעגען, אויב עס וועט אייך שטערען, ווען מיר וועלען רויכערען?

זי האָט געענטפערט מיט רוגזא:

— טשע מי פא! (וואָס גערט עס מיך אָן!)

אפילו דעם קאָפּ האָט זי צו מיר ניט אַ קעהר געטהאָן, ניט אמאָל מיט אַ בליק מיך בעעהרט און איך בין גאָר צומישט גע־וואָרען, ווייל איך האָב ניט געוואוסט ווי אזוי איך זאָל דאָס דאָ־זיגע „וואָס געהט עס מיך אָן!" פערשטעהן. צו זאָל איך עס אָנ־נעהמען פאר אַ „יא", פאר אַ „ניין", פאר אַ צייכען פון איהר גלייכ־גילטיגקייט אָדער פאר אַן איינפאכען: „טשעפּעט זיך אָב פון מיר!"

איך האָב ווידער אָנגעהויבען:

— אויב דער רויך איז אייך אונאנגענעהם...

דא האָט זי געענטפערט „מיקא" אין אזא טאָן און מיט אזא אויסזעהן, ווי זי וואָלט זאָגען, „כאַפּט אייך דער טייפעל!" דאָך איז דאָס געווען אַן ערלויבניס און איך האָב געזאָגט צו פּאול'ן:

— דו מעגסט רויכערען.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט יענעם ערשטוינטען אויסדרוק, וועלכען מען נעהמט אָן, בעת מען הערט מענשען ריידענדיג אַ פרעמדע שפּראַך און עס ווילט זיך שטארק פערשטעהן, וואָס זיי ריידען. און ער האָט געפרעגט זעהר קאָמיש:

— וואָס האָסטו איהר געזאָגט?

— איך האָב זי געפרעגט, אויב מיר קענען רויכערען?

— קען זי דען ניט רעדען פראנצויזיש?

— קיין איין וואָרט!

— וואָס האָט זי געענטפערט?

— מיר קענען טהאָן, וואָס מיר ווילען.

און איך האָב פעררויכערט אַ סיגאַר.

פּאול האָט אָנגעהויבען פון דאָס ניי:

— ווייטער האָט זי גאָרנישט געזאָגט?

— מיין מהייערינקער, ווען דו וואָלסט איהרע ווערטער גע־צעהלט, וואָלסטו געזעהן, אַז זי האָט ארויסגערעדט פונקט זעקס. דערפון זיינען צוויי אוועק אויף צו געבען מיר פערשטעהן, אַז זי פערשטעהט ניט קיין פראנצויזיש. בלייבען אַלזאָ פיער. נו, און מיט פיער ווערטער קען מען ווירקליך ניט אזוי פיעל אויסדריקען.

פאול איז, קאנטיג, געווען אונגליקליך, דערשלאָגען און האָט זיך ניט געקענט קיין עצה געבען.

אָבער פּלוצים האָט מיך די איטאַליענערקע געפרעגט מיט איהר אונצופריעדענעם טאָן:

— ווייסט איהר, ווי פיעל אזייגער מיר וועלען אָנקומען אין גענוא?

— אום עלף אזייגער ביינאכט! — האָב איך געענטפערט און אין אַ מינוט ארום האָב איך צוגעלעגט:

— מיין פריינד און איך פאָהרען אויך קיין גענוא. אויב מיר קענען אייך אויף'ן וועג מיט עפּעס ניצליך זיין, וועט עס אונז זעהר פרעהען!

זי האָט גאָרנישט געענטפערט און איך האָב ווידער אָנגעהויבען:

— איהר זייט אליין און אויב מיר קענען אייך מיט עפּעס דיענען...

זי האָט ווידער ארויסגעברומט „מיקא“, אָבער אזוי גראָב, אַז איך בין גלייך אנשווייגען געוואָרען. פאול האָט געפרעגט:

— וואָס האָט זי געזאָגט?

— זי האָט געזאָגט, אַז דו ביזט זעהר ליעבענסווערטה.

אָבער ער איז ניט געווען אויפגעלעגט צו שפּאַסען און האָט מיך געבעטען, איך זאָל זיך מיט איהם ניט חכמה'נען. דאַן האָב איך איהם איבערזעצט דער יונגער פרוי'ס פראַגע און מיין פריינד־ליכען פאָרשלאַג, וועלכער איז אזוי הארט צוריקגעוויזען געוואָרען.

פאול איז אויף אַן אמת אויפגערעגט געווען, ווי אַ וויוויאָרקע אין שטייגעל, און האָט געזאָגט:

— ווען מען זאָל קאָנען ביי איהר ארויסקריגען אין וועלכען האָטעל זי וועט זיך אָבשטעלען, דאַן וואָלטען מיר אויך געקאָנט

אהין פארפאַהרען. זעה טהו איהר דאַרט אַ מאַפּ, אָבער פּאָרזיכ־טיג, טאָמער וועסטו עס ביי איהר ארויסציהען.

דאָס איז געווען ניט קיין גרינגע זאַך! הגם די דאָזיגע מאָדנע מיידעל האָט מיך אויך פעראינטערעסירט און מיר אליין האָט גע־מאַכט שפּאַס מיט איהר צו רעדען, האָב איך אָבער דאָך ניט גע־וואוסט, ווי אזוי מען טרעט צו צו איהר.

מיר זיינען פארביינעפאָהרען ניצצא, מאָנאַקאָ, מענטאָן, און דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט אויף'ן גרענעץ איבערצוקוקען דעם באַגאַזש.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך אליין קען עס ניט פער־טראָגען די אונערצויגענע מענשען, וועלכע עסען און טרינקען אין וואגאָן, האָב איך פונדעסטוועגען אויף דער סטאַנציאָן געקויפט אַ גאַנצען הויפען עסענוואַרג, אום צו מאַכען דעם לעצטען פערזוך מיט אונזער אונבעקאַנטער און זעהן, ווי ווייט זי קאָן ווידערשטעהן אַנט־קעגען נאַשעריייען. איך האָב געפיהלט, אַז אין אַ געוועהנליכע צייט איז דאָס דאָזיגע מיידעל אַ גאַנץ איינפאַך און פּשוט קינד. נור עפּעס אַן אונאַנגענעהמליכקייט האָט זי אויפגערעגט און צו־רייצט. אָבער עס קאָן געמאָלט זיין, אַז עס איז גענוג געווען אַ קליינינקייט, עפּעס אַ וויץ, אַ וואונש, אַ וואָרט, אום די וואָלקענס זאָלען פון איהר שטערן פערשווינדען, אום זי זאָל ווידער פרעהלאַך ווערען און מען זאָל זי קאָנען געווינען.

מיר זיינען געפאָהרען ווייטער. מיר זאָלבע דריט נאָך אליץ אליין. איך האָב צולעגט מיין עסענוואַרג אויף אַ קליינע זאַפּע, האָב צושניטען די הוהן, אויסגעלעגט שעהן און אין אַ רייהע פּע־נעצלאַך וואורשט אויף אַ פּאַפּיר, דאן האָב איך נאָהענט צו דער יונגער פרוי אויסגעשטעלט אונזער דעסערט: יאַגדעס, פלוימען, קאַרשען, קיכלאַך און קאָנפעקטען.

דערזעהן, אַז מיר האָבען זיך גענומען צום עסען, האָט זי אויך ארויסגענומען פון איהר רייזע־טעשעל אַ שמיק שאָקאָלאַד מיט צוויי זעמעל און גענומען זיך גריזשען דאָס הארטע בראָמסקענדיגע גע־בעקס מיט איהרע שפּיציגע, שעהנע ציינער.

פּאול האָט זיך אָנגערופען צו מיר אין דער שטיל:

— אָבער לאָז זי דאָך איין מיט אונז צו עסען!

— דאָס וויל איך טאַקע טהאָן, מיין טהייערינקער, אָבער דער ערשטער שריט איז אביסעל שווערלאָך.

בעת דעם האָט זי פון דער זייט געוואָרפען אַ בליק אויף אונ־זער עסענוואַרג און איך בין געווען זיכער, אַז נאָכדעם, ווי זי וועט אויפעסען איהרע זעמעל, וועט זי נאָך אַלץ זיין הונגעריג. איך האָב אַלזאָ אָבגעוואַרט, ביז זי האָט אָבגעגעסען איהר איינפאַכען מאָלצייט און דאַן האָב איך צו איהר געזאָגט:

— איהר וואָלט אונז פערשאַפט אַ גרויסען פערגעניגען, ווען איהר זאָלט פערזוכען פון די דאָזיגע פרוכטען!

ווידער האָט זי געענטפערט „מיקאַ!“, אָבער שוין ניט אין אַזאַ בייזען טאָן ווי פריהער און איך האָב ווייטער גערעדט:

— ערלויבט מיר אייך פאָרצושלאָגען אַ ביסעל וויין. איך זעה, איהר האָט גאָרנישט צו טרינקען. דער וויין איז פון אייער היימאַט — איטאַליענישער. אַזוי ווי מיר זיינען איצט צוגאַסט ביי אייך אין איטאַליען, וועט אונז זעהר פרעהען, ווען דאָס מויל פון אַ שעהנער איטאַליענערין וועט ביי אונז, פראַנצויזישע שכנים, עטוואָס געניסען.

זי האָט לייכט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין. זי האָט זיך געוואָלט אָבזאָגען, אָבער דער חשק צו די פרוכטען האָט פון איהרע אויגען ארויסגעשיינט. דאָך האָט זי ווידער אמאָל גע־זאָגט „מיקאַ“, אָבער אַ „מיקאַ“, וואָס האָט שוין געקלונגען כמעט העפליך. איך האָב גענומען די פלאַש, וועלכע איז אויף דעם אי־טאַליענישען שטייגער איבערגעפלאָכטען געווען מיט שטרוי, האָב אָנגעגאָסען אַ גלאָז און עס איהר דערלאַנגט מיט די ווערטער:

— טרינקט עס אלס אונזער ווילקאָמען אין אייער פאַטער־לאַנד.

זי האָט גענומען דאָס גלאָז מיט אַן אונצופריעדענער מינע און עס איינגעשלונגען מיט איין ציה, ווי איינע וואָס איז זעהר דור־שטיג. דאַן האָט זי מיר צוריקגעגעבען דאָס גלאָז, ניט זאָגענדיג אפילו קיין דאַנק.

דאַן האָב איך איהר אָנגעבאָטען קאַרשען:

— פערזוכט, איך בעט אייך. איהר זעהט דאָך, אז דאָס פער־שאַפט אונז פערגעניגען.

זי האָט פון איהר ווינקעל אַ קוק געטהאָן אויף די אויסגעלעג־טע פרוכטען און האָט אָרויסגערעדט עטליכע ווערטער אין איהר שפראַך, אָבער אַזוי שנעל, אַז איך האָב קוים געקאָנט כאַפּען, וואָס זי זאָגט:

— וואָס זאָגט זי? — האָט פּאָול גלייך געפרעגט.

— זי זאָגט, אַז זי ליעבט ניט קיין קאַרשען און ניט קיין פלוימען, נור יאַגדעס.

און איך האָב איהר אוועקגעלעגט אויף'ן שוים אַ פּאַפּיר פול מיט יאַגדעס. זי האָט זיך גלייך דערצו אַ נעהם געטהאָן, אָנגע־כאַפּט זיי מיט די שפּיץ פינגער און מיט אַ רייצענדער בעוועגונג זיי געוואָרפען פון דער ווייטענס אין מויל אַריין.

אַז זי איז פערטיג געוואָרען מיט דעם קליינעם הייפעל רויטע יאַגדעס, וועלכע איז פאַר אונזערע אויגען אונטער איהרע פלינקע הענד פערשוואונדען געוואָרען, האָב איך זי געפרעגט:

— וואָס נאָך זאָל איך אייך אָנבאָטען?

— איך וואָלט גערן געגעסען אַ שטיקעל הוהן.

און זי האָט איינגעשלונגען אודאי אַ העלפט פון דעם עוף מיט איהרע מעכטיגע, ווי ביי אַ רויב־טיער, יאַסלעס. דאַן האָט זי זיך ענטשלאָסען צו פערזוכען די קאַרשען, וועלכע זי האָט ניט געליעבט, דאַן די פלוימען, דאַן די צוקער־געבעקס און, צום סוף, זיך ווידער פעררוקענדיג אין אַ ווינקעל, האָט זי געזאָגט:

— נו, איצט גענוג!

מיך האָט די געשיכטע שטאַרק אַמוזירט און איך האָב זי מיט שמייכלערייען און קאָמפּלימענטען גענומען איינבעטען, זי זאָל עסען נאָך. אָבער פּלוצים איז זי ווידער אין כעס געוואָרען און מיר גלייך אין פּנים אַריין אַ וואָרף געטהאָן אַ „מיקאָ“, אָבער אַזא מורא'דיגען, דאָס איך האָב מעהר ניט געוואָגט איהר צו שטערען.

איך האָב זיך געווענדעט צו מיין פריינד און געזאָגט:

— אָרימער פריינד, איך גלויב, אַז אונזער מיה איז אַרויס־געוואָרפען, מיר האָבען ניט קיין גליק!

די נאַכט איז געקומען, אַ וואַרימע זומער־נאַכט, וועלכע האָט איבער דער גליהענדיגער, מיעדער ערד איהרע פריינדליכע, דונ־קעלע שאָטענס צושפּרייט. ווייט, איבער׳ן ים, אויף די פעלזיגע בערג־שפּיצען, האָבען זיך דאָ און דאָרט פייערלאַך אָנגעצונדען. אויף דעם דונקעלען הימעל האָבען גענומען ווינקען שטערענדלאַך און וואו־ניט־וואו זיך מיט די לייכט־טהורעמס (מאַיאַקען) צוזאַמענ־געגאָסען.

דער גערוך פון די אָפּעלסינען איז געוואָרען שטאַרקער, מיר האָבען איהם דורשטיג איינגעזויגען. עטוואס זיסעס, ענטציקענ־דעס, געטליכעס האָט זיך אין דער שמעקענדיגער לופט געטראָגען.

און פּלוצים האָב איך איבער׳ן גאַנצען וועג אין דעם שווארצען שאָטען פון די בוימער דערזעהן ווי אַ רעגען פון שטערן. עס האָט אויסגעזעהן, ווי טראָפּענס ליכט זיינען געשפּרונגען, געטאַנצט, גע־פלויגען און זיך געשפּיעלט צווישען די בלעטער, אָדער, ווי קליינע שטערענדלאַך וואָלטען פון׳ם הימעל אראָבגעפאַלען, אום אויף דער ערד אַ שטיף צו טהאָן. דאָס זיינען געווען פייער־פליעגעלאַך, וועל־כע האָבען אין דער שמעקעדיגער לופט אַ מערקווירדיגען, פייער־דיגען טאַנץ געטאַנצט.

איינס פון זיי האָט צופעליג אין אונזער וואַגאָן פערבלאָנ־דזשעט און איז ארומגעפלויגען דאָ אויפלייכטענדיג און דאָ לעשענ־דיג זיך. איך האָב פערהאַנגען דעם לאָמפּ מיט אַ בלויען ליכט־שירעם און האָב נאָכגעקוקט דעם פאַנטאַסטישען פליעגעלע, ווי עס האָט זיך געטראָגען אהין און צוריק נאָך זיין פייערדיגער ליניע נאָך. פּלוצים האָט עס זיך אראָבגעלאָזט אין די שווארצע האאר פון אונ־זער מיטרייזענדער, וועלכע האָט נאָכ׳ן עסען געכאַפּט אַ דרימעל. פּאול איז געווען גאַנץ ענטציקט פאַר בעגייסטערונג. ער האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דעם בליסטשענדיגען העלען פּונקט, וועלכער האָט, ווי אַ לעבעדיגער בריליאַנט, אויף דעם שטערן פון דער שלאָפענדיגער געגלאַנצט.

ארום דריי פערטעל עלף האָט די איטאַליענערקע זיך אויפגע־כאַפּט. דאָס פייערדיגע פליעגעלע איז ביי איהר נאָך אלץ גע־

זעסען אין די האָאר. ווען איך האָב געזעהן, אז אונזער אונבע־קאנטע בעוועגט זיך, האָב איך געזאָגט:

— מיר קומען גלייך נאָך גענוא!

ניט ענטפערענדיג מיר, האָט זי געשטאָמעלט פאר זיך, ווי איהר וואָלט געקוועלט עפּעס אַ שווערע, פּיינליכער געדאַנק:

— וואָס זאָל איך איצט טהאָן?

דאָן האָט זי פּלוצים געפרעגט:

— ווילט איהר, איך זאָל מיט אייך מיטגעהן?

איך בין געוואָרען אזוי איבערראשט, אז איך האָב זי ניט פערשטאַנען:

— וואָס הייסט מיט אונז? וואָס מיינט איהר דערמיט?

ווערענדיג אַלץ מעהר און מעהר אויפגעבראכט, האָט זי איבער־גע'חזר'ט איהרע ווערטער.

— ווילט איהר, איך זאָל גלייך מיט אייך מיטגעהן?

— איך וויל זעהר. אָבער וואוהין ווילט איהר געהן? וואוהין זאָל איך אייך ברייננגען?

זי האָט אַ דריק געטהאָן מיט די פּלייצעס און מיט אַ פער־עכטליכער מינע האָט זי גלייכגילטיג געזאָגט:

— וואוהין איהר ווילט! מיר איז אַלץ איינס!

צוויי מאָל האָט זי ווידערהאָלט: „טשע מי פאַ?"

— יא.... אָבער מיר געהען אין אַ האָטעל!

— גוט! לאָמיר געהן אין אַ האָטעל....

איך האָב זיך אַ קעהר געטהאָן צו פּאול'ן:

— זי פרעגט, אויב מיר ווילען, אז זי זאָל גלייך מיט אונז מיטגעהן.

די קאָמישע פערוואונדערונג פון מיין פריינד האָט מיר אומ־געקעהרט מיין קאַלטבלוטיגקייט. פּאול האָט געשטאַמעלט.

— מיט אונז? וואוהין? ווארום? ווי אזוי?

— וואָס ווייס איך? זי האָט מיר נור וואָס מיט זעהר אַ צורייצטען טאָן דעם דאָזיגען מערקווירדיגען פאָרשלאָג געמאכט. איך האָב געענטפערט, אז מיר געהען אין אַ האָטעל. זאָגט זי: גוט, זאָל זיין אין אַ האָטעל. זי מוז ניט האָבען קיין צובראָכענעם

דרייער ביי דער נשמה. יעדענפאַלס האָט זי אַ גאַנץ בעזונדערע אַרט און ווייזע, ווי צו פערבינדען בעקאַנטשאַפטען.

פּאול אַן אויפגערעגטער און ציטערנדיגער, האָט אויסגערופען:

— איך בין איינפערשטאַנדען, געוויס, געוויס. זאָג איהר נור, אַז מיר וועלען זי ברענגען וואוהין זי וויל.

ער האָט געוואָרט אַן אויגענבליק און דאַן מיט אַ בעזאָרגטען טאָן אָנגעהויבען פון דאָס ניי:

— מיר האָבען נור געדאַרפט וויסען, מיט וועמען זי געהט. מיט דיר צו מיט מיר?

איך האָב זיך אומגעקעהרט צו דער איטאַליענערקע, וועלכע איז געזעסען גלייכגילטיג און האָט, קאָנטיג, זיך אפילו ניט געקי־מערט וועגען וואָס מיר רעדען.

— מיר וועלען זיך פיהלען זעהר גליקליך, ווען איהר וועט איינשטימען מיט אונז מיטצוגעהן. נור מיין פריינד ווילט זיך זעהר וויסען, ווער פון אונז ביידע וועט איך דאַרפען רייכען זיין אָרעם?

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע, שוואַרצע אויגען און געענטפערט עטוואָס פערוואונדערט:

— טשע מי פאַ?

איך האָב ערקלעהרט:

— אויף וויפיעל מיר איז בעקאַנט, רופט מען אויף איטאַליע־ניש דעם פריינד, וועלכער ערפילט אַלע ווינשע פון אַ פרוי, וועל־כער קימערט זיך וועגען אַלע איהרע לוינען און קאַפּריזען, אַ פּאַ־טיטאַ. וועמען פון אונז ביידען ווילט איהר אַלס אייער פּאַטיטאַ?

נישט לאַנג געטראַכט האָט זי געענטפערט:

— אייך!

איך האָב זיך אומגעקעהרט צו פּאול'ן:

— ליעבער פריינד, דו האָסט ניט קיין גליק. זי האָט מיך אויסגעקליבען.

אויסער זיך פאַר כעס האָט ער אַ בורטשע געטהאָן:

— פרעה זיך!

און נאָכגעדענקט עטליכע מינוטען, האָט ער צוגעלייגט:

— ווילט זיך דיר טאַקע זעהר מיטצושלעפּען מיט זיך די דאָ־זיגע פּרויענצימער? זי וועט אונז איבערפיהרען די גאַנצע רייזע. וואָס וועלען מיר אָנהויבען צו טהאָן מיט אַ מיידעל, וואָס זעהט אויס, דער טייפעל ווייסט ווי. אין אַן אָנשטענדיגען האָטעל וועט מען אונז דאָך גאַרנישט אריינלאָזען.

אָבער די איטאַליענערקע האָט מיר איצט אָנגעהויבען צו גע־פעלען אַ סך בעסער, ווי אין אָנהויב. און איך האָב זי גערן גע־וואָלט, טאַקע זעהר גערן געוואָלט מיטנעהמען. איך בין גע־ווען גאַנץ ענטציקט פון דעם דאָזיגען געדאַנק און מיר האָט שוין געקיצעלט אין אַלע גליעדער אין ערוואַרטונג פון דער קומענדיגער ליעבעס־נאַכט.

און איך מאַך צו איהם:

— מיין טהייערינקער, מיר האָבען שוין דעם פאָרשלאַג אָנ־גענומען. איצט איז צו שפּעט זיך צוריקצוציהען. דו ביזט געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מיר געראַטען צו זאָגען „יא“.

ער האָט ארויסגעברומט:

— זעהר נאַריש! פון מיינטוועגען טהו ווי דו ווילסט.

דער צוג האָט גענומען פייפען, איז אַוועק לאַנגזאַמער, מיר זיינען אָנגעקומען. איך בין ארויס פון'ם וואַגאָן און האָב אויס־געשטרעקט מיין נייער בעגלייטערין די האַנד. זי האָט לאַנגזאַם אראָבגעקלעטערט און איך האָב איהר דערלאַנגט מיין אָרעם, וועל־כען זי האָט מיט דייטליכען עקעל אָנגענומען. נאָכדעם ווי מיר האָבען אָבגענומען אונזער באַגאַזש, זיינען מיר אַוועק אין שטאָדט. פּאָול, שווייגענדיג, מיט נערוועזע טריט, איז געגאַנגען נעבען אונז.

איך האָב געפרעגט:

— אין וואָס פאַר אַ האָטעל זאָלען מיר זיך אבשטעלען? אפשר לוינט זיך גאַרנישט צו געהן אין דעם „האָטעל פּאַריז“, איבערהויפּט נאָך מיט אונזער איטאַליענערקע...

פּאָול האָט מיר איבערגעהאַקט די רייד:

— נו, יאָ, מיט אַן איטאַליענערקע, וועלכע זעהט אוס מעהר ווי אַ גאַסען־מיידעל איידער אַ פּרינצעסין! אָבער מיר געהט עס ניט אָן. טהו וואָס דו ווילסט.

איך בין געווען אין פערלעגענהייט. איך האָב פריהער געשריע־בען אין „האָטעל פּאַריז“ מען זאָל דאָרט אָנגרייטען פּאַר אונז צימע־רען... און איצט... איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך זאָל טהאָן...

צוויי פּאַק־טרעגער זיינען אונז נאָכגעגאַנגען מיט אונזער׳ע קאָ־פערטען. מאַך איך צו פּאָול׳ן:

— דו האָסט אייגענטליך געדאַרפט פאָראויסגעהן און געבען דעם ווירט צו פערשטעהן, אַז איך קום גלייך נאָך דיר מיט אַ „פריינ־דין“, און אַז מיר ווילען האָבען אַ בעזונדערע וואָהנונג פּאַר אונז — דרייען — אַזוי, דאָ מיר זאָלען מיט די איבעריגע געסט ניט מוזען צוזאַמענקומען. ער וועט שוין פערשטעהן, וואָס מען מיינט און נאָך זיין ענטפער וועלען מיר זעהן, וואָס מיר האָבען צו טהאָן.

אבער פּאָול האָט געבורטשעט:

— איך דאַנק דיר זעהר פּאַר דער ראָלע, וואָס דו גיסט מיר צו שפּיעלען. אבער צו זיין אַ שליח פּאַסט מיר גאָרניט. איך בין ניט געקומען אהער, אום דיר דיינע וואָהנונגען און דיינע פּריוואַט פערגעניגונגען צו בעזאָרגען.

איך האָב איהם גענומען בעטען:

— הער אויס, אַלטער פריינד, זיי דאָך נישט אַזוי אין כעס! עס איז דאָך אַנגענעהמער צו וואָהנען אין אַ גוטען האָטעל, ווי אין אַ שלעכטען. און בעטען ביי׳ם ווירטה דריי איינצעלנע צימערען און איין עס־צימער איז דאָך אויך ניט אַזאַ שווערע זאַך.

איך האָב אונטערגעשטראָכען דאָס וואָרט „דריי“ און דאָס האָט אויף איהם געווירקט.

ער איז אַוועק אין פּאַראַויס און איך האָב געזעהן, ווי ער איז אריין אין אַ גרויסען אריינגאַנג פון אַ שעהנעם האָטעל. איך בין דערווייל געבליעבען שטעהן אויף דער אַנדער זייט פון גאַס מיט דער שטומער איטאַליענערקע אין מיין אָרעם און די פּאַק־טרע־גער הינטער מיר.

צום סוף איז פּאָול צוריקגעקומען מיט פּונקט אַזאַ פערכמאָ־רעטען פּנים, ווי מיין בעגלייטערין האָט געהאַט.

— אַלעס איז אין אָרדנונג — האָט ער געזאָגט — מיר קאָ־

נען קומען. אבער מיר האָבען בלויז צוויי צימערען געקראָגען. שטעל זיך דאָרט איין, ווי דו פערשטעהסט.

און איך בין אַוועק נאָך איהם, זיך שעהמענדיג מיט מיין צווייפעלהאפטער בעגליימערין.

מיר האָבען ווירקליך געהאט בלויז צוויי צימערן, אבגעטהיילטע איינער פון'ם אנדערען מיט א קליינעם זאאַל. איך האָב בעשטעלט א קאַלטען נאכט־מאָלציים, דערנאָך האָב איך זיך צומישט אבי־סעלע געוועגדעט צו דער איטאַליענערקע:

— מיר האָבען געקראגען נור צוויי צימערן. קלייבט זיך אוים וועלכען איהר ווילט.

איהר געוועהנליכער „טשע מי פא?" איז געווען דער ענט־פער. דאן האָב איך גענומען איהר קליין קעסטעל פון שווארצען האָלץ—אזעלכע קעסטלאך האָבען געוועהנליך די דינסט־מיידלאך— און עס אוועקגעטראָגען אין דעם צימער רעכטס, וועלכען איך האָב פאר איהר... פאר אונז... אויסגעקליבען. אויף א פיערקאנטיגען שטיקעל פאפיער אין מיטען אויף דעם קאסטען איז מיט א פראנ־צויזישער האנדשריפט געשטאנען געשריעבען: „פריילען פראנ־ציסקא ראָנדאָלי, גענוא".

איך האָב געפרעגט:

— איהר הייסט פראנציסקא?

זי האָט ניט געענטפערט, נור א מאך געטהון מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

איך האָב ווייטער גערעדט:

— מיר וועלען גלייך עסען אונזער אבענד מאָלציים. טאָ־מער ווילט איהר דערוויילע אביסעל טואלעט מאכען?

א „מיקא", וועלכען זי האָט געברויכט גראדע אזוי אָפט, ווי „טשע מי פא", איז געווען דער ענטפער.

אָבער איך בין צו איהר צוגעשטאנען:

— נאָך א רייזע אויף'ן אייזענבאהן איז זעהר אנגענעהם זיך ארומצו־וואשען!

פּלוצים איז מיר איינגעפאלען, אז זי האָט אפשר ניט אלע נויטיגע טואלעט זאכען, ווייל זי האָט זיך געפונען אין עפּעס א

מאַדנער לאַגע, ווי זי וואָלט נור וואָס איבערגעלעבט אַ גרויסע אונ־אַנגענעהמליכקייט. און איך האָב איהר געבראַכט מיין רייזע נע־סעסער. דאָרט האָבען זיך געפונען די אַלע זאַכען פאַר טואַלעט: אַ בערשטעלע פאַר נעגעל און אַ נייע בערשטעל פאַר די צייהן, פיילען, גובקעס. איך האָב געעפענט אַ פלאַש קעלנישע וואַסער, אַ פלאַש לאַוואַנדאַ און אַ קליין פלעשעלע פּערפיום וואָס האָט דעם גערוך פון פריש־געשניטענעם הייה געהאַט, און געגעבען זי זאָל זיך אויסקלייבען. מיין קעסטעלע פּודרע, אין וועלכער עס איז געלעגען מיט וואָס זיך צו פּודערען, האָב איך אוועקגעשטעלט דער־ביי. איינעם פון מיינע גוטע האַנטיכער האָב איך אויפגעהאַנגען איבער׳ן קרוג וואַסער און אַ פרישע נאָך ניט געריהרטע שטיק זייף האָב איך געבען דער וואַש־שיסעל אוועקגעלעגט.

זי האָט נאָכגעפאָלגט נאָך מיינע בעוועגונגען מיט איהרע גרוי־סע, בייזע אויגען און איז, קאַנטיג, פון מיינע בעמיהונגען ניט געוועזען ערשטוינט אָדער בעפריעדיגט.

— דאָ האָט איהר אַלעס, וואָס איהר דאַרפט — האָב איך צו איהר געזאָגט — ווען דער טיש וועט זיין געגרייט, וועל איך אייך אָנזאָגען.

און איך בין אריין אין זאַאַל. פּאָול האָט פאַר זיך גענומען דעם צווייטען צימער און זיך דאָרט איינגעשלאָסען אַזוי, דאָס איך בין געבליבען אַליין. איך בין געזעסען און געוואַרט.

אַ קעלנער איז ארויסגעגאַנגען און אריינגעגאַנגען, האָט גע־בראַכט טעלער און גלעזער. לאַנגזאַם האָט ער דעם טיש געגרייט, האָט סערווירט אַ קאַלטע הוהן און דאַן געמעלדעט, אַז אַלעס איז פערטיג.

איך האָב שטיל אָנגעקלאַפּט אין פרייליין ראַנדאַלי׳ס טיר. זי האָט אַ געשריי געטהאָן: „אריין". איך בין אריין אינעווייניג. אַ בעטויבענדער גערוך פון פּאַרפיום האָט מיר אַ שלאַג געטהאָן אנטקעגען, ווי ביים אריינגאַנג אין אַ באַרבער־שאַפּ.

די איטאַליענערקע איז געזעסען אויף איהר קאַסטען, ווי איי־נע, וואָס איז פערטהאָן אין זעהר אונאַנגענעהמע געדאַנקען, אָדער ווי אַ דיענסט־מיידעל, וועלכער מען האָט נור־וואָס ענטזאָגט. מיט

איין בליק האָב איך דערזעהן, וואָס זי האָט פערשטאַנען אונטער די ווערטער „טואַלעט מאַכען". דער האַנדטוך, אַ נים געריהרטער, איז געהאַנגען איבער דעם פולען קרוג וואַסער. די אונבעניצטע, טרוקענע שטיק זייף איז געלעגען נעבען דער ליידיגער וואַש־שי־סעל. אָבער עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי די איטאַליענערקע וואָלט אַ העלפט פון די פלעשלאַך פארפיום אויסגעטרונקען. מיט דעם קעלנישען וואַסער איז זי זיך בעגאַנגען פערהעלטניסמעסיג שפּאָרזאַם, נור איין דריטעל פון דעם פלאַש איז געווען אויסגע־לעדיגט. דערפאַר האָט זי פון די אַנדערע צוויי פלאַשען אונגע־הויער פיעל פערברויכט. אַ וואָלקען פודרע, ווי אַ ווייסער טומאַן, האָט זיך געטראַגען אין דער לופט — אַזוי שטאַרק האָט זי זיך דאָס פּנים און די האַלז אָנגעריבען. איהרע ברעמען, אויגען־לעדלאַך און די האָאר ביי די שלייפען זיינען בעדעקט געווען ווי מיט שניי, די באַקען ווי מיט גיפּס בעשמירט און אין אַלע לע־כעלאַך פון איהר פּנים, אַרום נאָז, אין די חן־גריבעלאַך, אין די אויי־גען־ווינקלען זיינען געלעגען גאַנצע בערג פודרע.

ווען זי האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זי אַרום זיך פערשפּרייט אַזאַ שטאַרקען גערוך, דאָס מיר האָט זיך אַזש דער קאָפּ פערדרעהט.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש. פּאָול איז געווען זעהר שלעכט אויפגעלעגט. איך האָב פון איהם גאָר נישט געקענט אַרויס־קריגען אויסער ווערטער פול טאַדעל, אָדער אונאַנגענעהמע קאָמ־פּלימענטען.

מאַמזעל פראַנציסקאַ האָט געגעסען ווי ניט אין זיך. אַזוי גיך, ווי זי איז פערטיג געוואָרען מיט'ן עסען, האָט זי זיך צוגע־לעגט אויף דער זאָפע. אין דערזעלבער צייט האָב איך מיט אונ־רוה ערוואַרטעט דעם מאָמענט, ווען די צימערן האָבען געדאַרפט פערטהיילט ווערען. איך האָב ביי זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַ גיכען סוף צו דער געשיכטע.

איך האָב זיך געזעצט נעבען דער איטאַליענערקע און זי העפ־ליך אַ קוש געטהאָן אין האַנד.

זי האָט האַלב געעפענט איהרע מיעדע אויגען און געוואָרפען אויף מיר אַ שלעפעריגען בליק.

איך האָב געזאָגט:

— אזוי ווי מיר האָבען ניט מעהר ווי צוויי צימערען, וועט איהר מיר ערלויבען מיטגעהן מיט איך אין אייערען?

זי האָט געענטפערט:

— טהוט וואָס איהר ווילט! מיר איז אלץ איינס! — משע מי פּאַ?

די דאָזיגע גלייכגילטיגקייט האָט מיך בעליידיגט.

— אייך איז ניט אונאנגענעהם, ווען איך וועל געהן מיט אייך?

— מיר איז אלץ איינס. טהוט וואָס איהר ווילט.

— ווילט איהר גלייך געהן צו בעט?

— יאָ. איך בין זעהר מיעד!

זי איז אויפגעשטאנען, האָט אַ געניץ געטהאָן, דערלאנגט פּאול'ן די האנד, וועלכע יענער האָט בייז אַ דריק געטהאָן, און איך האָב איהר צוגעלייכטעט אין אונזער צימער.

אָבער מיך האָט געפּלאגט אַ געוויסער געדאנק און איך האָב ווידער אמאָל צו איהר געזאָגט:

— אָט דאָ האָט איהר אלעס נויטיגע!

און בעת דעם האָב איך מיט מיינע אייגענע הענד אריינגעגאָסען אַ העלפט וואסער פון קרוג אין שיסעל אריין און אוועקגעלעגט דעם האנדטוך נעבען די זייף.

דערנאָך בין איך אוועק צוריק צו פּאול'ן. ווי נור איך בין אריין אין עס־צימער, האָט ער זיך צו מיר אָבגערופען:

— אַ שעהנעם הארב האָסטו אויף זיך ארויפגעשלעפּט!

לאַכענדיג האָב איך געענטפערט:

— ליעבער פריינד, רעד ניט שלעכט פון די זויערע ווייג־טרויבען!

ער האָט מיר בייז אַ שטאָך געטהאָן:

— וואַרט אקאַרשט, זיי קאָנען דיר נאָך אויך זויער ווערען!

איך האָב זיך אַ טרייסעל געטהאָן און די מורא, וואָס פערפאָלגט אונז נאָך יעדער צווייפעלהאפטער ליעבע, די מורא, וואָס פערגיפטעט די שענסטע מינוטען פון קורצע פאראיבערגעהענדע בע־געגענישען, די אונערוואַרטעטע לאַסקעס, די צופעליגע קושען, די

דאַזיגע מורא האָט מיך איצט אָנגעכאַפּט. דאָך האָב איך זיך גע־מאַכט מוטה:

— אַך, לאָז מיך צופריעדען, זי איז ניט קיין שטראָסען פרוי!

אָבער ער האָט מיך ניט אַזוי גיך אָבגעלאָזט, דער לומפּ. ער האָט אין מיין פּנים די אַנגסט, די מורא געלעזען.

— נו זעהסטו, דאָס איז טאַקע גוט! דו וואונדערסט מיך, ווירקליך! טרעפסט זיך אין אייזענבאַהן מיט אַן איטאַליענערקע, וועלכע פאָהרט איינע אַליין; מיט אַ מערקווירדיגער אונפערשעהמט־הייט שלאָגט זי דיר פאָר צו געהן מיט דיר אין דאָס ערשטע בעסטע האָטעל. און נאָכדעם אַלעמען בעהויפּטעסטו, אַז עס איז ניט קיין שטראָסען־פרוי! און סטאַרעסט זיך אַליין איינצורייידען, אַז דו שטעלסט זיך היינט ניט אין נאָך אַ גרעסערער געפאַהר, ווי ווען דו וואָלסט זיך געקליבען צו פערברענגען די נאַכט אין אַ בעט... פון אַ פּאָקען קראַנקער!

און ער האָט זיך צולאַכט בייז און צורייצט. איך האָב זיך געזעצט אַ געפּייניגטער פון אונרוהיגקייט. וואָס זאָל איך טהאָן? ער איז געווען גערעכט. און איך האָב גענומען וואַנקען צווישען מורא און פערלאַנג.

ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— טהו ווי דו פערשטעהסט! איך האָב דיך געוואָרענט — זאָלסט זיך שפּעטער ניט בעקלאָגען.

אָבער אין זיינע אויגען האָב איך געזעהן אַזאַ איראָנישע פרעהליכקייט, אַזוי פיעל אויסגעפיהרטען נצחון, ער האָט זיך אַזוי אויסגעלאַכט פון מיר, דאָס איך האָב שוין מעהר נישט געטראַכט. איך האָב איהם דערלאַנגט די האַנד און געוואונשען איהם אַ גוטע נאַכט מיט די פאָלגענדע ווערטער:

— ליעבער פריינד, ווער עס וואָגט ניט, דער געווינט ניט!

און מיט פעסטע טריט בין איך אוועק אין פראַנציסקאָ׳ס צי־מער.

ערשטוינט און פערוואונדערט בין איך אויפ׳ן שוועל שטעהן געבליבען. זי איז געלעגען אין בעט, אין גאַנצען אַ נאַקעטע, און האָט געשמאַק געשלאָפען.

מיעד ווי זי איז געווען, האָט זי זיך הפנים צוגעלעגט אויסצו־טהאָן איהרע זאָקען, וועלכע זיינען נאָך געבליבען ליגען אויף'ן בעט. דאן האָט זי זיך, קאָנטיג, ווענען עפּעס פערטראכט, וועגען עטוואָס אנגענעהמעס, און גענומען טרוימען מיט פערמאַכטע אויגען און אזוי איז זי איינגעשלאָפען. א נאַכט העמד מיט שפּיצען ביי'ם קראַגען, איינס פון די, וואָס מען קריגט פאַרטיגע אין די גרויסע קראָמען, איז געלעגען אויף א שטוהל.

זי איז געווען וואונדערשעהן, יונג, שטאַרק און פריש.

איז נאָך פאַרהאַן עפּעס שעהנערעס, ווי א שלאָפענדיגע מיידעל? איהר קערפּער מיט די צארטע ליניען, מיט די פערפיהרערישע פאָרמען איז ווי געשאַפען פאַר דעם אָברוה. די געדרעהטע וועללענפאָרמיגע ליניע, וועלכע פאַלט איין אין טאַליע, אום זיך דאן ווידער אויף די היפטען אויפצוהויבען און וועלכע לאָזט זיך דאַן ווידער ביסלאכווייז, פּול רייץ און כישוף, ארונטער ביז צו די שפּיץ־פינגער, — די דאָזיגע ליניע צייכענט זיך אָב אין איהר גאַנצער פערפיהרערישער שעהנקייט נור אין דער רוהענדער לאַגע, אויף די ווייסע ליילאַכער פון בעט.

אין איין אויגענבליק האָב איך פערגעסען אלע גוטע עצות פון מיין פריינד, אָבער א קעהר געטהאָן זיך צום וואַש־טישעל, האָב איך פּלוצים דערזעהן, אַז אלעס איז דאָרט פּונקט אזוי, ווי איך האָב פריהער איבערגעלאָזט. און א דערשראָקענער האָב איך זיך אוועקגעזעצט, געפּייניגט פון אונענטשלאָסענהייט.

און אזוי בין איך געבליבען זיצען לאַנג, לאַנג, פּילייכט א גאַנצע שטונדע, און האָב זיך ניט געקענט ענטשליסען ניט אויף אַן איבערפאַל און ניט אויף צו אנטלויפען. אייגענטליך האָב איך גאָר ניט געהאַט וואו צו אַנטלויפען. זאָל איך די נאַכט צוברענגען אויף א שטוהל אָדער נעהמען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט און די געפאהר און זיך אויך לעגען אין בעט.

שלאָפען אָבער האָב איך סיי ווי סיי ניט געקענט, ניט דאָ און ניט דאָרט; דער קאָפּ האָט געברענט און די אויגען זיינען אויך געווען צופיעל אָנגעשטרענגט. איך האָב ניט געקענט איינזיצען אויף אַן אָרט און זיך געהאַלטען אין איין דרעהען אהער און אהין,

ציטערענדיג ווי אין פיבער, א צורייצטער און אן אונצופריעדענער. איך האָב געגומען רעדען צו זיך אליין, ווי אַ מענש, וועלכער האָט זיך בעשלאָסען אונטערצוגעבען און וויל זיך פאַרענטפערען פאר זיין אייגענעם געוויסען.

ווען איך זאָל זיך לעגען שלאָפען אין בעט, הייסט עס נאָך נים, אז איך מוז. צי אזוי צי אזוי איז אויף אַ מאַטראַץ בעסער צו שלאָפען ווי אויף אַ שטול.

און איך האָב זיך לאנגזאם אויסגעטהאָן, אריבערגעקראָכען איבער דער שלאָפעדיגער מיידעל און, אומגעקעהרט זיך צו איהר מיט'ן רוקען, האָב איך זיך אויסגעצויגען נעבען וואנד, און לאנג, לאנג האָב איך נים געקאָנט איינשלאָפען.

אָבער פלוצים האָט זיך מיין שכנה אויפגעכאַפּט. ערשטוינט און נאָך אלץ אונצופריעדען האָט זי זיך ארומגעקוקט. ווען זי האָט בעמערקט, אז זי איז נאַקעט, האָט זי זיך אויפגעהויבען און ארי־בערגעוואָרפען איהר נאַכט־העמד אזוי רוהיג, ווי איך וואָלט נאָרנים דערביי געוועזן.

דא.... ערשט.... דא האָב איך בענוצט די געלעגענהייט... אָבער איהר האָט עס, קאָנטיג, וועניג געהארט. זי איז גלייך ווי־דער איינגעשלאָפען רוהיג און פריעדליך, דעם קאָפּ אויף דעם רעכ־טען ארעם אונטערגעשפּארט.

איך אָבער האָב זיך גענומען פילאָזאָפירען איבער דעם לייכט־זין און שוואכקייט פון די מענשען. צום סוף האָבען זיך מיר אויך די אויגען צוגעקלעפּט און איך בין איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען, גאנץ פריה, האָט זי זיך אָנגעטהאָן, ווי איינע וואָס איז געוועהנט זיך גלייך צו נעהמען צו דער ארבייט.

דעם גערודער, וואָס זי האָט געמאכט ביי'ם אויפשטעהן, האָט מיך אויפגעוועקט און פער'גנב'עט האָב איך איהר נאָכגעקוקט מיט די אויגען.

זי איז געגאנגען אריין און ארויס נים געאיילט און עפּעס ווי ערשטוינט, וואָס זי האָט נים וואָס צו טהאָן. צום סוף איז זי צו־געגאנגען צום וואש־טיש און אין איין מינוט אויסגעלעדיגט אלעס,

וואס איז נאך איבערגעבליבען אין מיינע פארפיום פלאשען. דערצו האט זי אויך גענומען אביסעל וואסער — אבער זעהר ווענינ.

ווען זי איז שוין געווען אין גאנצען אנגעטהאן, האט זי זיך ווידער אוועקגעזעצט אויף איהר קופערט, צוזאמענגעלעגטביידע הענד איבער די קניע און זיך פערטראכט.

דאן האב איך געמאכט אן אנשטעל, ווי איך וואלט זיך ערשט אויפגעכאפט און האב אויסגערופען:

— גוט מארגען, פראנציסקא!

זי האט ארויסגעברומט ניט פיעל פריינדליכער ווי נעכטען:

— גוט מארגען.

איך האב געפרעגט:

— האסטו גוט געשלאפען?

זי האט בלויז א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, און איך בין צו איהר צוגעגאנגען זי א קוש צו טהאן. זי האט צו מיר אויסגע־שטרעקט איהר פנים, ווי א קינד, וואס מוז זיך לאזען א גלעט טהאן. דאן האב איך זי צערטליך ארומגענומען (וויבאלד דער ער־שטער שריט איז שוין געמאכט געווארען, האב איך דאך נעדארפט זיין א נאר, ניט צו געהן ווייטער) און לאנגזאם צוגעדריקט מיינע ליפען צו איהרע גרויסע, בייזע אויגען, וועלכע זי האט מיט א לאנג־ווייליגען אויסדרוק צוגעמאכט, צו איהרע באקען, צו איהרע פולע ליפען, וועלכע זי האט געזוכט פון מיר אבצורייסען.

איך מאך צו איהר:

— ווילסטו ניט, מען זאל דיך קושען?

זי האט געענטפערט:

— מיקא.

איך האב זיך געזעצט נעבען איהר אויף'ן קופערט, האב אריינ־געדרוקט מיין ארעם אין איהרען:

— מיקא! מיקא! איך וועל דיר איצט רופען נור פריילין מיקא!

צום ערשטען מאל האט זיך מיר געדאכט, אז איך זעה עט־וואס ווי א שמייכעל אויף איהר פנים; ער איז אבער גלייך ווידער

פערשוואונדען און עס קאָן געמאלט זיין, אז איך האָב א טעות געהאַט.

— ווען דו ענטפערסט אימער נור „מיקא", ווייס איך ווירקליך נים וואָס אָנצוהויבען און ווי אזוי דיך צו אונטערהאלטען. און איצט הער אוים, וואָס וועלען מיר היינט טהאָן?

זי האָט א ווײלע געשוויגען, ווי עפּעס א וואונש וואָלט איהר אין די געדאַנקען דורכגעפלויגען, דערנאָך האָט זי גלייכגילטיג געזאָגט:

— מיר איז אלץ איינס, טהוט וואָס איהר ווילט!

— גוט, פריילין מיקא, דאַן וועלען מיר נעהמען א קאוטש און פאָהרען אביסעל שפּאַציערען.

זי האָט אויסגעברומט:

— ווי איהר ווילט.

פּאול האָט אונז ערוואַרטעט אין עס־צימער מיט א מינע פון א געלאַנגווייליגטען עלעפאנט. איך האָב געמאכט א פריינדליך פּנים און איהם א דריק געטהאָן די האַנד אזוי שטארק, דאָס ער האָט דערפיהלט מיין זיעג...

ער האָט געפרעגט:

— וואָס געהסטו טהאָן?

איך האָב געענטפערט:

— איך דענק, מיר זאָלען זיך אביסעל דורכלויפען איבער'ן שטאָדט און דאַן נעהמען מיר א קאוטש און פאָהרען אין דער אומגעגענד.

דער פריהשטיק איז אוועק שווייגעדיג, דערנאָך זיינען מיר אוועק אין שטאָדט אריין, אום די מוזעאומס צו בעזוכען. פון פּאַלאַץ צו פּאַלאַץ האָב איך פראנציסקא'ן אין מיין ארעם געשלעפּט. מיר זיינען געגאנגען פון פּאַלאַץ ספּינאָלא צום פּאַלאַץ דאָריא, צום פּאַלאַץ מארסעלאָ דוראַצצאָ, צום רויטען און צום ווייסען פּאַלאַץ. זי האָט אויף קיין זאך נים געקוקט, קיין זאך נים בעטראכט, נור ווען־ניט־ווען האָט זיך איהר לאַנגווייליגער בליק אויף עפּעס א מייסטערווערק אָבגעשטעלט. פּאול איז געווען שלעכט אויפגעלעגט און האָט נור צייטענווייז געמאכט קורצע בעמערקונגען. דער־

נאָך זיינען מיר אוועקגעפאָהרען אין דער אומגעגענד אלע דריי ניט ריידענדיג אַ וואָרט.

צום עסען האָבען מיר זיך אומגעקעהרט צוריק.

און דעם צווייטען טאָג האָבען מיר אויף׳ן זעלבען שטיינער פערבראַכט און אויף מאָרגען ווידער אמאָל דאָס זעלבע.

אויף׳ן דריטען טאָג מאַכט פּאול צו מיר:

— דו זאָלסט וויסען, אַז איך פערלאָז דיך. דו קענסט דאָך פון מיר ניט פערלאנגען, אַז איך זאָל גאנצע דריי וואָכען זיצען אויף איין אָרט און קוקען, ווי דו שלעפּסט זיך ארום מיט דער דאָזיגער פרויענצימער.

איך בין געוואָרען אביסעל צומישט און זיך געפיהלט אונאָנגענעהם, ווייל איך האָב פראנציסקא׳ן ליעב געקראָגען. דער מאַן איז שוואַך און נאַריש. איין נאַכט געווינט איהם און, ווען ער איז אויפגערייצט און זיינע געפיהלען ברענען, איז ער אימער אַ פּייגלינג. איך האָב ליעב געקראָגען דאָס דאָזיגע מיידעל, וועלכע איך האָב אייגענטליך גאָרניט געקענט, וועלכע האָט שטענדיג געשוויגען און איז שטענדיג שלעכט אויפגעלעגט געווען. איך האָב געליעבט איהר אָנגעבלאָזען פּנים, האָב ליעב געהאַט צו זעהן, ווען עס פערקרימט זיך, האָב געליעבט איהר געלאנגווייל־טען בליק, איהרע מיעדע בעוועגונגען, איהר פערעכטליכע האַלטונג, זאָגאַר איהר גלייכגילטיגקייט אין דער ליעבע. אַ געהיימניספּולעס געפיהל, אַ געפיהל פון בעפרידיגטער און דאָך אימער שטאַרקער ווערענדיגער ליידענשאַפט האָט מיך צו איהר געצויגען, מיט איהר פערבונדען. איך האָב דאָס אָפען ארויסגעזאָגט פאַר פּאול׳ן. ער האָט מיך אָנגערופען נאַר און געזאָגט:

— טאַ נעהם זי מיט!

אָבער זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט פערלאָזען גענוא. פאַרוואָס, האָט זי ניט געוואָלט זאָגען. איך האָב זיך ביי איהר געבעטען, זיך געסטאַרעט זי איבערצורעדען, געמאַכט איהר פערשפּרעכונגען — אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען.

און איך בין געבליבען.

פּאול האָט ערקלעהרט, אַז ער וועט אליין אוועקפאָהרען. ער

האָט אפילו זיין קופערט איינגעפּאקט, אָבער דאָך איז ער דאָ גע־בליעבען.

אזוי זיינען אוועק נאָך פערצעהן טעג.

פראנציסקא איז געבליבען שווייגעדיג און שלעכט אויפגע־לעגט, ווי פריהער. זי האָט געלעבט מיט מיר שטום און קאַלט. אויף אלע מיינע פערלאנגען, פראגען, פארשלאגען האָט זי נור גע־ענטפערט מיט איהר אייביגען „טשע מי פאַ" אָדער איהר ניט אזוי אָפטען „מיקאַ".

מיין פריינד איז וואָס ווייטער אלץ אויפגערעגטער געוואָרען, און איך האָב איהם יעדעס מאָל געענטפערט:

— טאַ פאָהר זיך געזונטערהייט, ווען דיר איז לאַנגווייליג, איך האַלט דיך ניט צו.

דאַן איז ער געוואָרען אנטקעגען מיר גראָב, האָט מיך פער־שאָטען מיט פאָרווירפען און געזאָגט:

— אָבער וואו, צום טייפעל, זאָל איך איצט פאָהרען. דריי וואָכען האָבען מיר אינגאנצען צייט געהאַט און צוויי דערפון זיי־נען אוועק אין גאָרנישט. איצט לוינט זיך דאָך שוין ניט מעהר. און דאַן וועל איך דאָך ניט פאָהרען איינער אליין קיין ווענעדיג, פלאָרענץ, רוים! אָבער איך וועל זיך מיט דיר אָברעכענען דער־פאַר, מעגסט שוין זיין זיכער. אומזיסט נעהמט מען מיך ניט צו פון פאַריז און פערשפּאַרט מיך מיט אַ איטאַליענישער פּראָסטיטוט־קע אין אַ גענוא'ר האָטעל.

איך האָב רוהיג געענטפערט:

— טאָ פאָהר צוריק קיין פאַריז!

ער האָט אויסגערופען:

— דאָס וועל איך טאָקע טהאָן און ניט שפּעטער ווי מאָרגען.

אָבער אויף'ן צווייטען טאָג איז ער נאָך אלץ געבליעבען דאָ און האָט זיך געשאָלטען און געזידעלט.

איצט האָט מען אונז שוין געקאַנט אויף די גאַסען. פון אין דער־פריה ביז ביינאַכט זיינען מיר אַרומגעלאָפען איבער די שמאָ־לע גאַסען פון דער דאָזיגער שטאָדט. גענוא זעהט אויס, ווי אַ ריעזיג גרויסער לאַבירינט פון שטיין, אין וועלכען עס זיינען אויס־

געבראָכען דורכגאנגען אונטער דר'ערד. מיר זיינען פארביינעגאנ־
גען די ווינטיגע גאסען, וועלכע זיינען געלעגען צווישען אזעלכע
הויכע מויערען, אז מען האָט קוים דעם הימעל ארויסגעזעהן. מאנ־
כעס מאָל האָבען מיר געטראָפען פראנצויזען. זיי האָבען זיך פער־
וואונדערט אומגעקוקט, ווען זיי האָבען דערקאנט לאנדסלייט אין
בעגלייטונג פון דער דאָזיגער געלאנגווייל'טער מיידעל אין אזעלכע
בונט־שרייענדע קליידער. זי צווישען אונז ביידע האָט זיי געמוזט
פאַרקומען זעהר זאָנדערבאר.

זי האָט זיך אָנגעהאנגען אויף מיין ארעם און האָט אייגענט־
ליך גאָרנישט געזעהן.

פארוואָס איז זי געבליבען ביי מיר, ביי אונז, וועלכע האָבען
זיך אזוי ווייניג צוגעפאסט צו איהר? ווער איז זי געווען? פון
וואנען? וואָס האָט זי דערצו געטריבען? האָט זי געהאט עפעס
אַן אבזיכט? אָדער האָט זי געלעבט איינזאם און גלאט אין דער
וועלט אריין בעקאנטשאפטען געמאכט? אומזיסט האָב איך געזוכט
זי צו פערשטעהן, איהר נעהענטער צו ווערען, זי מיר צו ערקלעה־
רען. וואָס מעהר איך האָב זי געקאָנט, אלץ מעהר האָב איך זיך
געוואונדערט, אלץ רעטזעלהאפטער איז זי מיר געוואָרען. קיין
פראָסטיטוטקע, וואָס מאַכט פון איהר ליעבע אַ געשעפט, איז זי
זיכער ניט געווען. גיכער וואָלט איך זי אָנגענומען פאר אַ קינד
פון ארימע עלטערן, וועלכע האָט זיך געלאָזט פערפיהרען און מיט
אַ ליעבהאָבער ערגעץ־וואו אוועק, און נאָכדעם, ווי יענער האָט זי
פערלאָזט, איז זי געבליעבען עלענד און אָהן אַ היים. אָבער וואָס
האָט זי אייגענטליך געוואָלט טהאָן? אויף וואָס האָט זי געוואַרט?
דען זי האָט ניט געמאכט די קלענסטע אנשטרענגונג מיך צו זיך צו
צובינדען אָדער עפּעס אנדערע נוצען פון מיר צו האָבען.

איך האָב געפּרובט זי אויספאָרשען. איך האָב זיך נאָכגע־
פרעגט אויף איהר קינדהייט, איהר פאַמיליע. זי האָט ניט געגע־
בען קיין ענטפער. און אזוי האָב איך געלעבט ביי איהר זייט, און
מיין הארץ האָט גאָרנישט געפיהלט פאר איהר. אָבער מיינע גע־
פיהלען, מיינע ליידענשאפטען האָט זי בעהערשט און איך בין ניט
זאט געוואָרען זי אין מיינע ארעמס צו האלטען, צו קושען און

לאַסטשען דאָס דאָזיגע פּערצאַרנטע, וואונדערבאַרע שטיק פּלייש, צו וועלכען די נערוועז האָבען מיך געצויגען, וועלכעס האָט מיך אין קייטען געשמיעדט דורך דעם פּערפיהרערישען רייץ, דורך דער יו־גענד און געזונדקייט, וואָס האָט פון איהר שעהנעם, פעסטען לייב ארויסגעשטראָמט.

נאָך אכט טאָג זיינען אוועק. דעם עלפטען יולי האָב איך גע־מוזט זיין אין פּאַריז. די צייט פון אָברייזען האָט זיך אַלץ נעהענ־טער און נעהענטער גערוקט. פּאול האָט זיך שוין געהאט אין גאנ־צען אונטערגעגעבען זיין שיקזאַל כאָטש ער האָט זיך נאָך אימער נעבייזערט. איך אָבער האָב אויסגעטראכט פערגעניגענס, צושטריי־אונגען, ארויספאָהרונגען און האָב מיר געגעבען די גרעסטע מיה פראנציסקא און מיין פריינד צו אונטערהאלטען.

אין אַ געוויסען טאָג האָב איך פּאָרגעשלאָגען, אַז מיר זאָלען ארויספאָהרען קיין סאנטא מארגאריטא. דער רייצענדער קליינער אָרט ליעגט אין מיטען פון גארטענס אויף׳ן הויכען וועג, וועלכער ציהט זיך ביז צום דאָרף פּאָרטאָפינאָ און פאַלט דאָן אין ים אריין. מיר זיינען אַלע דריי געגאנגען איבער דער וואונדער־שעהנער גאַס, וועלכע ציהט זיך צו־פוסען פון בערג. מיט אַמאָל מאכט פראנ־ציסקאַ:

— מאָרגען קען איך ניט מיטגעהן. איך וויל בעזוכען מיינע קרובים.

און זי איז ווידער אנשווינגען געוואָרען. איך האָב ביי איהר מעהר נישט געפרעגט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז זי וועט מיר סיי ווי סיי גאָרנישט ענטפערען.

אויף׳ן צווייטען טאָג איז זי ווירקליך אויפגעשטאנען גאַנץ פריה. ווען איך בין געבליבען ליעגען, האָט זי זיך געזעצט צו־פוסען פון בעט און געפרעגט לאנגזאַם, עטוואָס פערלעגען און ערגערליך:

— ווען איך וועל היינט ביינאכט ניט צוריק קומען, וועסטו מיך קומען אָבנעהמען?

— געוויס! וואוהין זאָל איך קומען?

זי האָט מיר ערקלעהרט:

— דו געהסט גלייך מיט דער גאַס וויקטאָריאָ עמאנועל, דאַן

פערנעהמסטו זיך אין דעם פּאסאזש פּאלקאַנע און אין דער קליינער זייטיגער געסעל סאַנטאַ־ראַפּאעל. דאַן געהסטו אריין אין דאַס הויז, וואו דער מעבעל־הענדלער וואהנט. דאַן אין הויף אריין, גאַר פון הינטען, רעכטס. דאַ מוזטו פרעגען אויף פרוי ראַנדאַלי. דאָרט איז דאַס.

דערמיט איז זי אוועק און מיך איבערגעלאָזט אַ פערוואונ־דערטען.

ווען פּאול האַט מיך דערזעהן איינעם אליין, איז ער געבליבען שטעהן, ווי פון אַ דונער געטראָפען, און געפרעגט:

— וואו איז פראנציסקא?

האַב איך איהם דערצעהלט, וואַס עס האַט פּאסירט. דאַן האַט ער אויסגערופען:

— אויסגעצייכענט, ליעבער פריינד. איצט קאָנסטו זיך בע־נוצען מיט דער געלעגענהייט און מאכען די פּליטה! אונזער צייט איז סיי ווי סיי אויסגעגאנגען. צוויי טעג מעהר אָדער צוויי טעג וועניגער, דאַס איז שוין ניט קיין אונטערשיעד. אלזאַ פּאַהרען, פּאַהרען! פּאַק זיך איין. מיר רייזען אַב!

איך האָב ניט געקענט בעשליסען זיך:

— עס פּאלט מיר גאַרנישט איין, מיין טהייערינקער. אויף אַזאַ אופן קען איך דאָך דאַס מיידעל ניט אוועקוואַרפען, נאָכדעם, ווי זי איז גאַנצע דריי וואָכען אָבגעוועזען מיט מיר. איך מוז זיך כאָטש מיט איהר זעגענען און איהר עטוואַס שענקען. ניין, איך וויל ניט האַנדלען שמוציג געגען איהר!

ער האָט אָבער ניט געוואָלט וויסען דערפון, האָט מיך גע־מאַרטערט און געטריעבען. אָבער איך בין געבליבען פעסט ביי דאַס מייניגע.

אַ גאַנצען טאָג בין איך פון הויז ניט ארויס און געוואַרט, אַז פראנציסקאַ זאָל צוריק־קומען. זי איז ניט געקומען.

אין אבענד ביים עסען האָט זיך פּאול צו מיר אַ נעהם גע־טהאָן:

— זי האָט דיך אוועקגעוואָרפען, ליעבער פריינד. דאַס איז אַ אינטערעסאַנטע געשיכטע!

איך מוז צוגעבען, איך בין געווען ערשטוינט און אביסעל צו־מישט. ער האָט מיך אויסגעלאַכט און זיך גערייצט מיט מיר:

— דו ווייסט איהר האַנדלונג איז גאָרניט שלעכט, הגם עס איז ניט ניי: „ערוואַרט מיך — איך קום ווידער!" — וועסטו לאַנג וואַרטען אויף איהר? ווער ווייס? עס פּאַסט נאָך, אַז דו זאָלסט זיין אַזוי נאַאיוו, און זי טאַקע געהן זוכען, נאָכדעם, ווי זי האָט דיך אָוועקגעוואָרפען. שעהן וואָלט עס געווען, דו זאָלסט געהן און זיך נאָכפרעגען: וואוהנט דאָ פרוי ראַנדאַלי? — ניין, ניט דאָ.

— איך וועל וועטען, אַז דו וועסט נאָך אַהין לויפען!

איך האָב זיך אַנטקעגען איהם געוועהרט:

— עס הויבט זיך גאָרניט אָן. איך זאָג דיר צו: איז זי ביז מאָרגען פריה נישטאָ צוריק, פאָהר איך אום אַכט אוהר מיט דעם שנעל־צוג אָב. דאַן האָב איך פיער־און־צוואַנציג שטונדען גע־וואַרט. מעהר קען מען פון מיר ניט פערלאַנגען און מיין געוויסען איז בערוהיגט.

דעם גאַנצען אבענד בין איך געווען אונרוהיג, נערוועז און אביסעל טרויעריג. איך האָב זי דאָך עטוואָס ליעב געקראָגען. ארום האַלבע נאַכט בין איך צו בעט געגאַנגען. איך האָב ניט געקענט שלאָפען און אום זעקס בין איך שוין ווידער געווען אויף. איך האָב אויפגעוועקט פּאָול'ן, איינגעפּאַקט מיינע זאַכען און אין צוויי שטונדען ארום זיינען מיר ביידע צוזאַמען געפאָהרען צוריק קיין פראַנקרייך.

## 3

עס האָט פּאַסירט, אַז דעם נעכסטען יאָהר פּונקט אין דער זעלבער צייט האָט מיך ווידער, ווי אַ פּעריאָדישעס פיבער, אָנגע־כאַפּט די לוסט איטאַליען נאָך אַמאָל צו בעזוכען. איך האָב זיך בעשלאָסען גלייך צו פאָהרען. יעדער געבילדעטער און גוט ערצויי־געגער מענש מוז זעהן פלאָרענץ, ווענעדיג און רוים. אויסער דעם גיט עס טויזענדערליי שטאָפען פאַר געשפּרעכען, וואו מען קען אויף אַ ביליגען אופן רעדען כלומרשט טיעפזיניג איבער קונסט.

דאַסמאָל בין איך געפאָהרען אליין און מיט דעם זעלבינען צוג,

ווי אין פאָריגען יאָהר, בין איך אין געגנט אָנגעקומען. אָבער קיין רייזע־פּאַסירונג האָב איך ניט געהאַט. איך בין אוועק און דאָס זעלבע האָטעל און צופעליג האָב איך זאָגאר דיזעלבע צימערן גע־קראָגען.

און אזוי שנעל ווי איך האָב זיך געלעגט אין בעט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן פראנציסקא'ן. מיט אַ טאָג פריהער האָב איך אויך פון צייט־צו־צייט וועגען איהר געטראכט, אָבער איצט האָט מיך איהר בילד ניט אָבגעלאָזט.

קאָנט איהר דאָס געפיהל, וואָס כאַפּט איינעם ארום, ווען מען זעהט צופעליג ווידער יענעם אָרט, וואו מען האָט אמאָל אַ ליעבעס־צייט פערבראַכט?

איך וויים ניט פון קיין איין עמפּפינדונג, וואָס זאָל זיין אזוי שטאַרק און אזוי ביטער, ווי די דאָזיגע. עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט קומט זי אריין און שטרעקט אוים מיט אַ שמייכעל איהרע ארעמס צו אייך. איהר פאַראיבערגעהענדער און דאָך שאַרפע־ פּנים שטעהט פאַר אונז, פערגעהט, ערשיינט ווידער און פערשווינדעט פון דאָס ניי. עס ליעגט ווי אַ שווערער באַרג אויף דער ברוסט, גנב'עט זיך אריין אין דער נשמה און פּייניגט אלע געפיהלען מיט זיין פערפיהרערישער געגענוואַרט. עס דאַכט זיך, אַז מען זעהט זי, מען פיהלט איהר דופט, איהרע קושען, איהר זיס פלייש. און דאָך איז מען אליין. מען וויים עס און איהר בילד, וואָס טראָגט זיך פאַר די אויגען, פערשאפט אונענדליכע קוואלען. אַ טרויעריגער, שטיקענדיגער אומעט פאַלט אָן אויף אונז. עס דאַכט זיך, אַז מען איז נור וואָס פערלאָזען געוואָרען. אלסדינג קומט פאַר אזוי אומע־טיג און אויף'ן הארצען ווערט טרויעריג און שווער און מען פיהלט זיך פערלאָזען, איינזאַם, עלענד. קיינמאָל, קיינמאָל, קיינמאָל זאָל מען די שטאָדט, דאָס הויז, דאָס צימער, וואַלד, גאַרטען אדער איר־גענד וועלכען פּלאַץ ווידער זעהן, וואו מען איז מיט אַ פרוי אמאָל גליקליך געוועזן.

קורץ, די עראינערונג אָן פראנציסקא'ן האָט מיך פערפאָלגט די גאַנצע נאַכט. און ביסלאַכווייז איז מיר געקומען דער װאונש, זי ווידער צו זעהן, צוערשט נור דומף, נור שוואַך, דערנאָך שטאַר־

קער און, צו'ם סוף, האָט ער אינגאנצען מיין הארץ בעהערשט. און איך האָב בעשלאָסען דעם נעכסטען טאָג צו פערבלייבען אין גענוא און מאַכען אַ פערזוך זי צו געפינען. געלינגט עס מיר ניט, וועל איך דאַן מיט דעם ביינאכטיגען צוג ווייטער פאָהרען.

איך האָב אלזאָ אויף מאָרגען באלד פריה גענומען זוכען. איך האָב נאָך גוט געדענקט, וואָס זי האָט מיר אָנגעגעבען: שטראַסע וויקטאָריא עמאנועל — פאַססאַזש פאַלקאָנע — דאָס זייטיגע געסעל סאַנטא ראפאַעל — מעבעל־הענדלער — אין הויף — רעכטס.

קוים מיט צרות האָב איך דאָס אויסגעפונען און אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פון אַ האלב איינגעפאלענער הינטער־הייזעל. אַ דיקע פרוי האָט געעפענט. אמאָל האָט זי געמוזט זיין זעהר שעהן, היינט איז זי געוועזען זעהר שמוציג. הגם זי איז געוועזען צו דיק, האָט זי פון דעסטוועגען נאָך אלץ געהאַט פאָרנעהמע, כמעט מאַיעסטעטישע שטריכען. איהרע ניט פערקאַמטע האָאר איז איהר אויף'ן שטערן געפאלען און איבער די פלייצעס אראָבגעהאנגען. אונטער אַ שמור־ציגען, פול מיט פלעקען, שלאָפראָק האָט זיך געמערקט אַ שלאָפער, דיקער קערפּער. אויף דער האלז האָט זי געטראגען אַ ־יעזיג־גרויסען פערגאָלדעטען האלז־באַנד און אויף די הענד פרעכטיגע בראַסלעטען פון גענועזער ארבייט.

זי האָט געפרעגט מיט אַ פיינדליכען אויסדרוק:

— וואָס פערלאנגט איהר?

איך האָב געענטפערט:

— וואהנט דאָ ניט פריילין פראנציסקא ראנדאלי?

— וואָס דארפט איהר זי?

— איך האָב געהאַט די עהרע פּאַראַיאָהרען מיט איהר בעקאנט צו ווערען און וואָלט זי גערן וועלען ווידערזעהן.

די אַלטע האָט אויף מיר געוואָרפען אַ בליק פול פערדאַכט:

— וואו האָט איהר זי געטראָפען?

— דאָ אין גענוא.

— ווי הייסט איהר?

אן אויגענבליק האָב איך נאָכגעטראכט, דאַן האָב איך איהר געזאגט מיין נאָמען. ווי נור די איטאַליענערקע האָט איהם דער־

הערט, האָט זי אויפגעהויבען איהרע אָרעמס, ווי זי וואָלט מיך ווע־
לען קושען:

— אך, אזוי, איהר זייט עס דער פראנצויז. אך, עס פרעהט מיך אייך צו זעהן! דאָס פרעהט מיך ווירקליך! אָבער איהר האָט מיין אָרים קינד אזוי פיעל קומער פערשאפט. זי האָט אַ מאָ־נאַט אויף אייך געוואַרט, יאָ, אַ גאַנצען מאָנאַט. זי האָט געגלויבט, אַז איהר וועט זי אויף'ן צווייטען טאָג קומען אָבנעהמען. זי האָט נור געוואָלט זעהן, אויב איהר האָט זי ליעב. אוי, האָט זי גע־וויינט, ווען זי האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז איהר וועט שוין נישט קומען. דערנאָך איז זי אוועק אין האָטעל. איהר זייט געווען אוועק. דאַן האָט זי געמיינט, אַז איהר האָט אודאי געוואָלט ווײ־טער פאָהרען אויף אייער רייזע קיין איטאַליען און אַז צוריקוועגס וועט איהר זיך אָבשטעלען אין גענוא, אום איהר אָבצונעהמען, ווייל זי האָט דאָך נים געוואָלט מיטפאָהרען. און זי האָט געוואַרט, יאָ מיין הערר, מעהר ווי אַ מאָנאַט האָט זי געוואַרט. און זי איז געווען אזוי טרויעריג, אזוי אומעדיג, די אָרימע. איך בין איהר מוטער.

איך בין אַביסעל צומישט געוואָרען. דאָך בין איך באַלד געקומען צו זיך און געפרעגט:

— איז זי איצט אין דר'היים?

— ניין, מיין הערר, זי איז אין פאַריז, מיט אַ מאהלער. אַ זעהר נעטער מענש, מיין הערר, אַ מענש וואָס ליעבט זי, ליעבט זי מורא'דיג. און וועלכער גיט איהר אַלסדינג, וואָס איהר האַרץ גלוסט. זעהט איהר, אָט דאָס שיקט זי מיר, מיר איהר מוטער. דאָס איז דאָך פיין פון איהר.

און מיט אַ עכט זידליכער לעבהאַפטיגקייט האָט זי מיר גע־צייגט די מעכטיגע בראַסלעטען אויף איהרע הענד און די שווערע קייט אויף דער האַלז. דאַן האָט זי ווייטער גערעדט:

— איך האָב אויך אַ פּאָאַר אוירינגלאָך מיט שטיינער און אַ זיידענע קלייד און רינגען. אָבער דאָס טראָג איך ניט באַלד אין דער־פריה, נור בלויז ווען איך מאַך מיין טואַלעט. פראַנציסקאַ איז זעהר גליקליך, מיין הערר, זעהר גליקליך. זי וועט זיך שטאַרק פרע־הען, ווען איך וועל איהר שרייבען, אַז איהר זייט דאָ געווען. אָבער

קומט דאָך אריין, מיין הערר, זעצט זיך צו. איהר מוזט עפּעס גע־ניסען. קומט נור אריין.

איך האָב זיך אָבגעזאגט. איצט בין איך געווען ענטשלאָסען מיט דעם נעכסטען צוג אָבצורייזען. אָבער זי האָט מיך אָנגענומען ביי׳ם ארעם און מיך אריינגעשלעפּט, זאָגענדיג נאָך אמאָל:

— קומט צו נעהענטער, מיין הערר, איך מוז דאָך זיין אימ־שטאַנד איהר צו שרייבען, אז איהר זייט ביי אונז געווען.

איך בין אריין אין אַ קליין, דונקעל צימער אין וועלכען עס איז געשטאַנען אַ טיש און אַ פּאָאר שטוהלען.

זי האָט אָנגעהויבען פון דאָס ניי:

— אָה, זי איז איצט זעהר גליקליך. דעמאלט, ווען איהר האָט זי געטראָפען אין אייזענבאַהן, איז זי געווען זעהר אונגליקליך. איהר פריינד האָט זי דאַן געהאַט פערלאָזט אין מארסעל. און דאָס ארימע קינד האָט געמוזט אַהיים קומען. זי האָט אייך גלייך ליעב גע־קראָגען, אָבער ווייסט איהר, זי איז נאָך געווען אביסעל טרויעריג. איצט פעהלט איהר קיין זאַך ניט. זי שרייבט מיר אלעס אויס. ער הייסט הערר בעללעמין. ער איז דאָרט ביי אייך אַ גרויסער מאַה־לער. ער האָט זי דאָ אויף דער גאַס געטראָפען, יאָ, מיין הערר, אויף דער גאַס און האָט זיך גלייך אין איהר פערליעבט. גלייך אויף׳ן אָרט. אָבער איהר מוזט ביי אונז טרינקען אַ גלעזעלע סיראָפּ. ער איז זעהר גוט. זייט איהר היינטיגס יאָהר אליין?

איך האָב געענטפערט:

— יאָ, גאַנץ אליין.

ביי די ערקלעהרונגען פון פרוי ראנדאלי איז מיין פערצווייפ־לונג אינגאַנצען אוועק און עס האָט זיך מיר פערוואָלט צו לאַכען הויך, אויפ׳ן קול. איך האָב געמוזט אויסטרינקען אַ גלאָז סיראָפּ. דאַן האָט זי ווידער גערעדט:

— איז עס מעגליך? איהר זייט אליין? עס איז טאַקע אַ שאָד וואָס פראַנציסקאַ איז נישטאָ. זי וואָלט מיט אייך פערבראַכט, אַזוי לאַנג ווי איהר זייט דאָ. עס איז דאָך ווירקליך לאַנגווייליג צו זיין איינער אליין. עס וועט איהר זעהר לייד טהאָן.

ווען איך האָב זיך אויפגעהויבען, האָט זי אויסגערופען:

— אָבער אויב איהר ווילט, קאָן שארלאָטא מיט אייך געהן. זי וויים אלע שפּאַצירגאַנגען. שארלאָטא איז מיין אנדערע טאָכ־טער, מיין הערה, די צווייטע.

מיין פערוואונדערונג האָט זי הפּנים צוגענומען פאַר א צו־שטימונג, ווייל זי האָט זיך א וואָרף געטהאָן צו דער אינוועניגס־טער טיר, זי געעפענט און א רוף געטהאָן:

— שארלאָטא! שארלאָטא! קום שנעל ארונטער! שנעל, מיין קינד!

איך האָב זיך געוואָלט אָבזאָגען, אָבער זי האָט מיר נים גע־לאָזט אויסרעדען א וואָרט:

— זאָרגט זיך נים, זי וועט שוין מיט אייך פערברענגען. זי איז זעהר צערטליך און א סך פרעהליכער ווי די אנדערע. זי איז ווירקליך א וואויל קינד, א זעהר וואויל קינד. איך האָב זי זעהר ליעב.

איך האָב דערהערט אויף די טרעפּ דאָס קלאַפּען פון הויז־שיך, און א הויכע מיידעל איז אריינגעקומען. זי איז געווען שלאַנק, ברוין און שעהן, אָבער אויך נים פערקאַמט. אונטער דער מוטער'ס אַן אלט קליידעל האָט זיך געלאָזט מערקען א יונגער, שלאַנקער קערפּער.

פרוי ראנדאלי האָט איהר גלייך ערקלעהרט:

— דאָס איז פראַנציסקאַ'ס פראַנצויז, ווייסטו, דער פּאַר־א־יאָהריגער. ער האָט זי געוואָלט אבנעהמען. דער אָרימער איז נע־באָך איינער אליין, האָב איך איהם געזאָגט, אַז דו וועסט זיכער מיט איהם מיטגעהן, און זעהן, אַז איהם זאָל נים זיין אזוי אומעדיג.

שארלאָטא האָט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע, שעהנע, ברוינע אויגען און געענטפערט שמייכלענדיג.

— אויב ער וויל — איך בין צופריעדען.

ווי האָב איך געקאָנט זאָגען ניין? איך האָב זיך אָנגערופען:

— אבער געוויס וויל איך!

דאָ האָט זי פרוי ראַנדאַלי ארויסגעשטופּט פון צימער:

— שנעל מאַך זיך פערטיג, שנעל, שנעל! טהו אָן דיין בלויעס קלייד און די הוט מיט די בלומען. אָבער איינס, צוויי, דריי!

אזוי שנעל ווי די טאָכטער איז ארויסגעגאַנגען, האָט זי צו מיר געזאָגט :

— איך האָב נאָך צוויי. — אָבער יענע זיינען נאָך קליין. ווייסט איהר, עס קאָסט אן אייגענעם מיט געלד צו ערציהען פיער קינדער ! צום גליק איז די עלטסטע שוין פערזאָרגט !

דאַן האָט זי מיר דערצעהלט וועגען איהר פערשטאָרבענעם מאַן, וועלכער איז געווען אַ בעאַמטער ביי דער אייזענבאַהן, דערביי האָט זי מיר שטאַרק פערלויבט איהר צווייטער טאָכטער שאַרלאָטאַ און אויסדערצעהלט אלע איהרע מעלות.

דערווייל איז יענע צוריקגעקומען. זי איז געווען אָנגעטהאָן פונקט אויף דעם זעלבען אופן, ווי די עלטסטע : אויפפאַלענד און מאָדנע.

די מוטער האָט זי בעטראַכט פון אויבען ביז אראָפּ און, קאָנ־טיג, זי געפונען נענוי נאָך איהר געשמאַק נאָך. זי האָט זיך אָב־גערופען :

— נו, קינדער, איצט געהט אייך געזונטערהייט !

און צו דער טאָכטער האָט זי געזאָגט :

— דו זאָלסט נור געדענקען, אַז דו טאָרסט מיר ניט קומען אהיים היינט ביינאַכט שפּעטער ווי צעהן אזייגער. דו ווייסט, דער טויער איז פערשפּאַרט.

שאַרלאָטאַ האָט געענטפערט :

— מאַמאַ, דו קאָנסט זיין רוהיג !

זי האָט זיך אָנגעהאַנגען אויף מיין אָרעם און איך האָב זיך ארומגעפיהרט מיט איהר איבער די גאַסען, ווי פאַר אַ יאָהרען מיט איהר שוועסטער.

צום פריהשטיק זיינען מיר געגאַנגען אין האָטעל, דערנאָך בין איך אוועק מיט מיין נייער פריינדין צו סאַנטאַ מאַרגאַריטאַ, איבער דעם זעלבען וועג, איבער וועלכען איך האָב דאַן מיט פראַנצ־סקאָ׳ן געגאַנגען.

און ביינאַכט איז זי ניט אוועק אהיים, הגם דער טויער איז שוין אום צעהן אזייגער פערשפּאַרט געווען.

און אין די פיערצעהן טעג, וואָס איך האָב צייט געהאַט צו פער־בלייבען, בין איך ארומגעפאָהרען מיט שאַרלאָטא'י און בעטראַכט די אומגעגענד פון גענוא. נאָך דער אַנדערער האָב איך שוין מעהר ניט געבענקט.

מיט טרערען אין די אויגען האָב איך זיך מיט איהר צושיידעט, און איהר איבערגעלאָזט אַ שעהנע מתנה, פאַר איהר מוטער אָבער האָב איך געשיקט פיער בראַסלעטען.

די טעג וויל איך ווידער פאָהרען קיין איטאַל־ען, און אין מיין הארצען גנב'עט זיך אריין אַ געפיהל — האַלב אונרוה און האַלב האָפנונג, ווען איך טהו אַ טראַכט, אַז פרוי ראנדאָלי איז די מוטער פון נאָך צוויי טעכטער.



# די בעגעגעניש



אָס איז געווען ניט מעהר ווי אַ צופאַל. **דער באַראָן** דע־עטרייל איז אין יענעם אבענד מיעד געוואָרען פון לאנגען שטעהן אויף די פיס. אזוי ווי אלע טירען זיינען געווען אָפען, איז ער אריין אין דעם לעערען, האלב דונקעלען שלאָף־צימער פון דער פירסטין, וועלכער האָט זיך געפונען אויף'ן עק פון די העל־בעלויכטענע זאאלען: אלע צימערען זיינען אין יענעם אבענד געווען פריי פאר די געסט.

וויסענדיג, אז זיין פרוי וועט ניט וועלען פערלאָזען דעם באל פריהער, ווי פארטאָג, האָט ער געזוכט עפּעס אַ שטוהל, אום צו כאַפּען אויף אַ ווײַלע אַ דרעמעל. שטעהענדיג נאָך אויף'ן שוועל, האָט ער דערזעהן אַ גרויסע הימעל־בלויע בעט מיט איינגעוועבטע גאָלדענע בלומען, וואָס איז געשטאנען אין מיטען פון'ם גרויסען צימער, וועלכע איז עהנליך געווען צו אַ קאַטאַפאַלק, וואו די ליעבע איז בעגראָבען געווען. דען די פירסטין איז שוין ניט יונג געווען. אַ גרויסער העלער פלעק האָט געלויכטען אויף'ן וואַנד הינטער'ן באַלדאַכין פון דעם הימעל־בעט און האָט אויסגעוויזען, ווי אַ טייך, וואָס זעהט זיך דורך אַ הויכען פענסטער. דאָס איז געווען אַ זעהר גרויסער שווייגענדיגער שפּיעגעל, פערצויגען מיט דונקעלע פאָרהאַנגלאך, וועלכע מען האָט מאנכעס מאָל ארויפגעצויגען. דער שפּיעגעל האָט, דאכט זיך, שטום בעטראַכט דאָס בעט. זיין מיטשולדיגע, און זיך דערמאָנט אָן אַ סך בילדער און סצענעס, וועלכע ער האָט אין זיך אָבגעשפּיגעלט... עס האָט אויסגעזעהן, ווי דער שפּיעגעל, אזוי ווי אן אלטער שלאָס, האָט זיך זיינע בעזונדערע טראַ־ינערונגען, זיין בענקעניש, און אַז אויף זיין גלאַטער ליידיגער פלאַכקייט

שוועבען נאָך אפילו איצט אויף די רייצענדע פאָרמען פון נאַקעטע פרויען־גליעדער און די ווייכע ליניען פון געפלאָכטענע ארעמס...

מיט א שמייכעל און עטוואָס בעוועגט, איז דער בארָאָן גע־בליבען שטעהן אויף'ן שוועל פון דעם דאָזיגען טעמפעל פון ליעבע. אָבער פּלוצים האָט זיך אין שפּיעגעל בעוויזען עפּעס אזוינס, ווי ארויסגערופענע גייסטער וואָלטען פאר איהם אויפגעשטאנען. א מאַן און א פרוי, וועלכע זיינען געזעסען אויף א נידעריגער זאָפע אין א דונקעלען ווינקעל, האָבען זיך אויפגעהויבען. דאָס גלאַטע קריסטאָלענע גלאָז האָט אָבגעשפּיגעלט זייערע בילדער, ווי זיי זיי־נען געשטאנען איינער נעבען אנדער'ן און האָבען זיך געקושט צום אבשיעד.

דער בארָאָן האָט דערקאַנט זיין פרוי און דעם מארקיז דע־סערוויניע. ער האָט זיך אומגעקעהרט, זיך בעהערשט און איז רו־היג ארויסגעגאנגען. ער האָט געוואָרט ביז דער באַלל האָט זיך געענדיגט און געבראַכט זיין פרוי אַהיים. אָבער שלאָפען האָט ער שוין מעהר נישט געקענט.

אזוי שנעל, ווי ער איז געווען מיט איהר אליין, האָט ער גע־זאָגט:

— איך האָב דיך פריהער געזעהן ביי דער פירסטין אין שלאָף־צימער. מעהר איז, דאכט זיך, נים נויטיג צו זאָגען. איך בין נים דער מענש צו מאכען פאָרווירפע, געברויכען געוואַלד, אָדער זיך שטעלען אין א לעכערליכע לאגע. אום די אלע זאכען אויסצומיי־דען, וועלען מיר זיך צושיידען אָהן ליארם. די געשעפטליכע פראַ־גען צווישען אונז וועט מיין אדוואָקאט אין אָרדנונג ברייגנען. ווען דו וועסט פערלאָזען דאָס הויז, קאָנסטו, אלס געשיעדענע פרוי, לע־בען ווי דו ווילסט, אָבער איין זאך זאָג איך דיר אפריהער: דו מוזט זעהן אויסצומיידען יעדען סקאנדאַל, ווייל דו וועסט אין דער צו־קונפט פאָרטזעצען צו טראָגען מיין נאָמען. טאָמער וועסטו דאָס נישט טהאָן, וועל איך זיין געצוואונגען צו האנדלען זעהר שטרענג.

זי האָט עפּעס געוואָלט ענטפערען, אָבער ער האָט איהר נישט געלאָזט אויסריידען קיין וואָרט, האָט זיך פערנייגט און איז ארויס.

ער איז איינענטליך געווען מעהר ערשטוינט און אומעטיג, ווי

אונגליקליך. אין די ערשטע יאָהרען פון זייער פאמיליען־לעבען, האָט ער זי זעהר ליעב געהאָט. נור דער ערשטער ברען האָט זיך ביסלאכוויז אָבגעקיהלט און איצט האָט ער אָפט געזוכט ליעבע אָן דער זייט, דאָ אין טהעאטער און דאָ אין דער געזעלשאפט. דער־ביי האָט ער נאָך איינגעהאַלטען אַ געוויסען געפיהל פאַר זיין פרוי.

זי איז געוועזען יונג, נאָך נישט קיין גאנצע פיער און צוואנציג יאָהר אַלט, קליין, העל־בלאָנד און מאגער... זעהר מאגער. זי איז געוועזען אַ ריכטיגע פאַריזער ליאַלקע, צאַרט פערפיעשצעט, עלע־גאַנט, קאָקעט און גאַנץ גייסטרייך. בכלל איז זי געוועזען מעהר ליעב, ווי שעהן. ער האָט אמאָל געזאָגט צו זיין ברודער אונטער פיער אויגען:

— מיין פרוי איז אנציהענד, רייצענד, אָבער... עס איז נישטאָ וואָס צו נעהמען אין האַנד אריין. זי איז ווי אַ גלאָז שאַמ־פאַניער, אין וועלכען אויסער שוים איז גאָרנישט ניטאָ. ווען מען האָט עס אויסגעטרונקען, האָט עס גאַנץ גוט געשמעקט, אָבער עס איז געוועזען צו ווייניג!..

אָן אויפגערעגטער, מיט טויזענד געדאַנקען אין קאָפּ, האָט ער ארומגעשפּרייזט הין און צוריק איבער זיין צימער. צייטענווייז איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ בייזער צאָרן און עס האָט זיך איהם געוואָלט געהן און אָנברעכען דעם מאַרקיז די ביינער, אָדער אין קלוב פאַר אַלעמען אין די אויגען פערפאַהרען איהם אין באַק. באַלד האָט ער אָבער איינגעזעהן, אז ניט זיין געגנער, נור זיך אליין וועט ער דערמיט לעכערליך מאַכען און אַז זיין גאַנצער כעס קומט מעהר פון געקרענקטער אייגענליעבע, ווי פון אַ צובראָכענעם האַרצען. ער האָט זיך געלעגט אין בעט, אָבער שלאָפען האָט ער נישט געקענט.

אין אַ פּאָר טעג ארום האָט זיך איבער פאַריז פערשפּרייט די נייעס, אַז דער באַראָן און די באַראָנעסע דע־עטרייל זיינען זיך פריעדליך פונאַנדערגעגאַנגען, ווייל זיי האָבען ניט געקענט שטי־מען איינער מיט'ן צווייטען. קיינער האָט גאָר נישט פערדעכטיגט, קיינער האָט זיך ניט געוואונדערט און מען האָט דערפון נישט גע־מאַכט קיין רייד.

אָבער דער באַראָן, וועלענדיג אויסמיידען אונאַנגענעהמע בע־

געגעגנישען, איז אויף א גאנץ יאָהר אוועק אויף רייזען. דעם נעכ־סטען זומער האָט ער דערנאָך פערבראַכט ביי'ם ים, דעם הערבסט אויף יאַגד און ערשט אין ווינטער האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק קיין פאַריז. זיין פרוי האָט ער קיין איין מאָל ניט בעגעגענט.

ער האָט געוואוסט, אז מען רעדט ניט אויף איהר קיין בייזעס. זי האָט זיך געסטארעט, אזוי אָם וועניגסטענס האָט עס אויסגעזעהן, זיך צו האַלטען אנשטענדיג. מעהר האָט ער פון איהר ניט פערלאנגט.

אין פאַריז האָט ער געפיהלט לאַנגווייליג און ער איז ווידער אוועק אויף רייזען, דערנאָך האָט ער זיך פערנומען מיט דער אויס־בעסערונג פון זיין שלאָס אין ווילבאָסק. אויף דעם זיינען אוועק צוויי יאָהר. דאַן האָט ער אהין איינגעלאַדען זיינע פריינד און מיט זיי פערבראכט ארום א פופצעהן מאָנאטען. דאַן איז איהם דאָס אויך דערעסען געוואָרען און ער האָט זיך ווידער בעזעצט אין זיין פריהערדיגען האָטעל אין דער רוע־דע־לילע, פונקט אין זעקס יאָהר ארום נאָך דער צושיידונג.

ער איז שוין איצט אלט געווען א יאָהר פינף־און־פערציג, האָט געהאט א שעהן ביסעל גרויע האָאר, א נישקשה'דיגען בייכעל און יענע בעזונדערע מעלאנכאָליע, וואָס מען זעהט ביי עלטערע מענ־שען, וועלכע זיינען אמאָל געווען שעהן, געליעבט און האָבען גע־שפּיעלט א ראָלע.

ווען ער איז אָבגעווען א מאָנאט אין פאַריז, האָט ער זיך, איינמאָל געהענדיג פון זיין קלוב, פערקיהלט און גענומען הוסטען. זיין דאָקטאר האָט איהם געראטהען צו פערברענגען דעם רעשט פון'ם ווינטער אין ניצצא.

אין א געוויסען מאנטאג איז ער אוועקגעפאָהרען אהין מיט'ן שנעל־צוג.

ער האָט פערשפּעטיגט און איז געקומען אין דער לעצטער מי־נוט, איידער דער צוג האָט זיך געריהרט. ער איז ארויפגעשפּרונגען אויף דער פּלאַטפּאָרמע, איז אריין אין א קופּע און אזוי ווי דאָרט איז געווען א ליידיגער פּלאַץ, האָט ער איהם פערנומען. דאָרט אינעווייניג איז שוין עפּעס עמיצער געזעסען, אָבער אזוי איינגע־

דרעהט אין פוטער און מאנטלען, אז מען האט אפילו נישט געקענט דערקענען צו עס איז א מאן צו א פרוי. מען האט קיין זאך נישט געקענט אונטערשיידען אויסער א גרויסען פאק קליידער. ווען דער באראן האט בעמערקט, אז זיין שכן ריהרט זיך ניט, האט ער זיך אויך געמאכט בעקוועם, האט אנגעטהאן די רייזע־היטעל, זיך איינגעוויקעלט אין דעקעס, אויסגעצויגען זיך און אנשלאפען געווארען.

עס איז שוין געוועזן טאג, ווען ער האט זיך אויפגעכאפט און גלייך האט ער זיך ארומגעקוקט אויף זיין מיטרייזענדען. יענער האט זיך די גאנצע נאכט ניט א ריהר געטהאן פון'ם ארט און, קאנטיג, נאך געשמאק געשלאפען.

באראן דע־עטרייל האט בענוצט די געלעגענהייט אום זיך אביסעל אין ארדנונג צו ברענגען. ער האט פערקאמט די האאר, די בארד, אום ער זאל ווידער קריגען א פנים פון א מענשען, וויל ווען מען איז שוין נישט יונג, ווערט מען דורך דער נאכט זעהר שטארק פערענדערט.

ווען מען איז יונג, כאפט מען זיך אויף פון'ם שלאף פריש, מיט שטראהלענדיגע אויגען, ווען מען ווערט עלטער איז דאס ערוואכען שוין א גאנץ אנדערעס. דאן זיינען די אויגען פעולאשען, די באקען רויט און פערשוואלען, אין'ם מויל זויער. און די צוואווארפענע האאר און צושויבערטע בארד גיבען דאן דעם מענשען צו אן אלטען, מיעדען, אבגעבליאקירטען אויסזעהן.

דער באראן האט ארויסגענומען זיין רייזע־טאש און מיט א בארשט זיך גוט ארומגעפוצט. דערנאך האט ער גענומען ווארטען.

דער צוג האט גענומען פייפען און זיך אבגעשטעלט. דער שכן האט זיך א ריהר געטהאן. ער האט זיך מסתמא אויפגעכאפט. דער צוג איז אוועק ווייטער. א קרומער שטראהל פון דער זון האט זיך אריינגעריסען אין וואגאן און געפאלען פונקט אויף דעם שלאפענדיגען, וועלכער האט זיך ווידער גענומען בעוועגען, א טרייסעל געטהאן עטליכע מאל מיט'ן קאפ, ווי א ציפליאנאקעל, וועלכער שיילט זיך אויס פון'ם איי און האט רוהיג ארויסגערוקט דעם פנים פון אונטער די צודעקען.

עס איז געווען אַ יונגע, בלאָנדע, פרישע פרוי. זעהר אַ שעהנע און אַ פולע. זי האָט זיך געזעצט.

פערוואונדערט האָט דער באראָן זי אָנגעקוקט. ער האָט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט. ער וואָלט געקאנט שווערען, אַז דאָס איז געווען... זיין פרוי. אָבער וואונדערבאר פערענדערט — פיעל שעהנער און, אזוי ווי ער, איז זי פיעל פולער געוואָרען — נור צו איהר האָט זיך די דאָזיגע פולקייט געפאסט און זי פיעל רייצענדער געמאכט.

זי האָט איהם רוהיג אָנגעקוקט, קאָנטיג איהם ניט דערקענט און לאנגזאם גענומען זיך בעפרייען פון איהרע איבעריגע זאכען.

זי האָט געהאַט די זיכערקייט פון א זעלבסטבעוואוסטער פרוי, וועלכע איז איבערצייגט אין איהר שעהנקייט און פרישקייט און וועלכע וויס, אַז מיט אַ פערשלאָפענעם פּנים איז זי ניט וועניגער שעהן.

דער באראָן האָט איינפאך דעם קאָפּ פערלאָרען.

איז דאָס טאקע געווען זיין פרוי? אָדער אַן אנדערע, וועלכע איז צו איהר עהנליך געווען, ווי אַ שוועסטער. גאנצע זעקס יאָהר האָט ער זי ניט געזעהן! ער קאָן האָבען אַ טעות!

זי האָט אַ גענעץ געטהאָן. ער האָט דערקאנט איהרע בעוועגונגען. אָבער דאָ האָט זי זיך ווידער אומגעקעהרט אין זיין זייט, געוואָרפען אויף איהם אַ רוהיגען, גלייכגילטיגען בליק און גענומען קוקען דורכ'ן פענסטער.

ער איז געוואָרען אין גאנצען צוטומעלט, צומישט און האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף איהר פון דער זייט.

אָבער עס איז פּאָרט געווען זיין פרוי, יאָ, זיכער! ווי האָט ער געקאנט כאָטש איין מינוט צווייפלען אין דעם? אזא נאָז האָט קיין אנדער פרוי ניט געהאט! טויזענדער קליינינקייטען זיינען איהם איצט אויף די געדאנקען געקומען, עראינערונגען אָן איהרע לאסקעס, אָן די איינצעלהייטען פון איהר קערפער, אָן אַ געבאָרענעם צייכען, וועלכען זי האָט געהאט אויף אַ זייט און אן אנדערען אויף'ן רוקען פונקט אנטקעגען. ווי אָפט האָט ער די דאָזיגע צייכענס געקושט. די אלטע ליידענשאפט האָט ווידער ער־

וואכט אין איהם און ער האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר דערמאָנט אָן דעם דופט פון איהר הויט, אָן איהר שמייכעל, ווען זי האָט איהם אומארעמט, אָן דעם העלען קלאַנג פון איהר שטימע און אָן אַלע איהרע זיסע שטיפערייען.

אָבער ווי פערענדערט, ווי שעהן זי איז געוואָרען! זי איז עס געווען און דאָך פאָרט ניט זי! ער האָט זי איצט געפונען רייפער, מעהר פרוי, פערפיהרערישער און רייצענדער ווי ווען עס איז.

און די דאָזיגע פרעמדע, אונבעקאַנטע פרוי, וועלכע ער האָט גאַנץ צופעליג געטראָפען אין וואַגאָן, האָט געהערט צו איהם נאָכ'ן געזעץ נאָך. ער האָט נור געדארפט זאָגען: „איך וויל!" און זי איז ווידער געווען זיינע.

אמאָל האָט ער אין איהרע ארעמס גערוהט, פון איהר ליעבע ארומגערינגעלט. איצט האָט זי זיך אזוי פערענדערט, אז ער האָט זי קוים דערקאַנט. עס איז געווען אַן אנדערע און דאָך די אייגענע. עס איז געווען אַן אנדערע, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט און געפאָרעמט ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט זי פערלאָזען. און דאָך האָט ער זי בעזעסען. ער האָט דערקאַנט איהרע בעוועגונגען, איהרע האוואיעס, איהרע שטריכען, וועלכע זיינען פאר דער צייט שארפער געוואָרען, און איהר שמייכעל, וועלכער איז געווען וועניגער צערטליך, דערפאר אָבער מעהר זיכער.

עס זיינען געווען צוויי פרויען אין איינער: נייע אונבעקאַנטע שטריכען האָבען זיך אויסגעמישט מיט די אַלטע, וועלכע ער האָט אמאָל געליעבט. און די דאָזיגע אויסגעמישטקייט איז געווען אזוי מערקווירדיג, אזוי אויפרעגענד, אזוי הינרייסענד... זיין פּוזי איז דאָס געווען אין אַ נייעם קערפּער, וועלכען זיינע ליפּען האָבען נאָך קיינמאָל נישט בעריהרט.

און ער האָט געטראַכט, ווי אַלעס ענדערט זיך, ווערט ניי אין אונז אין פערלויף פון זעקס יאָהר. נור די אַלגעמיינע שטריכען פערבלייבען די זעלביגע און אפילו זיי ווערען אויך אמאָל אָבגעווישט.

בלוט, האָאר, הויט, אַלסדינג בענייעט זיך, אַלסדינג בייט זיך אום. און ווען מען האָט זיך אַ צייט לאַנג ניט געזעהן, טרעפט מען

גאַר א נייעם מענשען, הגם עס איז דער איינענער און טראָגט דעם זעלבינען נאָמען.

און אפילו דאָס הארץ און די געדאנקען ווערען אויך אומגע־ביטען אזוי, דאָס דורך די שטענדיגע אומענדערונגען, קאָנען מיר, אין פערלויף פון פערציג יאָהר, פיער אָדער פינף גאנץ פערשיעדענע נייע מענשען ווערען.

ער האָט נאָכגעטראכט א צוריקווערטער ביז דער טיעפסטער טיעפעניש פון זיין נשמה. פלוצים האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אָן יענעם אבענד, ווען ער האָט זי געטראָפען ביי דער פירסטין אין׳ם צימער. ער איז נישט אויפגעבראכט געוואָרען. די פרוי, וועלכע ער האָט איצט געזעהן פאר זיך, איז שוין נישט געווען מעהר יענע קליינע, מאָגערע, לעבעדיגע ליאַלקע פון אמאָל.

— וואָס זאָל ער טהאָן? ווי פאנגט ער אָן מיט איהר צו ריידען? וואָס זאָל ער איהר זאָגען? האָט זי איהם דערקאָנט?

דער צוג האָט זיך ווידער אָבגעשטעלט. דער באַראָן איז אויפ־געשטאנען, זיך פערנייגט און געזאָגט:

— בערטהא... ווילסטו אפשר עפעס? זאָל איך דיר עט־וואָס ברענגען?..

זי האָט איהם אָנגעקוקט פון קאָפ ביז די פיס און מיט רוהי־גער גלייכגילטיגקייט, אָהן פערוואונדערונג, אָהן פערלעגענהייט און אָהן כעס געענטפערט:

— ניין.... גאָרנישט.... א דאנק!

ער איז ארויס אויף דער פלאטפאָרמע און געמאכט עטליכע טריט הין און צוריק, אום צו קומען צו זיך, צו ברייננען זיינע גליע־דער ווידער אין בעוועגונג, ווי נאָך א שטאַרקען פאָל. וואָס הויבט ער איצט אָן צו טהאָן? אומבייטען דעם וואגאָן? דאָס וועט היי־סען, אז ער איז אנטלאָפען! זאָל ער זיין פריינדליך, ליעבענס־ווירדיג? דאָס קאָן ערוועקען א פערדאכט, אז ער בעט אום פער־צייהונג. רעדען צו איהר מיט דעם טאָן פון א מאָן, א הערר־שער? דאָס וואָלט זיין גראָב און דערצו האָט ער מעהר אויף דע־רויף קיין רעכט נישט!

ער איז ווידער אריין אינעווייניג און זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ.

זי האָט זיך בענוצט מיט זיין אבוועזענהייט און אויף גיך געמאכט איהר טואַלעט. איצט איז זי האַלב געלעגען אין פאָטעל א רוהיגע און שטראַהלענדיגע.

ער האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר און געזאגט:

— ליעבע בערטהאַ, אַ מערקווירדיגער צופאַל האָט אונז צונויפגעבראכט נאָך אַ זעקס יאָהריגער צושיידונג, אין וועלכער עס איז אייגענטליך ניט געווען קיין שום צוואַנג.... אַלזאָ.... נאָך אַ זעקס יאָהריגער צושיידונג ווידער אַמאָל צוזאַמענגעפיהרט. מוזען מיר דען ווירקליך אזוי ווייטער זיצען און קוקען איינער אויף'ן אנדערען ווי בלוטיגע פיינד? מיר זיינעןביידע דאָ איינגעשלאָסען! גוט... צו שלעכט... מיר קענען זיך ניט העלפען... איך וועל פון דאנען ניט אוועק. וואָלט ניט געווען אַ סך קליגער, אזוי לאַנג, ווי מיר פאָהרען שוין צוזאַמען... אַז מיר זאָלען זיך פערהאַלטען פריינדליך איינער צום צווייטען?

זי האָט רוהיג געענטפערט:

— ווי דו ווילסט!

דאָ איז ער אנשוויגען געוואָרען. ער האָט נישט געוואוסט וואָס נאָך צו זאָגען. דערנאָך האָט ער זיך געמאכט האַרץ, צוגערוקט זיך נעהנטער, געזעצט זיך אויף דעם מיטעלסטען שטוהל און געזאָגט ליעבענסווירדיג:

— איך זעה, אַז איך מוז מיט דיר שפּיעלען דעם העפליכען קאַוואַליער. גוט, איך בין צופריעדען. איבריגענס, טהו איך עס מיט פערגעניגען, דען דו זעהסט אויס רייצענד שעהן. דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען, וויפיעל דו האָסט געוואונען, וויפיעל דו ביזט שעהנער געוואָרען אין די לעצטע זעקס יאָהר. איך געדענק ניט קיין איין פרוי, וועלכע זאָל מיר אזוי געפעלען, ווי דו, אין דעם מאָמענט, ווען דו האָסט זיך בעפרייט פון דיינע פעלצוואַרג און מאַנטלען. אזא פערענדערונג וואָלט איך ווירקליך קיינמאָל ניט געהאַלטען פאַר מעגליך.

ניט א קעהר מהוענדיג דעם קאפּ און ניט קוקענדיג אויף איהם, האט זי געענטפערט:

— דאס קאן איך דיר ליידער ניט זאגען, ווייל דו האסט זיך זעהר פיעל פערעלטערט.

ער איז רויט געוואָרען און מיט א צומישטען שמייכעל ארויס־גערעדט:

— דאס איז אביסעלע הארט!

זי האט זיך אומגעקעהרט צו איהם:

— ווארום? איך זאג דאך נור וואס איך זעה. און דו קלייבסט זיך דאך ניט מיר צו ערקלעהרען אין ליעבע, ניט אמת? אלזא, איז דיר אלץ איינס צו דו געפעהלסט מיר יא צו ניט. אבער איך זעה, אז דיר איז דיעזע טהעמא אונאנגענעהם, לאמיר רעדען פון עפּעס אנדערעס. וואו האסטו זיך ארומגעטריבען זייט מיר האבען זיך ניט געזעהן?

ער איז איינגאנצען צומישט געוואָרען און ארויסגעשטאמעלט:

— איך? איך האב געררייזט, געגאנגען אויף געיעג, בין שטארק פערעלטערט געוואָרען, ווי דו זעהסט. און דו?

זי האט געענטפערט מיט א פרעהליכער מינע:

— איך האב געהיט די אנשטענדיגקייט און פערמיעדען יע־דען סקאנדאל, ווי דו האסט מיר געהייסען.

ביי איהם האט זיך שיעור ניט ארויסגעריסען א גראב וואָרט. ער האט איהם אבער אונטערדריקט. און אננעהמענדיג זיין פרוי'ס האנד, האט ער זי א קוש געטהאן און געזאגט:

— איך דאנק דיר דערפאר.

דאס האט זי פערוואונדערט. ער איז ווירקליך געווען שטארק און זיך געקאנט בעהערשען.

ער האט ווייטער גערעדט:

— אזוי ווי דו האסט מיר שוין יא געענטפערט, טא לאמיר זיך איצט דורכריידען אהן ביטערקייט.

זי האט געמאכט א לייכטע, עטוואס פערדעכטליכע בעוועגונג:

— ביטערקייט? ביי מיר איז נישטא קיין ביטערקייט. דו

ביזט מיר גאַנץ פרעמד און איך שטרענג זיך נור אָן אָנצוהאַלטען אונזער עטוואס שווערען געשפּרעך.

ער האָט געקוקט אויף איהר אַ בעצויבערטער, טראָץ איהר אונפּריינדליכקייט און האַרטקייט. און האָט געפיהלט, ווי איהם בעהערשט אַ ליידענשאַפטליכער, אונווידערשטעהליכער פערלאַנג זי צו בעזיצען...

זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי האָט איהם בעליידיגט, דאָך האָט זי נאָך ווייטער אָנגעהאַלטען דעם דאָזיגען געשפּרעך. זי האָט געפרעגט:

— ווי אַלט ביזטו איצט אייגענטליך? איך האָב דיך געהאַלטען פאַר אינגער, ווי דו זעהסט אויס.

ער איז בלייך געוואָרען:

— איך בין פינף־און־פערציג יאָהר אַלט.

דערנאָך האָט ער צוגעלייגט:

— איך האָב גאָר פאַרגעסען צו פרעגען, וואָס מאַכט די פירסטין דע־רען? איהר זעהט זיך דאָך נאָך, ווי פריהער, ניט אמת?

זי האָט אויף איהם געוואָרפען אַ בליק פול מיט האַס:

— יאָ, מיר זעהען זיך נאָך, ווי פריהער! עס געהט איהר אויסגעצייכענט גוט... אַ דאַנק.

זיי זיינען געבליבען זיצען איינער נעבען אַנדערן אויפגערעגט און בעוועגט. פּלוצים האָט ער ערקלעהרט:

— ליעבע בערטהאַ, איך האָב נור וואָס געענדערט מיין ענטשלוס. דו ביזט מיין פרוי און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך אומקעהרען אין מיין הויז צוריק. איך זעה, אַז דו האָסט אי אויסערליך אי אינערליך פיעל געוואונען און איך נעהם דיך צוריק. איך בין נאָך אימער דיין מאַן און איך פאָרדער מיין רעכט.

זי איז געוואָרען איבערראַשט און האָט איהם שאַרף אָנגעקוקט, אַקוראַט ווי זי וואָלט געזוכט זיינע געדאַנקען צו טרעפען. אָבער ער האָט אויסגעזעהן אונדורכדרינגליך און ענטשלאָסען. זי האָט געענטפערט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, אָבער איך בין ניט פריי.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— דעסטאַ ערגער פאַר דיר. דאָס געזעץ איז אויף מיין זייט און איך וועל זיך מיט איהם בענוצען.

זיי זיינען אָנגעקומען אין מאַרסעל. דער צוג האָט גענומען פייפען און געהן לאַנגזאַמער. די באַראָנעסע איז אויפגעשטאַנען, האָט רוהיג צוזאַמענגעלייגט איהרע דעקען און זיך געווענדעט צו איהר מאַן:

— ליעבער רײמאָנד, איך בעט דיך, בענוץ זיך ניט מיט אונזער בעגעגעניש, וועלכע איך אליין האָב צושטאַנד געבראַכט. דו האָסט מיר געראַטהען, איך זאָל אויסמיידען אַ סקאַנדאַל, איך פאָלג דיין ראַטה. איצט, נאָך דער דאָזיגער בעגעגעניש אונזערער, האָב איך זיך פערזיכערט, אַז וואָס עס זאָל ניט געשעהן... זאָל ניט די וועלט, און ניט דו האָבען אויף מיר וואָס צו זאָגען. דו פאָהרסט קיין ניצצא, ניט אמת?

— איך פאָהר וואו דו פאָהרסט.

— פאַר קיין פאַל ניט. הער מיך אויס און איך בין זיכער, אַז דו וועסט מיך לאָזען צופריעדען. דו וועסט גלייך זעהן אויף'ן וואָקזאַל דעם פירסט און פירסטין דע־רען און דעם גראַף און גרע־פין אַנריאָ. זיי ערווארטען מיך. איך האָב געוואָלט, אַז מען זאָל זעהן אונזביידען צוזאַמען, דיך און מיך, און מען זאָל בעמער־קען, אַז מיר האָבען פערבראַכט אַ נאַכט גאַנץ אליין אין קופע! דו קאָנסט שוין זיין גאַנץ רוהיג, די דאַמען וועט עס אויסקומען אזוי זאָנדערבאַר, דאָס זיי וועלען עס שוין צוטראָגען איבער דער גאַנצער שטאָדט. איך האָב דיר שוין פריהער געזאָגט, אַז איך האָב אויף דיין פערלאַנג אויסגעמידען אַלסדינג, וואָס עס וואָלט ארויסגערופען לייטישע רייד. מעהר האָסטו דאָך ניט פערלאַנגט, ניט אמת? אַלזאָ, אוים דעם זעלבען גרונד האָב איך אויך די דאָזיגע בעגעגעניש אליין צוזאַמענגעפיהרט. דו האָסט אַרייפגע־לעגט אויף אַ מיר אַ פפליכט צו פערמיידען אַ סקאַנדאַל, און איך פערמייד עס, מיין ליעבער פריינד, ווייל איך האָב מורא... איך האָב מורא...

זי האָט געוואַרט ביז דער צוג האָט זיך אין גאַנצען אָבגע־

שטעלט, און ווען איהרע פריינד האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן צו עפענען די טיר פון איהר וואַגאָן, האָט זי געענדיגט:

— איך האָב מורא... איך בין שוואַנגער!

די פירסטין האָט צו איהר אויסגעשטרעקט איהרע אָרעמס און די באַראָנעסע, אָנווייזענדיג אויף דעם באַראָן, וועלכער איז געשטאַנען אַ צומישטער, אַ צומומעלטער, האָט געזאָגט:

— דערקאָנט איהר ניט רייטמאַנד'ען? ער האָט זיך ווירקליך זעהר פערענדערט. ער איז געווען אַזוי גוט און האָט מיך בעגלייט, אום איך זאָל ניט פאָהרען איינע אליין. מיר פאָהרען אַמאָל ארויס פערברענגען אַביסעל צוזאַמען, ווי גוטע פריינד, וועלכע קענען נור ניט אויסקומען, ווען זיי לעבען אַ לענגערע צייט צוזאַמען. איבריגענס, צושיידען מיר זיך דאָ, ווייל איך האָב איהם שוין ווידער דערעסען.

זי האָט צו איהם אויסגעשטרעקט די האַנד. מעכאַניש האָט ער זי אָנגענומען. דאַן איז זי אַרויסגעשפרונגען פון וואַגאָן צו איהרע פריינד, וועלכע האָבען זי ערוואַרט.

דער באַראָן האָט האַסטיג פערקלאַפּט די טיר. ער איז געווען צו אויפגערעגט, אום אַרויסצוברענגען אַ וואָרט אָדער צו פאַסען וועלכען ניט איז בעשלוס.

ער האָט נאָך געהערט זיין פרוי'ס שטימע און איהר פרעהליכען געלעכטער, פערקלינגענדיג אין דער ווייטקייט.

ער האָט זי מעהר קיינמאָל ניט געזעהן.

האָט זי געלייגט? האָט זי דעם אמת געזאָגט? ער ווייס עס נאָך ביז צום היינטיגען טאָג ניט.



# פרײלײן קאַקאַטע.



יר האָבען נור וואָס געוואָלט פערלאָזען דאָס משוגעים־הויז, ווען איך האָב אין א ווינקעל פון הויף בעמערקט א הויכען מאגערען מאן, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין מאַניען צו זיך א הונד, הגם קיין הונד האָט זיך אין ערגעץ ניט געזעהן. ער האָט גערופען מיט א ווייכער, צערטליכער שטימע:

— קאָקאטע! מיין קליינע קאָקאטע! קום אָקארשט אהער! קום אהער! קאָקאטע! אהער קום! אָט אזוי!....

דערביי האָט ער זיך געקלאפּט אויף די קניע, ווי מען טהוט געוועהנליך, ווען מען וויל צוציהען צו זיך א הונד. איך האָב געפרעגט ביים דאָקטאָר:

— וואָס איז מיט איהם?

ער האָט געענטפערט:

— אך, דאָס איז ניט בעזאָנדערס אינטערעסאנט, דאָס איז א קוטשער מיט'ן נאָמען פראנץ, וואָס איז משוגע געוואָרען, נאָכדעם ווי ער האָט דערטרונקען זיין הונד.

איך האָב געבעטען:

— דערצעהלט מיר זיין געשיכטע. אָפט ריהרען אונז די איינפאכסטע און געוועהנליכסטע זאכען אָם שטארקסטען.

און אָט איז זיין געשיכטע, וועלכע מען האָט זיך דערוואוסט פון דעם שטאהל־קנעכט, א חבר פון דעם משוגענעם.

ניט ווייט פון פאריז האָט געלעבט א רייכע פאמיליע. זיי האָבען פארוואָהנט א ווילא מיט א פארק נעבען דער סיינע. דער דאָזיגער פראנץ איז געוועזען זייער קוטשער. ער איז געוועזען א זוהן פון א פויער, ניט קיין גרויסער חכם, ניט קיין ריהרעוודיגער, אָבער זעהר א גוטמוטהיגער מענש.

ווען ער איז איינמאָל אין אבענד אהיים געגאַנגען, האָט איהם נאָכגעפאָלגט עפּעס א הונד. צוערשט האָט ער אויף דעם ניט גע־שענקט קיין אויפמערקזאַמקייט, אָבער ווען דער הונד האָט איהם ניט אויפגעהערט נאָכצוגעהן טריט נאָך טריט, האָט ער זיך אויף איהם אומגעקוקט. ער האָט אנגעקוקט דעם הונד, צו זעהן טאָמער קאָן ער איהם. ניין, ער האָט איהם קיינמאָל ניט געזעהן.

דאָס איז געווען א שרעקליך מאָגערע צויג, מיט גרויסע אראָב־הענגענדיגע בריסט. א טרויעריגע און א פארהונגערטע האָט זי זיך געשלעפּט מיט ארונטערגעלאָזטע עק און אויערען הינטער דעם מאַן, איז געבליעבען שטעהן, ווען ער האָט זיך אָבגעשטעלט, און איהם נאָכגעפאָלגט, ווען ער איז ווייטער געגאַנגען.

ער האָט זי געוואָלט אָבשרעקען און האָט א געשריי געטהאָן:

— טראָג זיך אָב פון דאנען! מארש!

זי האָט אבגעטראַטען א פּאָאר טריט און זיך געזעצט ווארטען, אָבער אזוי שנעל ווי דער קוטשער האָט ווידער געגומען געהן, האָט זי איהם געפאָלגט פון דאָס ניי.

דאַן האָט ער זיך געמאַכט, ווי ער הויבט אויף א שטיין. די צויג איז אָבגעלאָפען אביסעל ווייטער. אבער אזוי שנעל זוי דער קוטשער האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר מיט'ן רוקען, האָט זי איהם ווידער גענומען נאָכגעהן.

דאַן האָט פראנץ אויף איהר רחמנות געקריגען און האָט א רוף געטהאָן די צויג צו זיך. א צושראקענע איז זי צו איהם צוגעקומען מיט איהר קרומען רוקען, מען האָט געקענט צעהלען יעדען ביינדעל דורך איהר פעל. דער מאַן האָט איהר א גלעט געטהאָן איבער די שפּיציגע ביינער און ווייל די אָרימע חיה האָט אין איהם ארויסגערו־פען גרויס רחמנות, האָט ער געזאָגט:

— קום, קום מיט!

זי האָט גלייך א דרעה געטהאָן אביסעל מיט'ן עק, זי האָט דערפיהלט אז מען איז גוט צו איהר, און אנשטאט צו לויפען הינטער איהר נייעם בעל הבית, האָט זי אָנגעהויבען צו שפּרינגען איהם פאָראויס.

ער האָט זי געבראַכט צו זיך אין שטאַל אריין און זי געלאָזט

אין די שטרוי. אליין איז ער אוועק אין קיך נאָך ברויט, און ווען זי האָט זיך זאט אָנגעפרעסען, האָט זי זיך צוזאַמענגעדרעהט ווי א קנויל און איז אנשלאָפען געוואָרען.

אויף'ן צווייטען טאָג האָט דער קוטשער דערצעהלט זיין בעל הבית די געשיכטע און יענער האָט געגעבען זיין הסכמה, אז די צויג מעג דא פערבלייבען. און זי איז ווירקליך געווען א גוטע חיה, געטריי, צוגעבונדען און קלוג.

אָבער באלד האָט א גרויסער פעהלער איהרער זיך געוואָרפען אין די אויגען. א גאנץ יאָהר איז זי ארומגעלאָפען מיט א שווערען בויך, פון דעם ערשטען טאָג ביזן לעצטען. אין א קורצער צייט ארום איז זי בעקאנט געוואָרען מיט אלע הינט פון דער נאכבאר־שאפט און יענע האָבען זיך גלייך גענומען זי ארומרינגלען טאָג און נאכט. מיט דער גלייכגילטיגקייט פון א פּראָסטיטוטקע האָט זי זיי אלעמען איהר ליעבע געשענקט, האָט געשיינט צו זיין מיט אלעמען גוט־פריינד און הינטער איהר איז שטענדיג נאכגעלאָפען א גאנצע כאליאסטרע פון די פערשידענע הינט. צווישען זיי זיינען געווען אזעלכע ווי א פויסט די גרויס און אנדערע ווי אן עזעל. איבעראל וואו זי איז געלאָפען, זיינען זיי איהר נאָכגעלאָפען, און ווען זי האָט זיך צונעזעצט אויסרוהען אין גראז, זיינען זיי אלע געשטאַנען ארום איהר און זי בעטראכט מיט ארויסגעשטעקטע צינגער.

די לייטע האָבען זי אָנגעקוקט ווי א בייז וואונדער. עטוואס אזוינס האָט נאָך קיינער ניט געזעהן. דער טהיער־דאָקטאָר האָט עס ניט געקענט פערשטעהן.

ווען זי איז אין אבענד צוריקגעקומען אין שטאַל, האָבען די הינט איינפאַך בעלאגערט דאס גאנצע הויז. דורך אלע לעכער, צוריך אלע שפּארונעס האָבען זיי זיך אין פארק ארייגעכאפּט, האָבען די בעעטען חרוב געמאכט, די בלומען צוריסען און דעם גערטנער צו פערצווייפלונג געבראכט. די גאנצע נאכט נאכאנאנד זיינען זיי ארומגעלאָפען ארום דאָס הויז, וואו זייער פריינדין האָט געוואוינט, און ניט אויפגעהערט צו בילען. עס איז אונמעגליך געווען זיי צו פערטרייבען.

בײ טאָג זײנען זײ אַרײנגעדרונגען אין'ם הויז אַרײן אויך. עס איז אײנפאַך געוואָרען אַן אַנשיקעניש, א פּלאָגע. איבעראַל, אויף די טרעפּ, זאגאַר אין די צימערען, האָבען די בעלי הבתים בעגעגענט קלײנע געלע הינט, יאַגד־הינט, בולדאָגען, גרויסע, פערשמירטע וואָלף־הינט און ריעזיג־גרויסע נײפאונדלענדער, פאַר וועלכע די קינדער האָבען זיך געשראָקען צום טויט.

עס האָבען זיך בעוויזען אין דער געגענד הינט, וועלכע מען האָט צעהן מײל אַרום ניט געקענט. מען האָט ניט געוואוסט פון וואַנען זײ זײנען געקומען. מען האָט ניט געוואוסט פון וואָס זײ האָבען געלעבט. און דאַן זײנען זײ ווידער פּלוצים פערשוואונדען.

אָבער פראַנץ האָט קאַקאַטען צערטליך געליעבט. ער האָט איהר א נאָמען געגעבען קאָקאָטע אַהן שום הינטערגעדאַנקען, אָבער דער נאָמען האָט זיך אויסגעצײכענט געפּאַסט צו איהר, און ער האָט אָפט געטענה'ט:

— די חיה איז ווי א מענש, מעהר ניט עס קען ניט רעדען.

ער האָט איהר נעלאָזט מאַכען א פּראַכטפולען האַלז־באַנד פון רויטען לעדער מיט א קופּערנער בלעכעל, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעקריצט: „פרײלײן קאָקאָטע. בעזיצער: קוטשער פראַנץ".

זי איז געוואָרען זעהר גרויס, אַזוי ווי זי איז אַמאָל געווען מאָגער, אַזוי איז זי איצט געוואָרען פעט. צום סוף האָט זי זיך שוין קוים געקענט אַרומשלעפּען מיט איהר געשוואָלענעם בויך און האָט געטראָטען פאַנאַנדערגעשפּרײט די לאַפּעס ווי דיקע מענשען זײערע פיס.

זי איז געווען אונגלויבליך פּרוכטבאַר. ווי נור זי האָט זיך אָבגעצײנעלט, איז זי שוין ווידער טראָגענדיג געוואָרען און אין פערלויף פון יאָהר האָט זי פיעל מאָל נאָכאַנאַנד געבוירען קלײנוואַרג, וועלכע האָבען געהערט צו די פערשיעדענסטע סאָרטען הינט. פראַנץ האָט יעדעס מאָל אויסגעקליעבען אײן קלײן הינטעלע, וועלכען ער האָט איהר געלאָזען, אום די מילך אָבצוציהען, דאַן האָט ער גענומען די איבעריגע אין זײן פאַרטוך און זײ אָהן רחמנות אין טײך אַרײנגעוואָרפען.

אין גיכען האָט די קעכין זיך אויף גענומען קלאָגען אזוי ווי דער גערטנער. זי האָט געפונען הינט ביי זיך אין קיך, אין דעם שפּייז־קאַמער, אין קעלער און זיי האָבען צוגע׳גנב׳עט וואס זיי האָבען נור געקענט.

דער בעל הבית האָט עס שוין מעהר נישט געקענט פערטראָגען און ער האָט בעפוילען פראַנץ׳ן ארויסצוטרייבען די צוויג. דער קוטשער איז געוואָרען פערצווייפעלט און האָט איהר געזוכט וועמען עס איז אבצוגעבען. אבער קיינער האָט זי ניט געוואָלט האָבען. דאַן האָט ער בעשלאָסען פון איהר ווי עס איז פּטור צו ווערען. ער האָט זי איבערגעגעבען צו א פוהרמאַן, וועלכער האָט זי געזאָלט ארויסלאָזען אין פרייען פעלד פון יענער זייט פּאַריז נעבען זשואַנוויל לע פּאַנט.

אין דעם אייגענעם אבענד איז קאַקאַטע געקומען צוריק.

דאַן איז מען געקומען צו א פּעסטען בעשלוס און מען האָט זי איבערגעגעבען צו א אייזענבאהן־קאָנדוקטאָר, וועלכער האָט געפיהרט זיין צוג קיין האוור, אז ער זאָל זי אהין מיטנעהמען און דאָרט איבערלאָזען. דערפאַר האָט מען איהם בעצאהלט פינף פראַנק.

אין דריי טעג ארום איז זי צוריקגעקומען אַן אויסגעמאַטערטע, אָהן קרעפטען און א צושונדענע.

דער בעל הבית האָט אויף איהר רחמנות געהאַט און ערלויבט, אז זי זאָל ווידער בלייבען דאָ.

אָבער באַלד האָבען זיך בעוויזען די הינט נאָך אין א גרעסערער צאהל און נאכמעהר פער׳עקשנ׳ט ווי ווען עס איז. און איינמאָל אין אבענד, ווען אין הויז האָט מען געפייערט א גרויסען פעסט, האָט א הונד אוועקגע׳גנב׳עט א געפּיללטע הוהן פון אונטער דער קעכין׳ס נאָז.

דאָסמאָל איז שוין דער בעל הבית געוואָרען בייז אויף׳ן אמת, האָט גערופען פראַנץ׳ן און געזאָגט מיט כעס :

— אויב איהר וועט ביז מאָרגען ניט אריינוואַרפען די בעסטיע אין וואַסער אריין, וועט אייער פוס דאַ מעהר נישט טאָרען זיין. פאַרשטעהט איהר, וואס מען רעדט צו אייך?

דער קוטשער איז געוואָרען אויסער זיך און ער איז אוועק

אין זיין צימער, איינצופּאקען זיין קופערט. ער האָט בעסער געוואָלט פארלאזען זיין פּלאַץ. דאן האָט ער אָבער גענומען טראכטען, אז ער וועט אין ערגעץ נים קריעגען קיין שטעלע, ווען ער וועט מיט זיך מיטשלעפּען דאס דאָזיגע אונבעקוועמע חיה. ער האָט זיך איבער־לייגט, אז ער געפינט זיך אין א רייכען הויז, קריעגט גוטען געהאלט און גוט עסען און ער האָט געזאגט צו זיך אליין, אז אזא הונד איז ווירקליך נים ווערטה דאָס אלעס. צום סוף האָט ער ביי זיך גע־פּועל׳ט, אז פאר טאָג זאל ער פּטור ווערען פון קאָקאטע׳ן.

א גאנצע נאכט האָט ער נים צוגעמאכט מיט אן אויג און אזוי גיך ווי עס איז ליכטיג געוואָרען, איז ער אויפגעשטאנען, גענומען א שטארקען שטריק און צוגערופען די צויג. זי האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, געטרייסעלט זיך א ווײלע, אויסגעצויגען און גענומען לעקען איהר בעל הבית די הענד.

דאָ האָט ער ווידער פארלארען דעם מוטה. ער האָט זי צערטליך גענומען לאַסטשען, געגלעט איהר האאריגע פעל, געקושט איהר אין פּיסק אריין און גערופען מיט אלע צערטליבע נעמען, וועלכע זיינען איהם נור אויפ׳ן זינען ארויף.

א זייגער אין א שכן׳ס הויז האָט געשלאָגען זעקס. ער האָט נים געקאנט מעהר אבלייגען. ער האָט געעפענט די טיר און געזאגט:

— קום!

די חיה האָט גענומען דרעהען מיט׳ן עק פאר פרייד, וואס מען לאָזט זי ארויס אין דרויסען.

זיי זיינען געגאנגען ביים ברעג טייך און ער האָט אויסגעקליע־בען א פּלאַץ, וואו דאָס וואסער האָט זיך איהם אויסגעוויזען טיעף. דאן האָט ער איין עק פון׳ם שטריק צוגעבונדען צו דעם שעהנעם לעדערנעם האלז־באנד, געבראכט א גרויסען שטיין און עס צוגע־קניפּט צו דעם אנדערען עק. דערנאך האָט ער גענומען קאָקאטע׳ן אויף די הענד, זי ליידענשאפטליך געקושט, ווי אימיצען, מיט וועלכען מען געזעגענט זיך. ער האָט זי צוגעדריקט צו דער ברוסט, זי געשאָקעלט אהין און אהער און זי גערופען: מיין שעהנע קאָקאטע, מיין קליינע קאָקאטע. זי האָט צוגענומען זיינע לאַסקעס און גע־סקאוואוטשעט פאר פערגעניגען.

צעהן מאָל האָט ער זיך געפּרובט, זי אַרײנצוּוואַרפען אין וואַסער אַרײן און צעהן מאָל האָט איהם דאָס האַרץ ניט דערלאָזט.

אָבער פּלוּצים האָט ער זיך פעסט ענטשלאָסען און ער האָט זי מיט זײן גאַנצער קראַפט אַ שלײדער געטהאָן פון זיך אַזוי װײט װי מעגליך. אין אנהויב האָט זי געפּרובט שװימען, װי זי האָט גע־טהאָן, װען מען האָט זי געבאָדען, אָבער דער שטײן האָט איהר קאָפּ געצװינגען אַלץ אַרונטער און אַרונטער. און זי האָט געוואָרפען אויף איהר בעל הבית פערצװײפעלטע בליקען, װי אַ מענש, און האָט זיך געװעהרט, װי אײנער, װאָס טרינקט זיך. דאַן האָט דער גאַנצער פאַ־דערשטער טהײל פון׳ם קערפּער אונטערגעטױכט אונטער׳ן װאַסער, װעהרענד די הינטערשטע פיס האָבען נאָך װי משוגע איבערן װאַ־סער געטראַמפּעלט. צום סוף זײנען זײ אױך פערשװאוּנדען.

פינף מינוטען לאַנג האָט זיך דאָס װאַסער געבולבעט, געשױמט, געקאָכט. אַ פערצװײפעלטער, מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען האָט פראַנץ זיך צוגעקוקט און איהם האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז ער זעהט נאָך, װי קאַקאַטע מאַטערט זיך דאָרט אונטען אין בלאָטע, און אין זײן אײנפאַכער פױערשער נשמה האָט ער זיך געפרעגט: „װאָס אַשטײנער קאַן איצט טראַכטען פון מיר דאָס דאָזיגע אונגליקלי־כע בעשעפעניש?״

ער איז שיעור פון זינען ניט אַרונטער. אַ גאַנצען מאָנאַט ככדר איז ער געװען קראַנק; יעדע נאַכט האָט ער געזעהן זײן צװיג אין חלום. ער האָט געפיהלט װי זי לעקט איהם די הענד, ער האָט גע־הערט װי זי בילט. מען האָט צו איהם געמוזט רופען אַ דאָקטאָר. צום סוף איז איהם געװאָרען אַביסעל בעסער. און זײנע בעלי הבתים האָבען איהם מיטגענומען אַרום ענדע יולי אױף זײער גוט, װאָס האָט זיך געפונען נעבען רועז. דאָרט איז ער װידער געװען בײם ברעג פון דער סײנע.

דאָרט האָט ער זיך געבאָדען יעדען אין דער פריה. מיט דעם שטאַהל־קנעכט איז ער צום װאַסער אַרונטערגעגאַנגען און זײ זײנען צוזאַמען געשװאוּמען איבער דעם טײך. דאַן, אײן מאָל אַ פריה־מאָרגען, װען זײ האָבען געשטיפט אין װאַסער, מאַכט פראַנץ צו זײן חבר:

— טהו אקארשט א קוק, וואָס דער שטראָם האָט פערטראַגען אהער. איך וועל דיר מאַכען דערפון א קאָטלעט.

דאָס איז געװען א גרויסע אויפגעבלאָזענע, טויטע חיה, װעל־כע איז מיט די לאַפּעס אין דער לופטען געטריבען געוואָרען פון׳ם שטראָם. פראַנץ האָט שװימענדיג זיך דערנעהענטערט צו איהר און אלץ ניט אויפגעהערט צו מאַכען שפּאַס:

— צום טײפעל, מען קען ניט זאָגען, אז עס איז גאָר פריש! און מאָגער אויך נישט! אָט דאָס הייסט א פיינער פאַנג!

און ער איז ארומגעשוואומען ארום דעם, זיך האַלטענדיג עט־וואָס פון דער ווייטענס פון דער צופוילטער חיה.

דאַן איז ער פּלוצים אנשוויגען געוואָרען און עס גענומען אויפ־מערקזאַם בעטראַכטען, איז צוגעשוואומען גאַנץ נאָהענט, ווי ער וואָלט עס וועלען בעריהרען. מיט שטאַרע אויגען האָט ער זיך איינ־געגעסען אין האַלז־באַנד, האָט אויסגעצויגען די האַנד, א כאַפּ גע־טהאָן די האַלז, א שווינק געטהאָן די חיה אין וואַסער, צוגעצויגען די חיה גאַנץ נאָהענט צו זיך און איבערגעלעזען אויף דער פער־זשאַווערטער, גרין־געוואָרענער, קופּערנער בלעכעל, וואָס איז גע־בליבען הייגגען אויף דעם אבגעקראַכענעם לעדער:

„פרײלײן קאַקאַטע. בעזיצער: קוטשער פראַנץ“.

די טויטע צויג האָט ווידער געפונען איהר בעל הבית — זעכציג מייל ווייט פון׳ם הויז.

ער האָט ארויסגעלאָזט א מורא׳דיגען געשריי און מיט אלע זיינע קרעפטען האָט ער זיך געלאָזט שווימען צוריק צום ברעג, רע־װענדיג מיט בענומענע קולות. און געקומען צום ברעג, האָט ער זיך געלאָזט לויפען פון דאָרט א הוילער, א נאַקעטער איבער פעלד און וואַלד. ער איז משוגע געוואָרען.



# שאלי.



ער אדמיראל דע׳לא וואלעי איז געזעסען פערטראכט אויף זיין שטוהל, ווי ער וואלט געשלאפען. פלוצים האט ער זיך אנגערופען און זיין שטימע האט געקלונגען ווי די שטימע פון א פרוי.

— איך האב אמאל דורכגעלעבט זעהר א מערקווירדיגע ליעבעס־געשיכטע. ווילט איהר זי הערען?

און ער האט גענומען דערצעהלען, זיצענדיג אין זיין טיעפען, ברייטען פאטעל, מיט א פערגליווערטען שמייכעל אויף די ליפען, מיט יענעם בעזונדערען שמייכעל, וועלכער האט איהם דעם נאמען פון א צווייפלער פערשאפט.

1

איך בין דעמאלט א יאהר דרייסיג אלט געווען און בין ים־לייטענאנט געווען. אין יענער צייט האט מען מיך צוליעב געוויסע אסטראנאמישע בעאבאכטונגען אוועקגעשיקט נאך צענטראל־אינדיען. די ענגלישע רעגיערונג האט מיך אונטערשטיטצט מיט וואס זי האט נור געקאנט. און באלד האב איך מיט עטליכע בעגלייטער זיך אוועקגעלאזט אין וועג צו יענעם וואונדער־לאנד.

ווען איך זאל אייך וועלען שילדערען די דאזיגע רייזע, וואלט איך טעג גאנצע געהאט פון וואס צו ריידען. איך בין דורכגעפאהרען אמת׳ע צויבער־לענדער, בין אויפגענומען געווארען פון אונגעוועהנליך שעהנע הערשער, וועלכע האבען געפיהרט הויפען, פול פאנטאסטישער פראכט. צוויי מאנאטען נאכאנאנד האט זיך מיר געדאכט, אז איך געפין זיך אין א שטענדיגען טרוים און אז אויף א פערצויבערטען עלעפאנט טראג איך זיך אין א פעען־קעניגרייך. אין מיטען פון פאנטאסטישע וועלדער האבען מיר זיך אנגעשטוי־

סען אויף וואונדערבארע רואינען, אין וואונדער־שעהנע שטעדט האבען מיר געפונען מאנומענטען, ווי פון עדעלשטיין געארבייט, לייכט, ווי פיינע שפיצען, און דערביי גרויס ווי די בערג. דאס זיינען געוועזען הייליגע מעכטיגע מאנומענטען, אזוי וואונדער־שעהן פארמירט, דאס מען האט זיך געקענט אין זיי פערליעבען ווי אין א פרוי. קורץ, ווי וויקטאר הוגא האט געזאגט: „איך האב זיך גע־טראגען אין וואכען טרוים".

צום סוף בין איך געקומען צום ציעל פון מיין רייזע, אין דער שטאדט גאנהארא. אמאל איינע פון די בליהענדעסטע שטעדט אין אינדיען, איז זי היינט געוועזען זעהר צופאלען אונטער דער הערשאפט פון א רייכען, היציגען, גרויסמוטהיגען און גרויזאמען פירסטען, דעם ראדזשאה מאדדאן. ער איז געוועזען א ריכטיגער אריענטאלישער דעספאט, צערטליך און בארבאריש, לייטזעליג און בלוטדורשטיג צוגלייך, דערביי האט ער געהאט וויבליכען חן און איז דאך געוועזען מורא'דיג ווילד.

די שטאדט ליעגט טיעף אין א טהאל נעבען א קליינעם ים, אין וועמענס וואסערן עס שפיעגלען זיך גאנצע רייהען געטצען־טעמפלען.

פון וויימען זעהט די שטאדט אויס ווי א ווייסער פלעק, וועל־כער ווערט אלץ גרעסער, וואס נעהנטער מען קומט צו צו איהר. ביסלאכוויין דערזעהט מען קופאלען, טהורעמס און נאך אנדערע שפיצען פון שעהנע אינדישע מאנומענטען.

אונגעפעהר א שטונדע וועג פאר דעם טויער פון דער שטאדט איז מיר אנטקעגען געקומען א פראכטפולער עלעפאנט מיט א'ן עהרען־עסקארט, וועלכען דער הערשער האט מיר אנטקעגען ארויס־געשיקט. און אין א פייערליכער פראצעסיאן האט מען מיך גע־פיהרט אין הויף אריין.

איך האב זיך אפריהער געוואלט אנציהען יום טוב'דיג, אבער די קעניגליכע אונגעדולד האט עס נים דערלאזט. צוערשט האט מען געוואלט ווייסען, וואס פאר א סארט מענש איך בין, צו איך וועל קענען גוט אונטערהאלטען דעם הערשער. וועגען דאס איבע־ריגע וועט מען שוין זעהן שפעטער.

און מען האָט מיך גענומען פיהרען צווישען סאָלדאַטען פון בראַנד־קאָליר אין בליסטשענדע יוניפאָרמען, אין אַ גרויסען זאַאַל, וועלכער איז פון אלע זייטען געווען ארומגערינגעלט מיט גאַלערעען. דאָרט איז געשטאַנען אַן עולם מענשען אין פּרעכטיגע קליידער מיט עדעלשטיינער בעזעצט.

אויף אַ באַנק, עהנליך צו אונזערע גאַרטען בענק, נור אָהן אַ פּאַרענץ, וועלכע איז געווען אריבערגעדעקט מיט אַ גרויסאַרטיגען טעפּיך, האָב איך דערזעהן אַ געשטאַלט, אַ שטראַהלענדיגע ווי די זון. דאָס איז געווען דער ראַדזשאַה. אין אַ געלען געוואַנד, איז ער געזעסען אונבעוועגליך. ער האָט אויף זיך געטראַגען דימענטען צעהן אָדער פופצעהן מיליאָן ווערטה און אויף זיין שטערן האָט געלויכטען אין איינזאַמער פּראַכט דער וואונדערבארער „שטערן פון דעלהי", וועלכער האָט זיך תמיד געפונען אין די אוצרות פון דער בעריהמטער דינאַסטיע פאַריהאַרא פון מונדאָרע, פון וועלכער מיין גאַסט־פריינדליכער הערשער האָט געשטאַמט.

ער איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר פינף און צוואַנציג און, הגם ער האָט געהערט צו דער ריינסטער ראַסע פון די הינדו־סען, דאָך האָט אין זיינע אָדערן, ווי עס שיינט, נעגער בלוט גע־פלאָסען. ער האָט געהאַט גרויסע שטאַרע אויגען, אויסגעשטאַרצע־טע באַקען־ביינער, גראָבע ליפּען, אַ געקרויזטע באָרד, אַ ניעדע־ריגען שטערן און שפּיציגע, גלענצענדע צייהן, וועלכע ער האָט אָפט געצייגט, שמייכלענדיג מעכאַניש.

ער איז אויפגעשטאַנען און נאָך דער ענגלישער מאָדע נאָך מיר דערלאַנגט די האַנד. דאַן האָט ער מיך געבעטען זיצען נעבען זיך אויף דער באַנק, וועלכע איז געווען אַזוי הויך, אַז די פיס האָבען קוים בעריהרט די פּאָדלאָגע. מען קען ניט זאָגען, זעהר בעקוועם איז דאָס ניט געווען.

און גלייך האָט ער מיר אויף דעם נעכסטען טאָג פאָרגעשלאָגען אַ טיגער־יאַגד. געיעג און פעכטען זיינען געווען זיינע הויפּט־בע־שעפטיגונגען און ער האָט ניט געקענט פאַרשטעהן, ווי אַזוי מען קען זיך אינטערעסירען מיט עטוואס אנדערש. ווי עס שיינט האָט ער געמיינט, אַז איך בין געקומען אָהער פון אַזוי ווייט, נור מיט

דעם איין איינציגען צוועק, אום איהם צו צושטרייען און אום אנ־טהייל צו נעהמען אין זיינע פערגעניגענס.

אזוי ווי איך האב זיך אין איהם געגויטיגט, האב איך געזוכט צו שמייכלען זיינע נייגונגען. און ער איז פון מיר געווין אזוי צופריעדען, דאס ער האט מיר גלייך אויפ'ן ארט געוואלט ווייזען א געפעכט. איך האב געמוזט געהן מיט איהם צו א מין סארט ארענא, וועלכע האט זיך געפונען אינעווייניג אין'ם פאלאץ.

אויף זיין בעפעהל האבען זיך בעוויזען צוויי נאקעטע, ברוינע מענער מיט שטאהלענע הענדשקעס אויף די הענד. זיי האבען זיך גלייך א ווארף געטהאן איינער אויף דעם אנדערען מיט דער שאר־פער וואפע, האבען זיך טיפע וואונדען געמאכט, פון וועלכע דאס בלוט איז גערונען.

א ווײלע האבען זייביידע אזוי געקעמפפט. באלד זיינען זייערע קערפערס געווארען נור איין גרויסע וואונד, אבער די קעמפפער האבען נאך אלץ געריסען שטיקער פלייש איינער פון דעם אנדערען מיט די דאזיגע שרעקליכע הענדשקעס, וואס זייערע פינגער זיינען ווי שארפע מעסערס געווען. איינער האט געהאט א צושפאלטענע באק, דעם אנדערן'ס אויער איז אין דריי שטיקער געהאנגען.

דער פירסט האט צוגעקוקט מיט ווילדער ליידענשאפט. ער האט געציטערט פאר פרייד, נאכאנאנד געשריען פאר הנאה, האט מיט זיינע בעוועגונגען ניט ווילענדיג נאכגעמאכט יעדע בעוועגונג פון די קעמפפער און געהאלטען אין איין ליארמען:

„— פעסטער ! לעבעדיגער !“

איינער פון די קעמפפער איז געפאלען צו דר'ערד אהן בעוואוסטזיין. מען האט איהם געמוזט ארונטערטראגען פון דער ארענא, וועלכע איז געווען רויט פון בלוט, און ביי דעם ראדזשאה האט זיך ארויסגעריסען א געשריי פון בעדויערען, וואס עס האט זיך שוין אזוי גיך געענדיגט.

דאן האט ער זיך א קעהר געטהאן צו מיר, אום מיין מיינונג צו הערען. איך בין געווען אויסער זיך, אבער געזאגט האב איך, אז דאס איז פראכטפול. און גלייך האט ער געגעבען א בעפעהל,

מען זאָל מיך אָבפיהרען צום קאָוטש־מאַהאָל (דעם פּאַלאַץ פון פער־
געניגען), וואו איך זאָל וואָהנען.

דורך גאָרטענס פון צויבער, האָט מען מיך צו מיין נייער רע־
זידענץ געפיהרט. דער גאַנצער פּראַנט פון דעם דאָזיגען פּאַלאַץ,
וועלכער האָט זיך געפונען אויף'ן עק פון'ם קעניגליכען פּאַרק, האָט
זיך אין די הייליגע וואַסערן פון דעם ים פּיהאָראַ געשווענקט. די
געביידע איז געווען אַ פיער־קאַנטיגע. אַרום און אַרום אין אַלע
זייטען האָבען זיך געצויגען דריי רייהען גאַלערעען איינע איבער
דער אַנדערער אויף זיילען פון וואונדערבאַרער אַרבייט. אין יעדען
ווינקעל האָבען זיך אויפגעהויבען טהורעמס, לייכטע, הויכע ניע־
דעריגע, איינציגע אָדער פּאָארווייז, מערקווירדיג שטאַרקע און פון
פערשיעדענעם אויסזעהן. זיי אַלע זיינען געווען מיט וואונדערליכע
דעכער געקרוינט, ווי זיי וואָלטען קאַקעטע פריזורען געטראָגען.

אין מיטען פון'ם פּאַלאַץ האָט זיך אויפגעהויבען אַ מעכטיגער
קופּאָל, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ רייצענד־שעהנער גלאָ־
קען־טהורעם מיט אַ ליינגליך־רונדען שפּיץ, וואָס האָט זיך צום
הימעל געצויגען.

און די גאַנצע געביידע איז פון אויבען ביז אונטען געווען מיט
סקולפּטור אַרבייט בעדעקט: פיינע אַראַבעסקען, וועלכע האָבען
דעם בליק בערוישט מיט זייערע לאַנגע שטאַרע שטריכען פון צאַרט
געפאָרמטע פיגורען, וואָס זייערע שטיינערנע קערפּערס האָבען פאַר־
געשטעלט אינדישע זיטען און אינדישע קונסט.

די שפּיציגע פענסטער פון די צימערן זיינען אַרויסגעקומען צו
די גאָרטענס צו. די פּאָדלאָגע איז בעציערט געווען מיט קראַנצען
פון פערשיעדענסטע שטיינער: אָניקס, אַכאַט און לאַפּיס.

ווי נור איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט'ן איבערטהאָן זיך, האָט
זיך בעוויזען אַ שליח מיט'ן נאָמען האַרי־באַדאַדאַ, וועמען עס איז
אָנגעטרויט געוואָרען דער פערקעהר צווישען מיר און דעם פירס־
טען. ער האָט מיר געמעלדעט דעם בעזוך פון זיין הערשער.

און דער גער געקליידעטער ראַדזשאַה איז אריין. ער האָט מיר
ווידער די האַנד געדריקט און מיר דערצעהלט טויזענד זאַכען.
דערביי האָט ער אימער געוואָלט וויסען מיין מיינונג, וועלכע איך

האָב איהם מיט גרויס מיה געקאָנט ערקלעהרען. דאַן האָט ער מיר געוואָלט ווייזען די רואינען פון׳ם אַלטען פּאַלאַץ אויף דעם אנדערן זייט פון גאָרטען.

די רואינען האָבען זיך געצויגען, ווי א שטיינערנער וואלד, וועלכער איז בעוואהנט פון א גאַנצער מאַסע אַפּפען. ווען מיר זיינען צוגעקומען נעהנטער, האָבען די זכרים פון זיי ארויפגעקלעטערט אויף דער וואַנד און געמאַכט דערביי מיאוס׳ע העויות. די נקבות האָבען זיך גענומען יאָגען מיט זייערע קינדער אין די אַרעמס. דער קעניג האָט ווילד געלאַכט און פאַר התפּעלות האָט ער מיך געקניפּען און געריסען פון מיר שטיקער פלייש. דאַן האָט ער זיך געזועצט אין מיטען פון די רואינען, וועהרענד אַרום און אַרום אויף אַלע שפּאַלטען, אויף די ווענט, אויף די שטיינער, זיינען געזעסען אַפּפען, וועלכע האָבען אונז ארויסגעשטעקט צינגער און געסטראַשעט אונז מיט די פויסטען.

ווען דער געלער הערשער האָט זיך שוין גענוג אַמוזירט, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט פול מיט ווירדע גענומען געהן אין פאַראויס, איך נאָך איהם. עס איז קענטיג געווען, אַז ער פרעהט זיך, וואָס שוין באַלד דעם ערשטען טאָג קאָן ער מיר ווייזען אַזעלכע זאַכען. און ער האָט מיר נאָך אַמאָל דערמאָנט, אַז מאָרגען וועט לכבוד מיר געמאַכט ווערען א געיעג אויף טיגערס.

איך האָב מיטגעמאַכט ניט נור דעם דאָזיגען איין געיעג, נור צוויי, דריי, צעהן, צוואַנציג, איינס נאָכ׳ן אַנדערען. מיר האָבען זיך געיאָגט נאָך אַלע חיות פון יענעם לאַנד: פאַנטהערן, בערען, עלעפאַנטען, אַנטילאָפּען, ים־פערד, קראָקאָדילען, קורץ, נאָך אַלע חיות, וואָס לעבען אין יענע געגענדען. מיר האָט גאַנץ גיך דערעסען דאָס שטענדיג בלוט פערגיסען.

צום סוף האָט זיך דעם הערשער׳ס פערקאָכטקייט פאַר געיעג עטוואָס געשטילט און ווען איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל מיר ערלויבען עטוואָס פרייע צייט אויף צו ארבייטען, האָט ער מיר נאָכגעגעבען. איצט האָט ער זיך בענוגענט דערמיט וואָס ער האָט מיך פערוואָרפען מיט פרעזענטען. ער האָט מיר געשיקט ברילי־אַנטען, טהייערע שטאָפען און געשונדענע חיות, וועלכע האריי־באַ־

דאָרט האָט מיר איבערגעגעבען מיט אַזאַ רעספּעקט, ווי איך וואָלט געווען די זון פון׳ם הימעל — הגם שטיל ביי זיך אין׳ם הארצען האָט ער מיך פעראַכטעט. טאָג־טעגליך האָט מיר אַ גאַנצע פּראָצעסיאָן פון דיענער געבראַכט שפּייזען אין צוגעדעקטע שיסלען פון דעם קעניגליכען טיש. יעדען טאָג האָב איך געמוזט מיטמאַכען פעסטליכקייטען, וועלכע זיינען פון מיין כבוד וועגען אויסגעטראַכט געוואָרען: באַיאַדערן־טענץ, אַקראָבאַטישע קונצען, מיליטערישע מאַרשען, קורץ אַלסדינג, וואָס אַ גאַסט־פּריינדליכער ראַדזשאַה האָט נור געקאָנט אויסטראַכטען, אום זיין וואונדערבאַרעס לאַנד אין זיין גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ צו ציינען.

אַזוי שנעל ווי מען האָט מיך אַ ווײַלע געלאָזט אַליין, האָב איך געאַרבייט אָדער זיך צוגעקוקט צו די אַפּפען, וואָס זייער געזעלשאַפט האָט מיר מעהר פערגעניגען פערשאַפט, ווי די פון׳ם קעניג.

אָבער איינמאָל אין אבענד, ווען איך האָב זיך צוריקגעקעהרט פון אַ שפּאַציער־גאַנג, האָב איך פאַר דעם טויער פון מיין פּאַלאַץ געטראָפען האַרי־באַדאַראָ׳ן, וועלכער האָט מיר מיט אַ פייערליכער מינע און אונפערשטענדליכע ווערטער אָנגעזאָגט, אַז אַ געשענק פון דעם הערשער ערוואַרט מיך אין מיינע צימערן. דערביי האָט ער אין דעם נאָמען פון זיין הערשער זיך ענטשולדיגט פאַר מיר, פאַר וואָס יענער האָט פריהער ניט אַ טראַכט געטהאָן פון אַ זאַך, וועלכע מיר האָט אוודאי געפעהלט.

נאָך דער דאָזיגער, ניט גאָר פערשטענדליכער רעדע, האָט זיך דער שליח פערנייגט און איז אוועק.

איך בין אריין צו זיך, און בעמערקט זעקס קליינע מיידלאַך שטעהענדיג אין אַ רייהע נעבען דער וואַנד. די עלטסטע פון זיי האָט געמוזט זיין אַ יאָהר אַכט, די אינגסטע זעקס יאָהר אַלט, אין דעם ערשטען אויגענבליק האָב איך ניט פערשטאַנען, צו וואָס מען האָט מיר דעם דאָזיגען קינדער־גאָרטען געשיקט. ערשט שפּעטער האָב איך זיך אָנגעשטויסען, וואָס די דאָזיגע צערטליכע אויפמערקזאַמקייט פון דעם הערשער בעדייטעט. ער האָט מיר געשיקט אַ האַרעם. ער האָט אויסגעקליבען גאַנץ יונגע מיידלאַך, ווייל דאָרט

האַלט מען, אַז וואָס אונציימיגער די פּרובט איז, אַלץ געשמאַקער איז זי.

און איך בין געבליבען שטעהן צומישט און פערשעהמט פאַר די דאָזיגע יונגע ווערעמלאַך, וועלכע האָבען מיך אָנגעקוקט מיט זייערע ערנסטע אויגען, ווי זיי וואָלטען געוואוסט, וואָס איך וועל פון זיי פערלאַנגען.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס מיט זיי צו ריידען און וואָלט מיט פערגעניגען זיי גלייך צוריקגעשיקט. אָבער אַ הערשער גיט מען ניט צוריק קיין געשענק. דאָס וואָלט געווען אַ שרעקליכע בע־ליידיגונג. און איך האָב געמוזט די דאָזיגע סטאַרע קינדער איבער־לאָזען ביי זיך און זעהן וואָס איך קאָן טהאָן מיט זיי.

זיי זיינען געשטאַנען און ניט אַרונטערגענומען פון מיר זיי־ערע אויגען, ווי זיי וואָלטען אויף מיין בעפעהל געוואַרט און אין מיינע אויגען צו לעזען געזוכט. אַך, דאָס פערפלוכטע געשענק, ווי דאָס האָט מיר ענג געמאַכט! צום סוף איז מיר די גאַנצע גע־שיכטע קאָמיש געוואָרען און איך האָב געפרעגט די עלטסטע:

— ווי הייסטו?

— שאַלי!

דאָס מיידעלע איז געווען וואונדער־שעהן מיט איהרע לענגליכע, ערנסטע שטריכען און דער געלבליכער געזיכטספאַרב, ווי פון על־פענביין.

און אום צו זעהן וואָס זי וועט ענטפערען און צו זי וועט ווע־רען פערלעגען, האָב איך זי געפרעגט:

— צו וואָס ביזטו אַהער געקומען?

זי האָט געענטפערט מיט אַ'ן אַנגענעהמער, ווייכער שטימע:

— איך בין געקומען אַהער צו טהאָן אַלסדינג, וואָס דו בע־פעהלסט, מיין געביעטער!

זי האָט אויסגעזעהן, ווי אַ קליין מייזעלע — ליעב און רייַ־צענד. איך האָב זי גענומען אויף די הענד און אַ קוש געטהאָן. די אַנדערע האָבען געמאַכט אַ מינע אויף אַוועקצוגעהן. זיי האָבען הפּנים געדענקט, אַז איך האָב אויסגעקליבען די עלטסטע. אָבער איך האָב זיי געהייסען בלייבען, האָב זיך געזעצט אויף אינדישער

ארט און זיי צוזעצט ארום מיר אין א קרייז. דערנאך האב איך גענומען זיי דערצעהלען א מעשה׳לע אויף זייער שפראך, וועלכע איך האב גאנץ גוט געקאנט.

זיי האבען זיך אויפמערקזאם צוגעהערט, מיט גרויסע, מאנכעס מאל צושראקענע און מאנכעס מאל פרעהליכע אויגען, האבען אויפ־געציטערט ביי מאנכע שטעלען פון דער מעשה׳לע און געמאכט מיט די הענד אהער און אהין. די ארימע קינדער האבען שוין מעהר ניט געטראכט וועגען דעם, נאך וואס זיי זיינען אהער געקומען. ווען מיין מעשה׳לע איז געווען צו ענדע, האב איך אריינגערופען מיין פערטרויטען בעדיענטען לאטכמאן און געהייסען איהם ברענגען צור־קער־געבעקס און קיכלאך. זיי האבען זיך דערמיט אנגעגעסען ביז איבער׳ן האלז. מיך האט די גאנצע געשיכטע גענומען אמוזירען און איך האב אנגעהויבען זיך צו שפיעלען מיט מיינע פרויען. מעהר פון אלץ איז זיי געפעלען געווארען, ווען איך האב זיך אוועקגעשטעלט צושפרייט די פיס און אלע מיינע זעקס ווייבער זיינען דורכגע־לאפען ווי אונטער א בריק. די אינגסטע איז געלאפען אין פאר־אויס און די גרעסטע האט זיך אימער געשטויסען, ווייל זי האט זיך ניט געגוג איינגעבויגען. דערביי האבען זיי אזוי געלאכט, דאס מען האט געקאנט טויב ווערען און די קינדערשע שטימעלאך האבען אין מיין פראכטפאלען פאלאץ א קינדערש־פרעהליכע עכא געיועקט.

דאן האב איך געזעהן צו בעזארגען שלאף־צימערן פאר מיינע אונשולדיגע פרויען. איך האב זיי איבערגעגעבען אונטער דער השגחה פון פיער דיענערינס, וועלכע דער ראזשאה האט מיר גע־שיקט צו דער בעדינונג פון מיינע סולטאנשעס.

אכט טאג נאכאנאנד האב איך זיך גרויסארטיג אמוזירט דער־מיט, וואס איך בין דער לעהרער פון די קליינווארג געווען. מיר האבען זיך געשפיעלט אין בעהעלטעניש, אין קאץ און מויז און זיי האבען ניט געוואוסט וואס צו טהאן פאר פרייד, דען יעדען טאג האב איך זיי געוויזען עפעס א נייע אונבעקאנטע שפיעל. איצט האט מיין וואהנונג אויסגעזעהן, ווי א שוהלע, און מיינע קליינע פריינדינען זיינען דארט ארומגעלאפען איבער די לאנגע גאלערעען, איבער די שטילע, האלב־דונקעלע זאאלען אין זייערע וואונדערבא־

רע זיידענע קליידער, אויס גאָלד און זילבער געשטיקט, ווי קליי־
נינקע מענשליכע חיה׳לאך.

און איין מאָל אין אבענד, איך ווייס נים ווי דאָס האָט פּאַ־
סירט, איז די עלטסטע פון זיי מיט דעם נאָמען שאלי און מיט
דעם לייב ווי פון עלפענביין — ווירקליך געוואָרען מיין פרוי...
זי איז געווען אַ זיסע, קליינע בעשעפעניש, מילד, צוריקגעהאַלטען
און פרעהלאך, וועלכע האָט זיך באַלד צוגעבונדען צו מיר מיט לייב
און לעבען. און איך האָב אויך געפיהלט עפּעס אַ מאָדנע נייגונג
צו איהר, אויסגעמישט מיט שאהם־געפיהל, מיט אַ געוויסען מין
אנגסט פאַר אייראָפּעאישע געזעצען, מיט פערצווייפלונג און דאָך
מיט ליידענשאַפטליכער צערטליכקייט. איך האָב זי געליעבט, ווי
אַ פאָטער און געלאַסטשעט ווי אַ מאַן...

ענטשולדיגט מיר, מיינע דאַמען, אָבער...

די אנדערע האָבען זיך אין פּאַלאַץ ווייטער געשפּיעלט, ווי
יונגע קעצעלאך. שאלי אָבער איז אָפּגעטראָטען פון מיר נור דאַן,
ווען איך האָב געמוזט געהן צום ראַדזשאַה. וואונדערשעהנע שטונ־
דען האָבען מיר צוזאַמען פערבראַכט אין די רואינען, וואו מיר זיי־
נען מיט די אַפּפען גוט פריינד געוואָרען. זי האָט אָנגעשפּאַרט איהר
קליין ספינקס־קעפּעלע אויף מיין שויס און געטראַכט פון טויזענד
זאַכען, אָדער פון גאָרנישט געטראַכט, אָבער אימער האָט איהר שען
קעפּעלע אויף מיין שויס גערוהט אין יענע שעהנע פּאַוזעס, אין וועל־
כע די הייליגע בילדער זיינען געמאָהלען, און וועלכע פּאַסען זיך
אַזוי פאַר יענע ערדעלע, טרוימערישע פעלקער.

אויף אַ גרויסער בראָנזענער שיסעל האָב איך געבעקס און
פרוכט אָנגעוואָרפען. ביסלאַכווייז האָבען די אַפּפען זיך צו אונז
צוגעוואָהנט און זיינען צוגעקומען נעהנטער, בעגלייט פון זייערע
קליינוואַרג. דאַן האָבען זיי זיך צוזעצט אין קרייז אַרום אונז.
ווייטער האָבען זיי נים געוואָגט און געוואַרט, אַז איך זאָל די נאָ־
שערייען פערטהיילען צווישען זיי...

דערנאָך איז כמעט אימער איינער פון די דרייסטערע מענליכע
אַפּפען צוגעקומען גאַנץ נאָהנט צו אונז, און ווי אַ בעטלער, אויסגע־
שטרעקט זיין האַנד. איך האָב איהם עפּעס געגעבען, וואָס ער האָט

דערלאנגט זיין ווייבעל. דאן האבען אלע אנדערע געגומען שרייען פאר כעס און פאר קנאה און איך האב זיי איינגעשטילט דערמיט, וואס איך האב יעדען פון זיי א ווארף געטהאן זיין חלק.

אזוי ווי איך האב זיך צווישען די דאזיגע רואינען זעהר גוט געפיהלט, האב איך געהייסען ברייגגען אהין מיינע אינסטרומענ־טען, אום דארט צו ארבייטען. אבער ווי נור די אפפען האבען דערזעהן די מעשענע און מעטאלענע אינסטרומענטען, האבען זיי אויפגעהויבען א מורא׳דיגע יללה און זיינען זיך צולאפען אין אלע זייטען. זיי האבען הפנים די דאזיגע זאכען אנגענומען פאר מארד־ווערקציינ.

אפט האב איך די אבענדען פערבראכט מיט שאלי׳ן אויף איי־נער פון די אויסענווייניגסטע גאלערעען, וועלכע איז ארויסגעקומען איבער דעם ים פון פיהארא. נים ריידענדיג אווארט, האט זי בעטראכט די שטראהלענדיגע לבנה, וועלכע איז איבער׳ן הימעל געשוואומען און איהרע זילבערנע שטראהלען איבער׳ן וואסער גע־ווארפען. און דארט, אויף׳ן צווייטען ברעג, האבען מיר געזעהען געטצען־טעמפלען גאנצע רייהען־ווייז, ווי זיי וואלטען פון׳ם וואַ־סער ארויסגעשפרונגען. דאן האב איך ארומגעכאפט דאס ערנסט פנים׳ל פון מיין קליינער געליעבטער מיט מיינע ארעמס און האב לאנגזאם און לאנג געקושט איהר גלאטען שטערן, איהרע גרויסע, רעטזעלהאפטע אויגען, איהרע שטומע ליפען, וועלכע האבען זיך אונטער מיינע קושען געעפענט. און א מערקווירדיג געפיהל האט מיך דערביי איבערוועלטיגט, א מעכטיג, פאעטיש געפיהל, אז אין דעם דאזיגען קינד, אין דער דאזיגער מיידעלע נעהם איך ארום א גאנצעס פאלק, יענעם רעטזעלהאפטע פאלק, פון וועלכען עס זיינען ארויסגעקומען אלע אנדערע פעלקער.

אין דער אייגענער צייט האט דער ראדזשאה מיך פערשאטען מיט מתנות. איין טאג האט ער מיר געשיקט עטוואס גאנץ אונ־ערווארטעטעס, עטוואס וואס האט שאלי׳ס גרעסטע באוואונדערונג ערוועקט. דאס איז געווען איינע פון יענע געוועהנליכע פאפירענע שאכטלעך, וועלכע מען באקלעפט ביי אונז פון אויסענווייניג מיט אלערליי מעער־קעפעלאך. אין פראנקרייך וואלט די דאזיגע זאך

געקאָסט, אַז אַ סך, צוויי פראַנק. אָבער דאָ, אין דעם ווייטען, ווייטען לאַנד, איז דער פּרייז, ווי עס שיינט, געווען אונשעצבאַר. דאָס איז, וואהרשיינליך, געווען די ערשטע שאַכטעל, וואָס איז אין יענעם קעניגרייך אריינגעדרונגען.

איך האָב עס אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטוהל און עס דאָרט געלאָזט שטעהן, לאַכענדיג איבער דער גרויסער וויכטיגקייט, וואָס מען האָט דאָ צוגעגעבען דער דאָזיגער ביליגער, העסליכער שאַכטעל.

אָבער שאַלי האָט זיך אויף דעם ניט געקענט זאַט אָנקוקען און בעוואונדערען. זי האָט מיך אַלע ווייל געפרעגט: „מאָג איך עס אָנריהרען?" און ווען איך האָב עס איהר ערלויבט, האָט זי אויפגעעפענט דעם דעקעל, עס מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט ווידער צוגעמאַכט, לייכט מיט איהרע צאַרטע פינגער די מעער־קעפּלאַך געגלעט און שוין די דאָזיגע בעריהרונג אַליין האָט זי, קאָנטיג, איבערמענשליך גליקליך געמאַכט.

דערווייל האָט זיך מיין ארבייט געענדיגט און איך האָב געמוזט אַוועק. עס האָט גענומען אַ צייט ביז איך האָב זיך געקאָנט בעשליסען צו שיידען מיט מיין קליינער פריינדין, צו וועמען עס האָט מיך צוגעבונדען אַן אויפריכטיגע נייגונג. אָבער איך האָב זיך ניט געקענט העלפען און זיך געמוזט איבערגעבען צו מיין שיקזאַל.

דער ראַדזשאַה איז געווען אויסער זיך. ער האָט פּעראַנשטאַלטעט נייע געיעגען און נייע געפעכטען. אָבער נאָכדעם ווי עס זיי־נען אַוועק נאָך פיערצעהן טעג, האָב איך ערקלעהרט, אַז איך קען לייגגער ניט בלייבען און ער האָט מיך פריי געלאָזט.

די צושיידונג מיט שאַלי'ן איז געווען הערצרייסענד. זי האָט געוויינט אויף מיין ברוסט, געוויינט מיט זודיגע טרעהרען פאַר וועהטאָג. איך האָב ניט געוואוסט ווי זי צו טרייסטען, דען אַלע מיינע קושען זיינען געווען אומזיסט. פּלוצים איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק. איך בין אויפגעשטאַנען, גענומען די שאַכטעל מיט די מעער־קעפּלאַך און עס איהר דערלאַנגט:

— דאָס לאָז איך דיר איבער. איצט וועט עס געהערען צו דיר!

אפריהער האָט זי גענומען לאַכען, דאַן האָט איהר פּנים'ל גענומען שיינען פאַר אינערליכער פרייד, עפּעס ווי אַ הייסער וואונש

איהרער וואָלט ערפילט געוואָרען, א וואונש, פון וועלכען זי האָט לאַנג געטרוימט, אָבער וועלכען זי האָט געהאַלטען פאַר אונמעגליך, ער זאָל אמאָל ערפילט ווערען. זי האָט זיך א וואָרף געטהאָן מיך קושען, ווי א ווילדע. אָבער דאָך האָט זי ביים אָבשיעד פערגאָסען הייסע טרעהרען.

ווי א פאָטער האָב איך ארומגענומען אַלע מיינע קליינע פרויען, האָב זיי קיכלאָך געשענקט און בין אוועק.

## 2

צוויי יאָהר זיינען אוועק. און דאַן האָט מיך מיין שיקזאַל ווי־דער אמאָל נאָך באָמבעי צוריקגעפיהרט. מען האָט מיר אנגעטרויט א נייע שליחות, וועלכע איז אויסגעפאַלען אויף מיין גורל, ווייל איך האָב דאָס לאַנד און די מענשען געקאָנט. איך האָב אויסגע־פיהרט מיין מיסיאָן אזוי שנעל ווי מעגליך און אזוי ווי מיר זיינען נאָך פערבליעבען דריי מאָנאַטען פרייע צייט, האָב איך זיך בעשלאָ־סען מיין פריינד, דעם קעניג פון גאַנהאַרא, צו בעזוכען און מיין ליעבע, קליינע פרוי, וועלכע האָט זיך אוודאי דאָרט שטאַרק פער־ענדערט.

דער ראַדזשאַה מאַדראַן האָט מיך אויפגענומען מיט משוגענער פרייד. דריי פעכטער האָט ער געלאָזט פאַר מיינע אויגען ביז צום טויט קעמפפען און אין דעם ערשטען טאָג האָב איך ניט געהאַט קיין איין פרייע מינוט פאַר זיך אליין. ערשט אין אבענד בין איך ענדליך פריי געוואָרען. איך האָב אריינגערופען האַרי־באַדאַדאַ'ן און איהם געשטעלט עטליכע גלייכגילטיגע פראַגען, אום ניט צו ווערען אויפפאַלענד. דאַן האָב איך געפרעגט:

— און ווייסטו, וואָס עס איז געוואָרען פון דער קליינער שאַלי, וועלכע דער ראַדזשאַה האָט מיר געשענקט?

ער האָט געמאַכט א טרויעריגע מינע, ווי די פראַגע וואָלט איהם זעהר אונאַנגענעהם געווען, און געענטפערט עטוואָס צומישט:

— לאָמיר בעסער פון איהר נישט רעדען!

— פאַרוואָס? זי איז געווען א רייצענדע קליינע פרוי!

— זי האָט געהאַט א שלעכטען סוף, מיין הערר.

— ווי אזוי? שאלי? וואָס איז מיט איהר געוואָרען? וואו איז זי?

— איך זאָג, זי האָט געהאָט אַ שלעכטען סוף.

— אַ שלעכטען סוף? איז זי טויט?

— יאָ, העררִ. זי האָט בעגאַנגען אַ פערברעכען.

איך בין געווען געריהרט. מיין הארץ האָט געקלאַפּט שטאַרק, שטאַרק און איך האָב געפיהלט ווי עס דריקט מיר צוזאַמען די ברוסט. איך האָב ווידער געפרעגט:

— זי האָט בעגאַנגען אַ פערברעכען? וואָס האָט זי דען געטהאָן?

ער האָט געמורמעלט אַלץ מעהר און מעהר צומישט:

— פרעגט בעסער נישט.

— דאָך. איך וויל וויסען.

— זי האָט גע'גנב'עט.

— וואָס, שאלי? וועמען האָט זי דען בע'גנב'עט?

— דיך, העררִ.

— מיך? ווי אזוי?

— זי האָט דיך בע'גנב'עט אין דעם טאָג פון דיין אַנ.רייזע. דאָס שאַכטעלע האָט זי גע'גנב'עט, וועלכעס דער קעניג האָט דיר געשענקט. מען האָט עס געפונען ביי איהר.

— וואָס פאַר אַ שאַכטעלע?

— דאָס שאַכטעל מיט די מעער־קעפּלאַך!

— אָבער דאָס האָב איך דאָך איהר געשענקט!

דער אינדיער האָט מיך אָנגעקוקט מיט שרעק און געענטפערט:

— יאָ! זי האָט אויך מיט אַלע הייליגע שבועות געשוואָרען, אַז דו האָסט איהר געשענקט. אָבער מיר האָבען נים געקענט גלויבען, אַז דו וועסט אוועקגעבען אַ שקלאַפין דאָס געשענק פון אַ קעניג. און דער ראַדזשאַה האָט זי געהייסען בעשטראָפען.

— וואָס הייסט בעשטראָפען? וואָס האָט מען איהר געטהאָן?

— מען האָט זי אין אַ זאַק אריינגעטהאָן און אין ים אריינגעוואָרפען. פון אָט דעם דאָזיגען פענסטער דאָ, פאַר וועלכען מיר

שטעהען, פון דעם אייגענעם צימער, וואו זי האָט די גנבה בע־גאַנגען.

עס האָט מיך אַ ריס געטהאָן ביים הארצען און איך האָב דער־פיהלט דעם שרעקליכסטען שמערץ, וועלכען איך האָב ווען־עס־איז געפיהלט, און איך האָב געגעבען הארי־באַדאַדאַ'ן אַ צייכען, ער זאָל מיך פערלאָזען. איך האָב ניט געוואָלט ער זאָל זעה'ן, ווי איך וויין.

און יענע נאַכט בין איך געבליעבען אויף דער גאַלערעע אי־בער'ן ים, אויף דער גאַלערעע, וואו איך האָב דאָס ארימע קינד אזוי אָפט אויף די קניע געהאַלטען. און איך האָב געטראַכט דער־פון, אז דער סקעלעט פון דעם קליינעם, איצט שוין אודאי צופוילטען קערפער, ליגט דאָרט אונטער מיר אין אַ פערבונדענעם זאַק, אויף דעם גרונד פון דעם שווארצען וואסער, יענעם וואסער, אויף וועל־כען אונזערע ביידענס בליקען האָבען אמאָל גערוהט.

אויף'ן צווייטען טאָג בין איך טראָץ דעם בעטען און דעם גרויסען קומער פון'ם ראַדזשאַה אַבגעפאָהרען.

און איצט דאַכט זיך מיר, אז איך האָב קיין מאָל קיין אנדער פרוי ניט געליעבט אויסער — שאַלי.



# קעלנער, איין ביער!



יך ווייס אייגענטליך ניט, פארוואס איך בין יענעם אבענד געגאנגען אין דער ברויערי. עס איז געווען קאלט. א קליין רעגענדעל, ווי וואסער־שטויב, האט געגימזשעט און פערשלייערט די לאנטערנעס, נאס געמאכט די טראטוארען אזוי, דאס זיי האבען געגלאנצט אונטער דעם שיין, וואס איז געפאלען פון די שוי־פענסטער און וועלכער האט אויך בעלויכטעט דעם נאסען שמוץ, ווי די שמוציגע שיך פון די פערביינעהער.

איך האב דאן ניט געהאט קיין בעזונדערען צוועק, איך האב זיך נאך עסען גלאט אין דער וועלט אריין ארומגעטריבען איבער די גאסען. פלוצים האב איך דערזעהן א גרויסען ביער־לאקאל, האלב פול מיט מענשען. איך בין אריין אינעווייניג אהן א בעזונדערען גרונד. דורשטיג בין איך ניט געווען.

איך האב מיר שנעל אויסגעזוכט א פלאץ, וואו איך זאל קאנען זיצען בעקוועם, ניט אין ענגשאפט, און האב זיך געזעצט נעבען אן עלטערען מענשען, וועלכער האט געראויכערט א ביליגע ליולקע, א שווארצע ווי א שטיק קויהל. זעקס ביז זיעבען לעדיגע גלעזער האבען אנגעוויזען אויף דער צאהל גלעזער, וואס ער האט שוין געהאט אויסגעטרונקען. איך האב מיין שכן ניט אנגעקוקט. פון דעם ערשטען בליק האב איך אין איהם דערקאנט איינעם פון יענע שטענדיגע געסט, וועלכע קומען אין דער־פריה, ווען דער ביער־לאקאל ווערט געעפענט און געהען אוועק ערשט שפעט ביינאכט, ווען מען מאכט איהם צו. ער איז געווען שמוציג, האט געהאט א פליך און די גרויע, מיט פעטס־בעשמירטע, גלאנציגע האאר אויף'ן נאקען זיינען איהם ביז צום קראגען פון'ם ראק ארונטערגעהאנגען. זיינע

קליידער זיינען אויף איהם צו ברייט געווען און האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען געמאכט געוואָרען אין אַ צייט, ווען ער איז נאָך דיק געווען. מען האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז די הויזען האָבען זיך אויף זיינע היפטען ניט געקאָנט האַלטען און אַז דער דאָזיגער מענש האָט ניט געקענט מאַכען קיין צעהן טריט, אַז ער זאָל ניט מוזען זיי אַרויפשלעפען. צו האָט ער געטראָגען אויף זיך אַ וועסט צו ניט, איז שווער געווען צו זאָגען, און דער געדאַנק וועגען זיינע שטיוועל און וואָס עס האָט זיך דאָרט געטהאָן אינעווייניג, האָט מיך גע־מאַכט שווינדלען. די אויסגעריבענע מאַנזשעטען זיינען געווען שוואַרץ פון שמוץ; אַזוי זיינע נעגעל.

אַזוי גיך ווי איך האָב זיך געזעצט נעבען איהם, האָט ער צו מיר גאַנץ רוהיג געזאָגט:

— ווי געהט עס דיר? גוט?

איך האָב זיך האַסטיג צו איהם אַ קעהר געטהאָן און איהם אָנגעקוקט, וועהרענד ער האָט ווייטער גערעדט:

— דו דערקענסט מיך מסתמא ניט?

— ניין.

— דע־באַררעטס.

איך בין געבליבען ווי פערשטיינערט. דאָס איז געווען גראַף זשאַן דע־באַררעטס, מיט וועמען איך בין אַמאָל צוזאַמען אין שוהלע געגאַנגען. איך האָב איהם דערלאַנגט די האַנד, אָבער איך בין גע־ווען אַזוי דערשראָקען, דאָס איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָ־גען. צום סוף האָב איך אַרויסגעשטאַמעלט:

— און דו? ווי געהט עס דיר, גוט?

ער האָט געענטפערט רוהיג:

— מיר? עס געהט ווי עס געהט!

ער איז אַנשווייגען געוואָרען. איך האָב געוואָלט זיין ליעבענס־ווירדיג און געזוכט עפּעס צו זאָגען.

— און... וואָס טהוסטו?

ער האָט געענטפערט געלאַסען.

— דאָס וואָס דו זעהסט!

איך האָב געפּיהלט, אז איך בין רויט געוואָרען און האָב גע־פרעגט:

— אָבער... יעדען טאָג?

ער האָט געענטפערט, בלאָזענדיג פון זיך גאנצע וואָלקענס מיט רויך:

— יא... אלע טאָג דאָס איינענע!

דאָן האָט ער א קלאַפּ געטהאָן איבער דעם מארמאָרנעם טיש־ברעט מיט א גאָלדשטיק, וואָס איז געלעגען נעבען איהם, און אויס־גערופען:

— קעלנער, צוויי ביער!

פון דער ווייטענס האָט א שטימע איבערגע׳חזר׳ט:

— צוויי ביער — נומער פיער.

פון נאָך ווייטער האָט זיך דערהערט א שארפער געשריי:

— היער!

דאָן האָט זיך בעוויזען א מאן אין א ווייסען שירץ, מיט צוויי גלעזער ביער, פון וועלכע עס זיינען איבער׳ן גאנצען וועג געפאלען טראָפּענס אויף דער פּאָדלאָגע, וואָס איז מיט זאמד בעשאָטען גע־ווען.

דע־בארעטס האָט אויסגעליידיגט זיין גלאָז מיט איין ציה, עס אוועקגעשטעלט צוריק אויפ׳ן טיש און אריינזויגענדיג דעם שוים, וואָס איז אויף זיין באָרד פערבליבען, האָט ער געפרעגט:

— וואָס הערט זיך נייעס?

איך האָב ניט געוואוסט וואָס פאר א נייעס איך זאָל איהם דערצעהלען. איך האָב נור געשטאמעלט:

— גאָרנישט, אלטער פריינד. איך בין א סוחר געוואָרען.

ער האָט געענטפערט מיט דעם זעלביגען גלייכגילטיגען טאָן:

— און... האסטו פון דעם פערגעניגען?

— ניין, אָבער ווייסטו, מען מוז דאָך עפּעס טהאָן.

— מען מוז? ווארום דען?

— נו, אום צו האָבען עפּעס א בעשעפטיגונג.

— צו וואָס? איך טהו גאָרנישט, ווי דו זעהסט. אבסאָלוט גאָרנישט. ווען מען האָט ניט א גראָשען ביי דער נשמה, דאן קאָן

איך נאָך בעגרייפען, אז מען ארבייט. אָבער ווען מען האָט פון וואנען צו לעבען, דאַן האָט עס קיין זין. צו וואָס זאָל מען אר־בייטען? ארבייטסטו פאר זיך, אָדער פאר אנדערע? ווען דו ארבייטסט פאר זיך, דאַן טהוסטו עס ווייל דאָס פערשאַפט דיר פערגעניגען — דאַן איז אַלעס רעכט. אָבער ווען דו ארבייטסט פאר אנדערע, דאַן ביזטו א נאַר!

דאָ האָט ער אוועקגעלייגט זיין ליולקע אויף דער מארמאָר־ברעט און ווידער א געשריי געטהאַן:

— קעלנער, איין ביער!

ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— דאָס רעדען מאַכט דורשטיג. איך בין דערצו ניט געוועהנט. יאָ, איך טהו גאַרנישט, איך שטופּ אוועק ווי עס איז די צייט און ווער אַלט. ווען איך וועל שטארבען, וועט מיר פאַר קיין זאַך ניט פערדריסען. איך וועל דאַן ניט האָבען זיך אָן וואָס צו דערמאָנען אויסער אָן דעם דאָזיגען ביער־לאָקאַל. קיין פרוי, קיין קינדער, קיין זאָרג, קיין קאָפּ־דרעהעניש, גאַרנישט. אזוי איז עס בעסער!

ער האָט אריינגעגאָסען די גלאָז ביער, וואָס מען האָט איהם געבראַכט, האָט אָבגעלעקט מיט דער צונג די ליפּען און ווידער גע־נומען די ליולקע אין האַנד אריין.

איך האָב איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט און געפרעגט:

— דו ביזט דאָך אָבער ניט אימער אזוי געוועזען?

— האָסט א טעות, זייט איך בין ארויס פון דער שוהלע, בין איך אימער אזוי געוועזען.

— דאָס איז דאָך אָבער קיין לעבען נישט. דאָס איז דאָך שרעקליך. הער אויס, דו מוזט דאָך וואָס עס איז טהאָן, עפּעס ליעבען, פריינד האָבען.

— ניין. איך האָב גאָרנישט. איך שטעה מיטאג־צייט אויף. איך קום אַהער, פריהשטיק, טרינק ביער, וואַרט ביז עס ווערט פינסטער, דאַן עס איך ווידער, טרינק ביער. דאַן ארום האַלב צוויי נאָך האַלבע נאַכט געה איך אהיים שלאָפען, ווייל דאָס לאָקאַל ווערט געשלאָסען. דאָס פערדריסט מיך אַם מייסטען. פאר די לעצטע צעהן יאָהר, האָב איך וועניגסטענס זעקס יאָהר אָט דאָ אין מיין

ווינקעל אויף דער דאַזיגער באַנק צוגעבראַכט. דעם רעשט פון דער צייט אין מיין בעט, וויטער אין ערגעץ ניט. מאַנכעס מאָל אונטערהאַלט איך זיך דאָ מיט די שטענדיגע איינגעהער.

— אָבער וואָס האָסטו דען געטהאָן אין פאַריז, ווען דו האָסט געענדיגט די שוהלע?

— איך האָב דאָרט שטודירט יוריספּרודענץ — אין קאַפּע מעדיצי.

— און דערנאָך?

— דערנאָך — בין איך אויף דער אַנדערער זייט פון דעם טייך סענא אריבער און בין אַהער געקומען.

— צו וואָס האָסטו עס געטהאָן?

— יאָ ווייסטו, מען קען דאָך אַ גאַנץ לעבען ניט אָבלעבען אין לאַטיינישען קוואַרטאַל. די סטודענטען מאַכען צופיעל סקאַנדאַלען. איצט בלייב איך דאָ. קעלנער, איין ביער!

איך האָב געמיינט, אַז ער מאַכט שפּאַס פון מיר, און זיך אָנגערופען:

— אָבער רייד דאָך אָפען! דו האָסט געהאַט עפּעס אַ צרה? אוודאי אַ אונגליקליכע ליעבע? דו האָסט געמוזט אַ סך ליידען, אַ סך אויסשטעהן אויף דער וועלט! ווי אַלט ביזטו?

— איך בין דריי־און־דרייסיג. אָבער איך זעה אויס ווי פינף־און־פערציג. אפשר נאָך עלטער.

איך האָב איהם גוט אָנגעקוקט. זיין צוקנייטשטער פּנים האָט איהם געמאַכט אויסזעהן, ווי אַ גרייז. אויף'ן פּליך האָבען געשטאַרטצעט אַ פּאָאר איינציגע, לאַנגע האָאר, אויף אַ הויט פון צווייפעלהאַפטער ריינליכקייט. ער האָט געהאַט מעכטיגע ברעמען און אַ געדיכטע באָרד. פּלוצים איז מיר געקומען אויף'ן זינען די וואַש־שיסעל, אין וועלכען מען האָט די דאָזיגע האָאר געוואַשען.

איך האָב זיך אָנגערופען:

— דו זעהסט ווירקליך אויס עלטער פון דיינע יאָהרען. דו האָסט געמוזט האָבען אַ סך צרות.

ער האָט געענטפערט:

— אָך ניין. איך זעה אויס אַלט, ווייל איך קום קיינמאָל ניט

ארוים אויף דער פרישער לופט. קיין זאך ווירקט ניט אזוי שלעכט אויף׳ן געזונט, ווי דאס לעבען אין קאפע.

איך האב עס ניט געקענט גלויבען:

— דו האסט הפנים געלעבט א גוטען טאג. אומזיסט קריגט מען ניט קיין פליך!

ער האט א שאקעל געטהאן רוהיג מיט׳ן קאפ, און א רעגען פון שופען איז פון זיינע לעצטע האאר אויף זיין ראק געפאלען.

— ניין, איך האב אימער געלעבט אן איינגעהאלטענעם לע־בען.

דאן האט ער ארויפגעקוקט צו דער געז־רעהרע, וועלכע איז געהאנגען איבער אונז און האט אונז דעם קאפ געברענט און ער האט געזאגט:

— דאס גאז איז אין דעם שולדיג. דערפון קריכען די האאר אוים. קעלנער, איין ביער! עס זעהט אוים, אז דו ביזט ניט דורשטיג.

— ניין, איך דאנק. אבער דיין שיקזאל אינטערעסירט מיך. זייט ווען ביזטו דען מאראליש אזוי ארונטער? אזא לעבען, ווי דו פיהרסט, איז דאך ניט נאטירליך, ניט נארמאל. עס מוז דאך עפעס זיין אין דעם, א פארוואס, אן אורזאך.

— יא, דאס איז פון יוגענד אן אזוי געקומען. ווען איך בין געוועזן קליין, האב איך געקראגען קלעפ און זייט דאן האב איך אימער שווארצע געדאנקען.

— וואס הייסט?

— אויב דו ווילסט וויסען, טא הער זיך צו. איך וועל דיר דערצעהלען. דו געדענקסט דאך נאך אוודאי אונזער שלאס, וואו איך בין געבארען געווארען. דו ביזט דאך אין צייט פון די קאנ־ניקולעס אייניגע מאל דארט געוועזען. געדענקסטו נאך די גרויסע געביידע אין דעם גרויסען פארק מיט די לאנגע אלעען פון דעמבעס אין אלע פיער זייטען? דו געדענקסט נאך אוודאי מיין פאטער און מוטער אויך, און ווי זיי ביידע זיינען שטענדיג שטרענג און ערנסט געוועזן. איך האב מיין מוטער פערגעטערט, פאר דעם פא־טער האב איך מורא געהאט. צו ביידען האב איך געפיהלט גרויס

רעספּעקט. עס האָט אנדערש ניט געקאָנט זיין, דען אַלע ארום האָבען פאר זיי גרויס דרך ארץ געהאַט. פאר דער גאנצער געגענד זיינען זיי געווען „הערר גראַף" און „פרוי גרעפין" און אונזערע שכנים, די טאַנעמארס, די ראַוועלעטס, די ברענעווילס, האָבען זיך אויך מיט גרויסער אַכטונג צו זיי פערהאַלטען.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען דרייצעהן יאָהר. בין געווען פרעהליך, מיט אַלעם און אַלעמען צופרידען, ווי געוועהנליך אין דעם אַלטער, ווען מען איז פול מיט לעבענס־פרייד און גליק. טרעפט איין מאָל אין אַ געוויסען טאָג, ארום ענדע סעפּטעמבער, מיט אַ פּאָר טעג פריהער, איידער איך האָב געזאָלט זיך אומקעהרען צוריק אין שוהלע, שטעה איך אזוי אין פּארק און שפּיעל זיך אין וואָלף. ווען איך בין אזוי ארומגעלאָפען צווישען בוימער און פלאַנצען, האָב איך פּלוצים דערזעהן די מאַמאַ און דעם פּאַפּאַ גע־הענדיג שפּאַציערען. איך געדענק עס נאָך אזוי קלאָר, ווי עס וואָלט נעכטען ערשט געטראָפען. אין יענעם טאָג איז געווען אַ שטאַרקער שטורם. די בוימער האָבען זיך געבויגען צו דר'ערד פון דעם ווינד. זיי האָבען געקרעכצט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי אַכצען און זיפצען דומפּף און אין דער הויך, ווי דער וואַלד, בעת אַן אוראַגאַן בושעוועט. די בלעטער, שוין געלע, זיינען גע־פאַלען און ווי פויגלאַך געפלויגען אין דער הויך, געדרעהט זיך אַ ווייַלע אין דער לופטען און זיך גענומען טראָגען איבער די אַלעען, ווי חיה'לאַך יאָגענדיג זיך איינס נאָך'ן אנדערען.

די נאַכט האָט זיך ארונטערגעלאָזט. צווישען די בושען איז דונקעל געוואָרען. דאָס דאָזיגע שטורעמדיגע רוישען צווישען די צווייגען האָט מיך שטאַרק אויפגערעגט, און איך בין ווי אַ משוגע־נער ארומגעלאָפען און געהאָוקעט, אום די וועלף נאָכצומאַכען.

אזוי שנעל ווי איך האָב מיינע עלטערן דערזעהן, האָב איך וועלענדיג זיי איבערראַשען, זיך פער'גנב'עט שטילינקערהייט צווי־שען די בושען, ווי איך וואָלט געווען אַן אמת'ער וואַלד־רויבער. אָבער אַ פּאָר טריט פון זיי בין איך אַ צושראָקענער שטעהן גע־בליעבען. מיין פּאָטער איז געווען מורא'דיג צוקאָכט און האָט געשריען:

— דיין מוטער איז אַ בהמה. אויסערדעם האַנדעלט זיך עס ניט וועגען דיין מוטער, נור וועגען דיר. איך זאָג דיר: איך דאַרף האָבען געלד און איך פערלאַנג, אַז דו זאָלסט אונטערשרייבען!

די מאַמאַ האָט געענטפערט מיט אַ פעסטען קול:

— איך שרייב ניט אונטער. דאָס איז זשאַן'ס פערמעגען. איך בעהאַלט עס פאַר איהם. איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט מיין געלד אויך נאָך פערשווענדען מיט פּראָסטיטוטקעס און מיידלאַך, ווי דו האָסט דיין אייגען געלד פערהולטאַיעוועט.

דאָ האָט זיך מיין פאָטער אומגעדרעהט, אויסער זיך פאַר כעס, האָט אַ כאַפּ געטהאָן זיין פרוי ביים האַלז און איהר דערלאַנגט אַ גוואַלדיגען זעץ אין פּנים.

דער מאַמאַ'ס הוט איז אַראָבגעפאַלען אויף דר'ערד. איהרע האָאר האָבען זיך צושאָטען. זי האָט זיך געפּרובט וועהרען אַנט־קעגען זיינע קלעפּ, אָבער עס האָט איהר ניט געהאָלפען. און פּאַ־פּאַ האָט זי געשלאָגען ווי משוגע, געשלאָגען אָהן רחמנות. זי איז געפאַלען צו דר'ערד און פערשטעלט דעם פּנים מיט די הענד. דאָ האָט ער זי אומגעדרעהט אויף'ן רוקען, אום זי נאָך מעהר צו שלאָ־גען, און איהר די הענד אוועקגעריסען, מיט וועלכע זי האָט איהר פּנים בעשיצט.

מיר אָבער, ליעבער פריינד, איז אויף'ן האַרצען געוואָרען, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען, ווי אַלע אייביגע געזעצען וואָלטען אויף איינמאָל אומגעשטירצט געוואָרען. איך בין געוועזען אַזוי דערשלאָגען, ווי פון אַ מורא'דיגער קאַטאַסטראָפע, ווי פון אַ גרויס אונגליק, וועלכען מען וועט שוין קיינמאָל ניט קענען ווידער גוט־מאַכען. מיין קינדערשער שכל איז ניט געוועזען דער־וואַקסען פאַר אַזעלכע זאַכען, און איך האָב גענומען רעווען מיט אַלע קרעפטען, אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס. איך האָב זיך גע־פונען אין אַ שרעקליכען צושטאַנד, געמישט פון אַנגסט, שמערץ און שרעק. דערהערט מיינע קולות, האָט זיך מיין פאָטער אומ־געדרעהט, מיך דערזעהן, איז אויפגעשטאַנען און גענומען געהן צו מיר. איך האָב געמיינט, ער וועט מיך טויטען און איך האָב זיך געלאָזט לויפען, ווי אַ געהעצטע חיה גלייך אין פאַראויס, בין גע־

לאָפען ווייט, ווייט, אין וואַלד אריין.

אזוי בין איך אַבגעלאָפען אַ שעה, אפשר צווי, איך ווייס ניט. די נאַכט איז צוגעפאלען און אַ פערמאַטערטער האָב איך זיך אויף׳ן גראַז געוואָרפען. דאָ בין איך פערבליבען מיעד, האַלב משוגע און מיט אַזאַ וועהטאַג אויף דער נשמה, אַז דאָס האַרץ איז מיר שיעור ניט צוריסען געוואָרען. איך האָב גענומען פרירען. אפשר בין איך געווען הונגעריג. דערווייל איז טאָג געוואָרען. איך האָב ניט געוואָגט ניט אויפצושטעהן, ניט אַהיים צו געהן אין ניט צו אנטלויפען, ווייל איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל מיין פאָטער ניט טרעפען. און איהם האָב איך מעהר קיינמאָל ניט געוואָלט זעהן.

אפשר וואָלט איך פאַר צער און הונגער דאָרט אונטער אַ בוים געשטאָרבען, ווען דער וואַלד-וועכטער וואָלט מיך ניט געפונען און מיט געוואַלד אַהיים געבראַכט.

מיינע עלטערן האָבען אויסגעזעהן גאַנץ געוועהנליך. מיין מוטער האָט נור געזאָגט:

— דו נאַרישער אינגעל, האָסט מיר אזוי פיעל צער פער־שאַפט. איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען.

איך האָב גאָרניט געענטפערט, אָבער איך האָב זיך צואוויינט. מיין פאָטער האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט.

אין אַכט טאָג ארום האָב איך ווידער געמוזט אין דער שוהלע אַוועק.

פון דעמאָלט אָן, ליעבער פריינד, בין איך מיט׳ן לעבען פער־טיג געוואָרען. איך האָב די אַנדערע זייט פונ׳ם לעבען געזעהן — די שלעכטע. זייט דעמאלט האָב איך שוין די גוטע מעהר ניט גע־קענט געפינען. וואָס איז אין מיר פאָרגעגאַנגען? וואָס אזוינס האָט מיינע אנזיכטען געענדערט? איך ווייס ניט. אָבער איך האָב שוין אין קיין זאַך מעהר קיין אינטערעס ניט געפונען, האָב מעהר נאָרנישט פערלאַנגט, מעהר קיינעם ניט געליעבט, מעהר גאָר נישט געוואונשען, איך האָב שוין ניט געהאַט מעהר קיין עהר־גייץ און קיין האָפנונג. מיין אָרימע מוטער איז שטענדיג פאַר מיינע אויגען געשטאַנען, ווי זי איז אין דער אַלעע אויף דר׳ערד געלעגען

און ווי מיין פאטער האט זי געשלאגען. אין א פאאר יאהר ארום איז מיין מוטער געשטארבען. מיין פאטער לעבט נאך. איך האב איהם מעהר קיינמאל ניט געזעהן. — קעלנער, איין ביער!

מען האט איהם געבראכט זיין גלאז ביער, וואס ער האט מיט איין ציה אויסגעטרונקען. אבער ווען ער האט געוואלט ווידער נעהמען רויכערען זיין ליולקע, איז זי צובראכען געווארען, ווייל זיין האנד האט געציטערט. דאן האט ער מיט א פערצווייפעלטער מינע געזאגט:

— אט האסטו דיר... אזא אונגליק, איצט מוז איך זיך ווידער א גאנצען מאנאט מאטערן, ביז איך וועל איינרויכערען א נייע!

און דורך דעם גרויסען, רויכיגען צימער, וועלכער איז איצט געוועזן פול מיט מענשען, האט ווידער אבגעהילכט דער בעקאנטער רוף:

— קעלנער — איין ביער — און א נייע ליולקע!



# די קליינע ראק.



ער דארפישער בריעף־טרעגער מעדעריק ראמפעל, אדער איינפאך „מעדעריק“, ווי די איינוואהנער פון זיין געגענד האבען איהם גערופען, האט צו דער געוועהנליכער צייט פערלאזען די פאסט רוא־לע־טור. נאכדעם ווי ער איז דורכגעגאנגען דאס קליין שטעדטעלע מיט די קרעפטיגע טריט פון א פריהערדיגען סאלדאט, האט ער זיך געלאזט געהן איבער די פעלדער פון פילאמס, אום צו־צוקומען צו דעם טייכעל ברינדילע, וועלכע איז געלאפען ביז צום דארף קארוועלין, וואו זיין טור האט זיך אנגעהויבען.

מעדעריק איז זיך געגאנגען זיין וועג, ניט זעהענדיג קיין זאך ארום און האט נור געטראכט פאר זיך:

„דער ערשטער בריעף איז פאר פאוויראן, דאן האב איך איינעם פאר הערר רענארדעט — איך מוז אלזא געהן דורכ׳ן וואלד“.

אין זיין בלויער בלוזע מיט דעם שווארצען לעדערנעם גארטעל ארום טאליע און מיט דעם געזונטען שטאק אין האנד האט ער מיט געמאסטענע, גלייכע טריט זיך שנעל בעוועגט איבער די גרינע פעלדער. ער איז אריבער דאס טייכעל איבער א בריק, וועלכער איז געמאכט געוועזן פון איין איינציגען בוים־שטאם, וואס מען האט אריבערגעווארפען פון איין ברעג טייך אויפ׳ן אנדערן.

דער וואלד, וואס האט בעלאנגט צו הערר רענארדעט, דעם בירגערמייסטער פון קארוועלין און דעם גרעסטען גרונדבעזיצער פון דער געגענד, איז בעשטאנען פון געוואלטיג־גרויסע אלטע בוימער ווי די זיילען. געצויגען האט זיך דער דאזיגער וואלד א האלב מייל איבער דעם לינקען ברעג פון׳ם טייך. אין דער לענג פון וואסער האבען געוואקסען הויכע בושען פון דער וואריםער זון בעשטראהלט,

אבער אין וואַלד גופא האָט זיך געפונען בלויז מאָך, דיקער, ווייכער, אויפגעבלאָזענער מאָך, וועלכער האָט אין דער אונבעוועגליכער לופט פארשפרייט דעם גערוך פון פוילקייט און אָבגעשטאָרבענע צווייגען.

מעדעריק האָט גענומען געהן לאַנגזאַמער, האָט אויסגעטהאָן דאָס שווארצע היטעל מיט די רויטע פאַסען און זיך אבגעווישט דעם שוויים פון שטערן. אויפ'ן פעלד איז שוין געווען היים, הגם עס איז ערשט געווען אכט אַ זייגער אין דער־פריה.

ער האָט נור וואָס אָנגעטהאָן זיין היטעל צוריק און זיך גע־וואָלט לאָזען געהן מיט זיין געוועהנליכען שנעלען גאַנג, ווען ער האָט צופוסען פון אַ בוים דערזעהן אַ מעסערל, אַ קליין קינדערש מעסערל. ווען ער האָט עס אויפגעהויבען, האָט ער דערזעהן אַ פינגערהוט און צוויי טריט ווייטער אַ נאָדעל־טאַש.

ער האָט גענומען די אַלע זאַכען צו זיך און געטראַכט: „איך וועל זיי אבגעבען דעם בירגערמייסטער". דאַן איז ער אוועק ווייטער זיין וועג. אָבער איצט איז ער געווען אויפמערקזאַמער און האָט געהאָפט, אַז ער וועט נאָך עפּעס געפינען.

פּלוצים איז ער געבליעבען שטעהן, ווי אַן איינגעגראָבענער. צעהן טריט פאַר זיך, האָט ער דערזעהן ליגען אַ קינד אויפ'ן מאָך. עס איז געווען מוטער־נאַקעט און איז געלעגען אויפ'ן רוקען. דאָס איז געווען אַ קליין מיידעלע, אַרום צוועלף יאָהר אַלט, מיט אויס־געשטרעקטע אַרעמס, פונאַנדערגעשפּרייטע פיס און אַ טאַשען־טוך איבער'ן פּנים. די פיס איבער די קניע זיינען געווען עטוואָס פאַר־פלעקט פון בלוט.

מעדעריק איז צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער, עפּעס ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו מאַכען אַ ליאַרם, ווי ער וואָלט געפיהלט עפּעס אַ געפאַהר און האָט זי אָנגעקוקט מיט ברייט פונאַנדערגעעפענטע אויגען.

וואָס אַזוינס איז דאָ געווען ? זי האָט הפּנים געשלאָפען ? דאַן האָט ער זיך איבערלייגט, אַז מען שלאָפט ניט אַזוי אַ נאַקעטע אונטער די בוימער אום האַלב אַכט אין דער פריה. מסתמא איז זי געווען טויט און עס האַנדעלט זיך אום אַ פערברעכען. ביי דעם דאָ־זיגען געדאַנק איז אַ קעלט איהם איבער אַלע גליעדער אריבער, הגם

ער איז אַמאָל געווען א סאָלדאַט. און דערצו איז אַ מאָרד אין יענער געגענד געווען אזא זעלטענע זאַך און נאָך אויף אַ קליין קינד, אַז ער האָט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט. אָבער ער האָט ניט געזעהן קיין וואונד, נור דאָס בלוט, וואָס האָט איבער'ן פוס געררונען. ווי אזוי האָט מען זי דען געטויט ?

ער איז געבליעבען שטעהן נאָהנט לעבען איהר און זי אָנגעקוקט, שטעהענדיג אַנגעשפּאַרט אויפ'ן שטעקעל. ער האָט זי אודאי געקענט, דען ער האָט דאָך געקענט יעדען איינציגען אין יענער געגענד. אבער אזוי ווי איהר פּנים איז געווען פאַרדעקט, האָט ער ניט געקענט זיך אָנשטויסען ווער זי איז געווען. ער האָט זיך איינגעבויגען, אום אַרונטערצונעהמען דאָס טאַשענטיכעל פון איהר פּנים, אָבער נאָך אַ קורצער איבערלייגונג האָט ער צוריקגעצויגען די אויסגעשטרעקטע האַנד.

האָט ער אַ רעכט עפּעס וואָס צו ענדערען אין דעם צושטאַנד פון דער לייכע, איידער דאָס געריכט איז דאָ געווען ? איהם האָט דאָס געריכט אויסגעזעהן ווי עפּעס אַ מין סאָרט גענעראַל, פון וועמען קיין זאַך טאָר ניט בעהאַלטען ווערען און פאַר וועמען אַ פערלאָרענער קנאָפּ איז פּונקט אזוי וויכטיג, ווי אַ שטאָך מיט אַ מעסער אין לייב. אונטער דעם טאַשענטיכעל האָט זיך אפשר געפונען אַ וויכטיגער בעוויז, וועלכער האָט אפשר געקענט פערליערען זיין ווערטה, ווען אַן אונגעשיקטע האַנד זאָל זיך אָן דעם אָנריהרען. ער האָט זיך אויפגעהויבען צו לויפען צום בירגערמייסטער. אבער אַן אַנדער געדאַנק האָט איהם ווידער צוריקגעהאַלטען : טאָמער לעבט נאָך דאָס קליין מיידעלע, דאַן קען ער עס דאָך אזוי ניט איבערלאָזען. און גאַנץ פאַרזיכטיג, אַ שטיק ווייט אוועק פון איהר, האָט ער זיך אראָבגעלאָזען אויף די קניע און אויסגעשטרעקט די האַנד צו איהר פוס. ער איז געווען קאַלט ווי אייז, פון יענער מורא'דיגער קעלט, וואָס מאַכט דאָס טויטע פלייש אזוי שרעקליך און לאָזט מעהר קיין צווייפעל ניט איבער. ביי דער דאָזיגער בעריהרונג האָט זיך דעם בריעפטרעגער איבערגעקעהרט דאָס האַרץ, ווי ער האָט שפּעטער דערצעהלט, און זיין גומען איז געוואָרען גאַנץ טרוקען. ער איז שנעל

אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט לויפען דורכ'ן וואַלד צו דאָס הויז פון הערר רענאַרדעט.

דעם שטעקען אונטער'ן אָרעם, די פויסטען צוזאַמענגעדריקט, איז ער געלאָפען אין פאָראויס און זיין לעדערנער טאַש, פול בריעף און צייטונגען, האָט זיך געוואָרפען אַהין און צוריק און איהם גע־קלאַפּט איבער'ן זייט.

דעם בירגערמייסטער'ס הויז איז געשטאַנען אויפ'ן אַנדערן עק פונ'ם וואַלד, וועלכער האָט איהם געדיענט אַלס פּאַרק און פון דער אַנדערער זייט האָבען זיך די ווענט פונ'ם הויז געשפּיעגעלט אין אַ קליין טייכעל.

דאָס איז געווען זעהר אַן אַלטע, פּיערקאַנטיגע הויז, וועלכע האָט אַמאָל אויסגעהאַלטען בעלאַגערונגען. אויף איהר האָט זיך געפונען אַ ריעזיג־גרויסער טהורעם, וועלכער איז געווען אַריינגע־בויט אין וואַסער אַריין.

פון דעם שפּיץ פון דעם דאָזיגען וואַך־טהורם האָט מען געקענט זעהן אַלעס וואָס טהוט זיך אין דער געגענד. געהייסען האָט ער, דער „פוקס־טהורם", הגם מען האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס. דערפון איז הפּנים אויך אַרויסגעקומען דער נאָמען רענאַרדעט (בוקסעל) וועל־כען דער בעזיצער האָט געטראָגען. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס דאָ־זיגע אייגענטום האָט זיך זייט צוויי הונדערט יאָהר געפונען אין דער זעלבער פאַמיליע.

דער בריעף־טרעגער איז גלייך אַריינגעלאָפען אין קיך, וואו די בעדיענטע האָבען געגעסען פריהשטיק, און האָט אויסגערופען:

— איז דער הערר בירגערמייסטער שוין אויפגעשטאַנען? איך מוז מיט איהם גלייך רעדען.

מען האָט מעדעריק'ן געקענט אַלס ערנסטען, געזעצטען מענ־שען און מען האָט זיך גלייך אָנגעשטויסען, אַז עטוואָס אונגעוועהנ־ליכעס האָט פּאַסירט.

מען האָט געלאָזט וויסען הערר'ן רענאַרדעט און יענער האָט בעפוילען צו־צולאָזען דעם בריעף־טרעגער. ער איז אַריין גלייך אַהן אַן אָטהעם מיט דעם היטעל אין האַנד און האָט געפונען דעם ביר־

גערמייסטער ביי אַ לאַנגגען טיש, וועלכער איז געווען פאַרוואַרפען מיט פערשיעדענע פּאַפּיערען.

דער בירגערמייסטער איז געווען אַ דיקער, הויכער מאַן, שווער, רויט, שטאַרק ווי אַן אָקס און זעהר בעליעבט אין דער געגענד, הגם ער האָט געהאַט אַ היציגען כאַראַקטער. ער איז געווען אַ יאָהר פערציג אַלט און זייט אַ האַלב יאָהר אַן אַלמן. אַלס דאָרפישער ערדעלמאַן האָט ער געלעבט אויף זיין גוט. זיין אויפבראַוזענדער טעמפּעראַמענט האָט איהם אָפט פערשאַפט אונאַנגענעהמליכקייטען, אבער די מאַגיסטראַטס־בעאַמטע פון רואַ־לע־טור, וועלכע זיינען געווען זיינע אינטימע פריינד, האָבען איהם שטענדיג אַרויסגעהאָלפען. מען דערצעהלט זיך פון איהם אָן, אַז איין מאָל אין אַ געוויסען טאָג, האָט ער אַרונטערגעשליידערט דעם פּאָטשטאַליאָן פון דער קעלנע, ווייל יענער האָט שיעור ניט איבערגעפאָהרען זיין יאַגד־הונד. דעם יאַגד־היטער האָט ער די ביינער צובראָכען, ווייל יענער האָט איהם אויסגערעדט, וואָס ער געהט מיט'ן ביקס איבער פרעמדע וועלדער. אַפילו דעם אונטער־פּרעפעקט האָט ער אַבגעטהאָן אַ שפּיצעל. ער איז אויס פאַמיליע טראַדיציאָנען געווען אַ געגנער פון דער רעגיערונג.

דער בירגערמייסטער האָט געפרעגט:

— וואָס איז געשעהן, מעדעריק?

— איך האָב געפונען אַ קליין מיידעלע טויט אין אייער וואַלד.

רענאַרדעט האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און איז געוואָרען רויט ווי פייער.

— וואָס זאָגט איהר? אַ קליין מיידעלע?

— יאָ, העדר בירגערמייסטער, אַ קליין מיידעלע, אין גאַנצען אַ נאַקעטע, אויפ'ן רוקען, פאַרבלוטיגט, טויט... אין גאַנצען טויט.

דער בירגערמייסטער האָט אויסגערופען:

— צום טייפעל, איך וואָלט וועטען, אַז דאָס איז די קליינע ראָק. מען האָט מיר נור וואָס געמעלדעט, אַז זי איז נעכטען ביינאַכט ניט געקומען אַהיים צו איהר מוטער. וואו האָט איהר זי געפונען?

דער בריעף־טרעגער האָט ערקלעהרט דעם פּלאַץ, דערצעהלט

נאָך אַ פּאָאָר איינצעלהייטען און זיך אָנגעבאָטען צו בעגלייטען דעם בירגערמייסטער.

אָבער רענאַרדעט האָט געענטפערט גראָב:

— ניין, איך דאַרף אייך נים. שיקט מיר גלייך דעם וואַלד־וועכטער, דעם ראטה־שרייבער און דעם דאָקטאָר. און דאַן געהט זיך טהאָן אייער אַרבייט. אָבער שנעל, שנעל! און זאָגט זיי, אַז מיר וועלען זיך טרעפען אין וואַלד.

דער בריעף־טרעגער האָט געפאָלגט, ער האָט זיך צוריקגעצויגען בייז און פערצוויפעלט, וואָס ער קען נים בייוואָהנען די אונטערזוכונג.

דער בירגערמייסטער האָט גענומען זיין הוט, אַ גרויסען, וויי־כען, גרויען, פעלצענעם הוט מיט ברייטע בענדער, און איז געבליע־בען אַ פּאָאָר סעקונדען שטעהן אין הויז־טיר. פאַר דער טיר האָט זיך געצויגען אַ גאָרטען מיט דריי גרויסע בלומען־בעטען, פול מיט ווייסע, רויטע און בלויע בלומען, איינס פונקט אַנטקעגען דעם הויז, איינס לינקס און איינס רעכטס. ווייטער אין דרויסען האָבען די ערשטע בוימער פון וואַלד זייערע קעפּ צום הימעל געצויגען, וועהרענד אויף דער אַנדערער זייט פון׳ם טייך האָבען זיך געצויגען לאַנגע, ברייטע, גרינע פעלדער.

רעכטס הינטער די שטאַלען, שפּייכלער און דאָס פּריצישע הויז האָט זיך אָנגעהויבען דער דאָרף, אַ רייכער אָרט בעוואָהנט פון לויטער פּיה־ציכטער.

רענאַרדעט איז לאַנגזאַם אַרונטער פון די טרעפּ, זיך גענומען לינקס צום וואַסער, צו וועלכען ער האָט זיך געלאָזט געהן מיט לאַנגזאַמע טריט, די הענד אויפ׳ן רוקען פאַרלייגט. ער האָט גע־קנייטשט דעם שטערן און זיך פון צייט צו צייט אַרומגעקוקט, צו די לייטע, נאָך וועלכע ער האָט געשיקט, קומען נים.

ווען ער איז אַבגעגאַנגען אַ שטיקעל וועג, איז ער שטעהן גע־בליעבען, האָט אַרונטערגענומען זיין הוט און האָט זיך אָבגעווישט דעם שטערן, פּונקט אַזוי ווי מעדעריק האָט עס פריהער געטהאָן, וואָרום די גליהענדע יוני־זון האָט ווי מיט פייער די ערד געברענט. דאַן איז דער בירגערמייסטער אַוועק ווייטער זיין וועג, איז ווידער

שטעהן געבליעבען, האָט זיך אומגעקעהרט, און פּלוצים האָט ער זיך איינגעבויגען און איינגעטונקט זיין טאַשענטוך אין טייך, וועלכער האָט געמורמעלט נעבען זיינע פיס. דאַן האָט ער דאָס טיכעל אויפגעלייגט אויף זיין קאָפּ אונטער דעם הוט. טראָפּענס וואסער האָבען איהם גענומען רינען איבער די שלייפען, אויף די בלויע אויערען, אויף זיין דיקען, רויטען האַלז און זיינען איינער נאָך דעם אַנדערן אריינגערונען אונטער דעם ווייסען קראַגען פון זיין העמד.

און אזוי ווי קיינער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוויזען, האָט ער א טופּע געטהאָן מיט'ן פוס און אויסגערופען:

— האַללאָ!

און דער דאָקטאָר האָט זיך בעוויזען פון צווישען די בוימער. עס איז געווען א קליינער, מאָגערער מאַן, אַן אַמאָליגער מיליטערישער דאָקטאָר, וועלכען מען האָט אין דער געגענד געהאַלטען פאַר א גרויסען מומחה. ער האָט געהונקען, ווייל ער איז פערוואונדעט געוואָרען אין דיענסט, און איז געגאַנגען געשטיצט אויף א שטעקען. גלייך האָט מען אויך דערזעהן דעם וואַלד־וועכטער און דעם ראטהשרייבער, וועלכע זיינען ביידע געקומען אין איין צייט, ווייל מען האָט זיי ביידען אָנגעזאָגט אין איין צייט. זיי האָבען אויסגעזעהן שטאַרק אויפגערעגט, זיינען געלאָפען אָהן אָטהעם, און האָבען אין גאַנג געוואָרפען מיט די ארעמס אזוי פעסט, ווי זיי וואָלטען נויטיגער געווען צום געהן ווי די פיס.

רענאַרדעט האָט זיך געווענדעט צום דאָקטאָר:

— ווייסט איהר וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך?

— יאָ, מעדעריק האָט געפונען א טויטען קינד אין וואַלד.

— גוט, אַלזאָ געהען מיר.

זיים ביי זיים זיינען זיי אַוועק אהין, בעגלייט פון די אַנדערע צוויי מענער. זייערע טריט האָבען ניט געמאַכט דעם מינדעסטען גערויש איבער דעם מאָך און זיי זיינען געגאַנגען, זוכענדיג פאָראויס מיט די אויגען. פּלוצים האָט דאָקטאָר לאַ־בארב אויסגעשטרעקט ארעם:

— אָט ליעגט זי!

נאָך פון ווייטען האָט מען דערזעהן אונטער די בוימער עטוואָס העללעס. ווען זיי זאָלען ניט האָבען געוואוסט וואָס דאָס איז, וואָל־טען זיי ניט געטראָפען. עס האָט געלויכטען אַזוי העל, אַז מען האָט געקענט מיינען דאָרט ליעגט וועש. ווייל אַ זונען־שטראַהל האָט זיך דורגעריסען דורך די צווייגען און האָט געוואָרפען אַ העלען שיין אויף דעם קערפּער. ווען זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער, האָבען זיי ביסלאַכווייז גענומען אונטערשיידען די געשטאַלט, דעם פאַרדעק־טען קאָפּ, וועלכער איז געלעגען צום וואַסער צו און דיביידע אָרעמס רעכטס און לינקס אויסגעשטרעקט ווי ביי אַ געקרייציגטער.

— עס איז שרעקליך היים — האָט געזאָגט דער בירגערמייס־טער.

און זיך ווידער צוגעבויגען צום טיכעל, האָט ער פון דאָס ניי איינגעטונקט דאָס טיכעל, וועלכעס ער האָט צוריק אַרויפגעלייגט אויפ'ן קאָפּ.

דער דאָקטאָר האָט זיך געלאָזט געהן שנעלער, די ענטדעקונג האָט איהם פּעראינטערעסירט. אַזוי גיך ווי ער איז צוגעקומען צו דער מיידעלע, האָט ער זיך צוגעבויגען צו איהר, ניט אָנריהרענדיג זי. ער האָט אָנגעטהאָן זיינע ברילען, ווי ער האָט געוועהנליך גע־טהאָן, ווען ער האָט בעטראַכט עפּעס אַ זעלטענע זאַך און איז לאַנג־זאַם געגאַנגען אַרום און אַרום דער לייכע.

נישט אויפהויבענדיג זיך פון אָרט, האָט ער געזאָגט:

— פערגוואַלטיגונג און מאָרד. מיר וועלען דאָס שפּעטער פאַרצייכענען. איבריגענס איז דאָס מיידעל שוין כמעט ערוואַקסען. זעהט איהר ברוסט, — ביידע שוין נישקשה'דיג ענטוויקעלטע בריסט זיינען איצט געווען עטוואָס איינגעפאַלען און וויייך פון דעם איינגעטראָטענעם טויט.

דער דאָקטאָר האָט לייכט אויפגעהויבען דאָס טאַשענטיכעל, וואָס האָט צוגעדעקט דעם קאָפּ. דאָס פּנים איז געווען שוואַרץ, מורא'דיג, מיט אַן אַרויסגעשטרעקטער צונג און אויסגעפּוטשעטע אויגען. ער האָט געזאָגט:

— מיין גאָט, מען האָט זי דערוואָרגען נאָך דער שענדליכער טהאַט.

ער האָט אָנגעריהרט איהר האַלז.

—מיט די הענד האָט מען זי דערשטיקט, הגם עס זיינען ניט געבליעבען קיין סמנים. קיין קריץ פון אַ נאָגעל, אָדער אַ צייכען פון אַ פינגער. יאַ, יאַ, עס איז די קליינע ראָק, געוויס איז דאָס זי.

ער האָט פאָרזיכטיג צוריק אַרויפגעלייגט דאָס טאַשענטיכעל:

— איך קען מעהר גאָרנישט העלפען, זי איז וויינינגסטענס שוין צוועלף שטונדען טויט. מען מוז לאָזען רופען דאָס געריכט.

רענאַרדעט איז געשטאַנען מיט די הענד אויפ'ן רוקען און האָט מיט שטאַרע אויגען בעטראַכט דעם קליינעם קערפּער אויפ'ן גראָז. ער האָט געמורמעלט:

— אַזאַ שופט! לאָמיר אקאַרשט זוכען די קליידער.

דער דאָקטאָר האָט אַרומגעטאַפּט איהרע הענד, די אָרעמס, די פיס און געזאָגט:

— זי האָט זיך וואהרשיינליך געבאָדען, איהרע זאַכען וועלען מסתמאַ זיין ביים וואַסער.

דער בירגערמייסטער האָט געגעבען אַ בעפעהל:

— דו, פּרינציפּ, (דאָס איז געווען דער ראַטה־שרייבער) זוך די קליידער נעבען טייך. דו, מאַקסים (דאָס איז געווען דער וואַלד וועכטער) לויף נאָך רואַ־לע־טור און ברייננ דעם אונטערזוכונגס ריכטער און דעם זשאַנדאַר. אין אַ שטונדע צייט מוזען זיי זיין דאַ, דו הערסט?

ביידע מענער זיינען שנעל אַוועק. און רענאַרדעט האָט געזאָגט צום דאָקטאָר:

— וואָס פאַר אַ לומפּ האָט געקענט טהאָן אַזאַ מין זאַך אין אונזער געגענד?

דער דאָקטאָר האָט זיך אבגערופען:

— ווער ווייס, אויף דעם איז יעדערער פעהיג. יעדער בעזונדער און קיינער ניט אין אַלגעמיין. יעדענפאַלס האָט עס געמוזט זיין עפּעס אַ טרעמפּ, אַן אַרבייטסלאָזער! זייט ווי מיר האָבען אַ רעפּובליק זיינען אַלע גאַסען פול מיט דער חברה.

זיי זיינען ביידע געווען באָנאַפּאַרטיסטען.

דער בירגערמייסטער האָט פאָרטגעזעצט:

— יאָ, עס האָט הפּנים געמוזט זיין עפּעס אַ פרעמדער, אַ לעדיג־געהער, אַ טרעמפּ, אָהן ברויט און אָהן אַ היים.

דער דאָקטאָר האָט צוגעלייגט מיט אַ האַלבען שמייכעל:

— און אָהן אַ ווייב. אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט וואָס צו עסען און וואו צו שלאָפען, האָט ער זיך אַם ווענינגסטענס פער־שאַפט יענעם פערגעניגען... מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, וויפיעל מענשען עס זיינען דאָ אויף דער וועלט, וועלכע זיינען אין אַ געוויסען מאָמענט פעהיג אויף פערברעכען. האָט איהר דען גע־וואוסט, אַז די קליינע איז פערשוואונדען געוואָרען?

און מיט דעם שפּיץ פון זיין שטעקען האָט ער בעריהרט די שטאַרע פינגער פון טויטער, איינעם נאָך'ן אַנדער'ן, און האָט אויף זיי געדריקט ווי אויף די ביינדלאַך פון אַ פּיאַנאָ.

— יאָ. די מוטער אַז נעכטען ביינאַכט אַרום ניין אזייגער געווען ביי מיר, ווייל דאָס קינד איז ניט געקומען אַהיים אום זיבען צום אָבענד עסען. ביז האַלבע נאַכט האָבען מיר עס אַרומגעזוכט אין די גאַסען, וועגען דעם וואַלד איז אונז גאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף. אויסערדעם האָט אַפריהער געמוזט ווערען טאָג, אום מען זאָל זי קענען ווי געהעריג איז זוכען.

— רויכערט איהר אַ סיגאַר? — האָט געפרעגט דער דאָקטאָר.

— יאָ דאַנק, איך האָב ניט קיין לוסט צו רויכערען. איך קען עטוואָס אַזוינס ניט זעהן.

זיי זייען ביידע געבליעבען שטעהן נעבען דעם צאַרטען האַלב ערוואַקסענעם קערפּער, וועלכער האָט אויסגעזעהן אַזוי בלייך אויף דעם דונקעלעם מאָך. אַ גרויסע, בלויע פליג, וועלכע איז אַרומגע־פלויגען איבער'ן קניע, האָט זיך אָבגעשטעלט אויף דעם פאַרבלו־טיגטען פלאַץ אַ ווייל, איז אַוועקגעלאָפען, דאַן ווידער צוריקגעקו־מען, זיך געלאָזט קלעטערן איבער'ן גאַנצען לייב שנעל און מיט גליי־כע בעוועגונגען, איז אַרויפגעקראָכען אויף איין ברוסט, דערנאָך אויף דער אַנדערער און געזוכט עפּעס צו זויגען אויף דער דאָזיגער טויטער. ביידע מענער האָבען געקוקט אויף דעם אָהין און אָהער לויפענדיגען שוואַרצען פּונקט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— ווי שעהן אזא פליעג זעהט אוים אויף דער הויט. די פרוי־ען פון דעם פאַריגען יאָהרהונדערט האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, פאַר וואָס זיי קלעפּען זיך דאָס אָן אויפ׳ן פּנים. פאַרוואָס טראָגט מען דאָס שוין נים מעהר, וואָלט איך וועלען וויסען.

דער בירגערמייסטער איז געווען פאַרטהאָן אין געדאַנקען און האָט ווי עס שיינט גאַרנישט געהערט.

אבער פלוצים האָט ער זיך אומגעקעהרט, אַ גערויש האָט זיי־נע געדאַנקען איבערגעשלאָגען. אַ פרוי אין אַ מיצעל, מיט אַ בלויען שירץ ארומגעבונדען, האָט זיך אריינגעריסען צווישען די בוימער. דאָס איז געווען די מוטער, די אַלטע ראָק. ווי נור זי האָט דער־זעהן רענאַרדעט, האָט זי גענומען יאָמערן:

— מיין קליינע, מיין קליינע, וואו איז מיין קליינע? — זי איז געווען אַזוי פערצווייפעלט, אַז זי האָט גאַרניט געקוקט אויף דער ערד. מיט אַמאָל האָט זי דערזעהן די טויטע, זי איז פלוצים גע־בליעבען שטעהן, ווי די פיס וואָלטען זיך איהר אונטערגעהאַקט, האָט אַ פּאַטש געטהאָן מיט די הענד, אויפגעהויבען ביידע אַרעמס און ארויסגעלאָזט אַ שאַרפען, הערצרייסענדען געשריי, ווי אַ פערוואונ־דעטע חיה.

דאַן האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזען איבער דעם קערפּער אויף די קניע און מיט איין ציה אַראָבגעריסען דאָס טיכעל פון פּנים. ווען זי האָט דערזעהן דאָס מורא׳דיג, שוואַרץ, צוקרימט פּנים, אי זי ווידער אויפגעשפּרונגען, זיך אַ וואַרף געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אָן ד׳רערד און גענומען שרייען מיט מורא׳דיגע קולות אין דאָס געדיכטע מאַך אריין.

איהר גרויסער מאָגערער קערפער, אויף וועלכען די קליידער זיינען געהאַנגען ווי אויף אַ שטעקען, האָט געצוקט פון קרעמפּפען. מען האָט געזעהן, ווי עס טרייסלען זיך איהרע פיס אין גראָבע בלויע זאָקען. מיט איהרע צוקרימטע פינגער האָט זי די ערד געריסען, ווי זי וואָלט אַ גרוב געגראָבען, אום זיך דאָרט צו בעהאַלטען.

דער דאָקטאָר איז געריהרט געוואָרען און ארויסגעמורמעלט:

— אָרימע אַלטע!

רענאַרדעט האָט ארויסגעלאָזען עפּעס אַ מאָדנעם גערויש, עפּעס

ווי ער וואָלט אַ ניט געטהאָן מיט׳ן מויל און נאָז אין איין צייט. ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכעל, פאַרשטעלט זיך דעם מויל און גענומען הוסטען, שלוכצען, קוויטשען אין טיכעל אריין און דערביי זיך געשנייצט מיט אַ געפילדער. ער האָט געשטאַמעלט:

— גאָט! גאָט! צום טייפעל, ווער קען זיין אזא שוויין?! איך וואָלט וועלען זעהן, ווי מען שניידט איהם דעם קאָפּ אַרונטער.

דאָ האָט זיך ווידער בעוויזען פּרינציפּ זעהר פערצווייפעלט, ער האָט גאָרנישט געבראַכט און אויסגערופען:

—איך קען גאָרנישט געפינען, הערר בירגערמייסטער, גאָרנישט אין ערגעץ נישט.

רענאַרדעט האָט געענטפערט מיט אַ טרוקענער, פאַרשטיק־טער שטימע, שטאַרק צומישט:

— וואָס קענסטו נישט געפינען?

— דער קליינער׳ס קלייד.

— נאַ, נאַ, נו, אָבער זוך דאָך ווי עס געהער צו זיין, זוך! דו מוזט זיי געפינען, אז ניט וועסטו האָבען מיט מיר צו טהאָן.

דער מאַן האָט גוט געוואוסט, אז עס לוינט זיך ניט צו האָבען צו טהאָן מיט דעם בירגערמייסטער און אַ פאַרצווייפעלטער איז ער ווי־דער אַנטלאָפען, וואַרפענדיג אויף דער לייכע אַ קורצען, צושראָקע־נעם בליק.

פון ווייטען, הינטער די בוימער, האָבען געקלונגען שטימען, עס האָט זיך געהערט דאָס אונבעשטימטע הו־האַ פון אַן עולם מענ־שען, וואָס דערנעהנטערט זיך אַהער, ווייל מעדעריק האָט, פונאַנ־דערטראָגענדיג די בריעף, פאַרשפּרייט די נייעס פון טיהר צו טיהר. די לייטע זיינען צוערשט געווען אויסער זיך, האָבען זיך צוזאַמענ־געקליבען פון אַלע זייטען און גערעדט דערפון אין גאַס, האָבען דיס־קוטירט, געוואונדערט זיך, געפּלוידערט איבער דאָס געשעהענע און איצט זיינען זיי געגאַנגען אהער אום צו זעהן מיט זייערע אייגענע אויגען.

גרופּענווייז, עטוואָס אונזיכער, אורוהיג און אויפגערעגט זיינען זיי צוגעקומען אַלץ נעהנטער און נעהנטער. ווען זיי האָבען דער־

זעהן דעם טויטען קערפּער, זיינען זיי שטעהן געבליעבען, האָבען ניט געוואגט צו געהן נעהנטער און האָבען גערעדט אין דער שטיל.

דאן האָבען זיי זיך אָנגענומען מיט מוט, זיינען צוגעקומען נאָך אַ פּאָאַר טריט און האָבען ארומגערינגעלט די טויטע. ארום דאָס קינד, דער מוטער, רענאַרדעט און דעם דאָקטאָר האָט זיך באַלד געבילדעט אַן ענגער קרייז, וועלכער איז געוואָרען אַלץ געדיכטער פון די נייע אָנגעקומענע. באַלד זיינען זיי געשטאַנען גאַנץ נאָהנט נעבען דער לייכע, אַ פּאָאַר פון זיי האָבען זיך איינגעבויגען, אום זי אַ טאַפּ צו טהאָן. דער דאָקטאָר האָט זיי אוועקגעטריעבען.

פּלוצים האָט זיך דער בירגערמייסטער צוקאָכט, ער האָט געכאַפּט דעם דאָקטאָר׳ס שטעקען, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף די מענשען און גענומען שרייען :

— טראָגט זיך אָב פון דאנען ! טראָגט זיך אָב פון דאנען, איהר לומפּען ! — און אין אַ פּאָאַר אויגענבליקען האָט זיך דער קרייז פון די נייגעריגע אוועקגערוקט אויף אַ צוויי הונדערט מעטער.

די אַלטע ראָק האָט זיך אויפגעהויבען, זיך אומגעדרעהט און איצט איז זי געזעסען און געוויינט דעם פּנים מיט די הענד פאַרשטעלט.

צווישען דעם עולם האָט מען גערעדט איבער דעם צופאַל, און נייגעריגע איננעלשע אויגען האָבען בעטראַכט דעם נאַקעטען לייב. רענאַרדעט האָט עס באַמערקט, ער האָט פּלוצים אויסגעטהאָן זיין לייוועגטענעם ראָק און איהם אַרויפגעוואָרפען אויף דאָס מיידעל, וועלכע איז אין גאַנצען פערשוואונדען אונטער דעם גרויסען בגד.

לאַנגזאַם זיינען די נייגעריגע צוגעקומען נעהנטער. דער וואַלד איז געווען פול מיט מענשען, אַ הוהא פון שטימען האָט געהילכט ארום און זיך געטראָגען ביז די שפּיצען פון די בוימער אַרויף.

דער בירגערמייסטער איז געבליעבען שטעהן אין דעם אויבערהעמד, מיט דעם שטאָק אין האַנד, גרייט צום קאַמפּף. ער האָט געשיינט צו זיין גאַנץ פערצווייפעלט איבער דער נייגירדע פון דער בעפעלקערונג און ער האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען :

— ווען עמעצער רוקט זיך צו נעהנטער, דער׳הרג׳ע איך איהם, ווי אַ משוגענעם הונד.

די פויערים האָבען פאַר איהם שטאַרק מורא געהאַט און זיך געזעגענט פון ווייטען. דאָקטאָר לאַבאַרב האָט געטרויערט, זיך געזעצט נעבען דער אַלטער ראָק, און צו איהר גערעדט און זי געטרייסט.

די אַלטע האָט גלייך צוגענומען די הענד פון פּנים און, בעוואַשעדיג זיך מיט טרעהרען, האָט זי גענומען רעדען פון איהרע וועהטאָגען. זי האָט איהם דערצעהלט איהר גאַנץ לעבען, פון איהר חיונה, איהר מאַן׳ס טויט, וועלכער האָט געפּאַשעט אָקסען און וועלכען אַן אָקס האָט מיט זיינע הערנער דער׳הרג׳עט, די קינדהייט פון איהר מיידעלע, איהר פינסטער לעבען אַלס אַלמנה אָהן פּרנסה און מיט אַ קליין קינד. אין דער גאַנצער וועלט האָט זי נור געהאַט די קליינע לואיזע. און איצט האָט מען זי געטויטעט, דאָ אין וואַלד האָט מען זי אומגעבראַכט. פּלוצים האָט זיך איהר פאַרוואָלט נאָך אַ מאָהל אויף איהר אַ קוק טהאָן. אויף די קניע איז זי צוגעקראָכען צו דער לייכע, האָט אויפגעהויבען אַ שפּיץ פון דעם ראָק מיט וועלכען זי איז געווען צוגעדעקט, האָט עס גלייך צוריק געלאָזט פאַלען און אויף דאָס ניי גענומען יאָמערן. דער עולם האָט געשוויגען און אויפמערקזאַם בעטראַכט אַלע בעוועגונגען פון דער מוטער.

אָבער פּלוצים איז אויף דעם עולם אָנגעפאַלען אַ שטאַרקע אויפרעגונג און פיעלע האָבען אויסגערופען: — די זשאַנדאַרען! די זשאַנדאַרען!

צוויי דאָרפישע זשאַנדאַרען האָבען זיך דערזעהן פון ווייטען לויפענדיג מיט זייער אָפיצער און אַ קליינעם הערר מיט רויטע וואַנצעס, וועלכער האָט ארומגעטאַנצט אויף אַ פערדעל, ווי אַן אַבעזיאַנע.

דער וואַלד וועכטער האָט געטראָפען הערר פּוטאָן, דעם אונטערזוכונגס ריכטער, גראָדע אין דעם אויגענבליק, ווען יענער האָט זיך געזעצט אויף זיין פערד אום צו מאַכען זיין טעגליכען שפּאַציר רייטענדיג, וואָרום ער אַליין און די אָפיציערען האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ גרויסען רייטער. ער איז צוגעקומען צוזאַמען מיט דעם אָפיציער. האָט געדריקט די האַנד דעם בירגערמייסטער און דעם

דאָקטאָר און געוואָרפען אַ קורצען בליק אויף דעם לייוונטענעם ראָק אונטער וועלכען די לייכע איז געלעגען.

ווען ער האָט זיך אַלעם געגוי דערוואוסט, האָט ער פריהער גע־לאָזט דעם עולם צוריקטרעטען; די זשאַנדאַרען האָבען איהם גע־נומען יאָגען פון וואַלד ארויס, אָבער די לייטע האָבען זיך באַלד ווי־דער בעוויזען אויפ'ן פעלד און דאָרטען געבילדעט אַ געדיכטע וואַנד פון אויפגערעגטע קעפּ. די דאָזיגע וואַנד האָט זיך געצויגען אין דער לענג פון דער ברינדילע, אויף דער אנדערער זייט פון טייך.

איצט האָט דער דאָקטאָר געגעבען זיינע בעמערקונגען און רע־נאַרדעט האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, וועלכען ער האָט אריינגע־שריעבען מיט אַ בליישטיפט אין זיין טאַשען־ביכעל. יעדע זאַך איז בעזונדער פערשריעבען און בעשפּראָכען געוואָרען הגם עס האָט צו קיין ענטדעקונג ניט געפיהרט. דערוויילל איז אויך מאַקסים צו־ריקגעקומען אָבער פון די זאַכען האָט ער קיין סמן ניט געפונען.

דאָס האָט אַלעמען ערשטוינט, קיינער האָט דאָס ניט געקענט ערקלעהרען אַנדערש, ווי מיט גניבה. און אזוי ווי דער מיידעל'ס טראָנטעס זיינען קוים ווערטה געווען צוואַנציג סו, האָט זיך דאָס קיינעם ניט געלייגט אויפ'ן שכל.

דער אונטערזוכונגס־ריכטער, דער בירגערמייסטער, דער זשאַנ־דאַרם־אָפיציער און דער דאָקטאָר האָבען זיך אוועקגעלאָזט זוכען און האָבען פונאַנדערגענומען די קלענסטע צווייגען אין דער גאַנצער לייגג פון טייך.

רענאַרדעט האָט געזאָגט צום אונטערזוכונגס־ריכטער:

— ווי קומט עס וואָס דער באַנדיט האָט די טראָנטעס בעהאַל־טען אָדער מיטגענומען און דעם קערפּער האָט ער געלאָזט ליגען אזוי עפענטליך פאַר אַלעמענס אויגען?

דער אנדערער האָט געענטפערט ביטרע און אַלעס פאַראויס־זעהענדיג:

— כאַ — כאַ, אפשר איז דאָס נור אַ שפּיצעל. דעם פערברע־כען האָט בעגאַנגען אַ לומפּ אָדער אַ ביטרער זשוליק. אויף יעדען פאַל וועלען מיר איהם געפינען.

פון ווייטען האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון אַ וואָגען און זיי האָבען אַלע אומגעקעהרט די קעפּ.

דאָס איז געווען דער שטאַאַטס־אַנוואַלט, דער געריכטס־דאָק־טאָר און דער געריכטס־שרייבער, וועלכע זיינען איצט געפאָהרען אַהערצו. אַלע צוזאַמען האָבען זיי די זאַך ווידער אַמאָל ארומגע־רעדט.

פלוצים האָט רענאַרדעט געפרעגט:

— מיינע הערען, קען איך אייך איינלאַדען צום פריהשטיק?

זיי האָבען אַלע אָנגענומען מיט אַ שמייכעל און דער אונטער־זוכונגסריכטער האָט זיך געווענדעט צום בירגערמייסטער מיט אַ פּראגע:

— איך קען דאָך הייסען בריינגען די לייבע צו אייך, ניט אמת? ביי אייך וועט זיך וואהרשיינליך געפינען עפּעס אַ צימער וואו איהר צו האַלטען ביז היינט ביינאַכט.

רענאַרדעט איז געוואָרען אַביסעל צומישט און האָט גע־שטאַמעלט:

— יאָ... ניין, — דעם אמת געזאָגט וועט עס מיר זיין אונאַנ־גענעהם, צוליעב, צוליעב מיינע בעדיענטע. זיי רעדען שוין אַזוי אויך פון געשפּענסטער אין מיין טורעם, אין דעם פוקסטורעם. איהר ווייסט דאָך... ניין, עס וואָלט מיר זיין פיעל ליעבער די לייבע זאָל ניט געבראַכט ווערען צו מיר.

דער בעאַמטער האָט געשמייכעלט:

— גוט. דאַן וועל איך די טויטע גלייך שיקען קיין רוא אום דער געריכטס־דאָקטאָר זאָל זי דאָרט אונטערזוכען. ער האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צום שטאַאַטסאַנוואַלט און געזאָגט:

— קען איך דערצו געברויכען אייער וועגעל?

— יאָ, געוויס.

זיי האָבען זיך אַלע צוריק אומגעקעהרט צום טויטען קינד. די אַלטע ראָק איז איצט געזעסען נעבען איהר טאָכטער, האָט געהאַל־טען איהרע הענד און געקוקט פאַר זיך מיט אויסגעגלאָצטע אוי־גען, ווי אַ משוגענע.

ביידע דאָקטוירים האָבען פּרובירט זי אוועקפיהרען פון דאַנען

און איהר ווי עס איז פאַררייִדען, אום זי זאָל ניט זעהן, ווי מען נעהמט צו דאָס מיידעל. אָבער זי האָט גלייך פערשטאַנען. וואָס מען געהט דאָ טהאָן, זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דעם קערפּער, איהם אַרומגענומען, איז געבליעבען ליעגען איבער איהם און אויס־געריפען : —

— איהר וועט דאָס קינד ניט צונעהמען ביי מיר, עס געהערט מיר, איצט איז עס נאָך מיין קינד, מיינע. מען האָט זי מיר דער־הרג'עט, געטויטעט, אָבער איצט וויל איך זי האָבען, איך גיב זי ניט אוועק.

די מענער זיינען געבליעבען שטעהן אַרום איהר אונענטשלאָ־סען, צומישט. רענאַרדעט האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע אום מיט איהר צו ריידען :

— קומט דאָך צו זיך, פרוי ראָק. איהר פערשטעהט דאָך אַליין, אַז עס מוז אַזוי זיין, אום אַרויסצוקריעגען ווער עס האָט זי געטויי־טעט. אַז ניט וועט מען עס ניט קענען דערגעהן. מען מוז איהם דאָך זוכען און בעשטראָפען. איהר קריעגט אייער טאָכטער צוריק, אַזוי גיך ווי מען האָט איהם געפונען, איך זאָג עס אייך צו.

דער דאָזיגער גרונד האָט געמאַכט די פרוי עטוואָס אונזיכער און פון איהר פערצווייפעלטען בליק האָט אַ לייכט געטהאָן עטוואָס ווי האָס.

— איז מעגליך אַז מען זאָל איהם כאַפּען ?

— יאָ, איך פאַרשפּרעך דאָס אייך.

זי האָט זיך אויפגעהויבען ענטשלאָסען צו לאָזען זיי טהאָן דאָס, וואָס זיי ווילען, אָבער ווען דער אָפיציער האָט געזאָגט : — „עס איז דאָך מערקווירדיג, וואָס מען האָט ניט געקענט געפינען איהרע קליידער" — איז אין איהר פּויערשען קאָפּ פּלוצים איינגעפאַלען אַ געדאַנק און זי האָט געזאָגט :

— וואו זיינען דען איהרע טראַנטעס ? זיי געהערען צו מיר. איך וויל זיי האָבען. וואו האָט מען זיי אהינגעטהאָן ?

מען האָט איהר ערקלעהרט, אַז מען האָט זיי ניט געפונען.

אָבער זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז זי וויל זיי אונבעדינגט האָבען און האָט פערצווייפעלט געקלאָגט און געיאָמערט:

— זיי געהערען צו מיר, איך וויל זיי האָבען. זיי זיינען מיינע, איך וויל זיי האָבען.

און וואָס מעהר מען האָט זי געזוכט צו בערוהיגען, אַלץ מעהר האָט זי געשלוכצעט און זיך געוועהרט. זי האָט שוין מעהר ניט געוואָלט דעם קערפּער, די קליידער האָט זי איצט געוואָלט, די קליי־דער פון איהר טאָכטער אַלס אָנדענקען פון איהר און אפשר אויך פון גרוים אָרימקייט און קאַרגשאַפט וואו יעדעס פּיצעלע איז אַ גאַנצער פערמעגען.

און ווען דער קליינער קערפּער איז פערשוואונדען אין וועגעל איינגעוויקעלט אין דעקען, וועלכע מען האָט געבראַכט פון רענאַר־דעט׳ס הויז, און די אַלטע איז געבליבען שטעהן אונטער די בוימער געהאַלטען פון בירגערמייסטער און פון אָפיציער, האָט זי אויסגע־רופען:

— איך האָב שוין איצט גאָרנישט, גאָרנישט מעהר! איך האָב מעהר גאָרנישט אויף דער דער גאַנצער וועלט. גאָ־ר־נישט, ניט אפילו איהר קליין מיצעל, איהר מיצעל.

דער פּריסטער איז נור וואָס אָנגעקומען, אַ יונגער שוין זעהר בעליבטער פּריסטער. ער האָט גענומען אויף זיך אוועקצופיהרען די אַלטע מוטער און זי זיינעןביידע צוזאמען אוועק אין דאָרף. אונטער די זיסע רייד פון דעם גייסטליכען האָט זיך דער טיעפער וועהטאָג פון דער מוטער בערוהיגט, דען ער האָט איהר צוגעזאָגט טויזענד אַנדערע זאַכען. אָבער זי האָט ניט אויפגעהערט צו טענה׳ן:
— ווען איך זאָל האָטש נור האָבען איהר קליין מיצעל! — און דער דאָזיגער געדאַנק האָט זיך איהר איינגעגעסען אין מוח און פון דאָרט ארויסגעטריבען אַלע איבעריגע רעיונות.

רענאַרדעט האָט אַ געשריי געטהאָן פון ווייטען: —

— איהר קומט דאָך צום פריהשטיק, הערר פּריסטער. אין אַ שטונדע ארום געהען מיר צום טיש.

—מיט פערגעניגען, הערר בירגערמייסטער. אום צוועלף בין איך ביי אייך.

און אַלע האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צום הויז, וועמעס גרויע ווענד און געוואַלדיגער טורעם עס האָט זיך דורך די צווייגען דורכ־געזעהן.

דאָס מאַלצייט האָט געדויערט אַ צייט לאַנג. מען האָט גע־רעדט פון דעם פערברעכען. אַלע זיינען געווען איינשטימיג מיט דער מיינונג, אַז עפּעס אַ לאַנדשטרייכער, וועלכער איז צופעליג דורכ־געגאַנגען דורך זייער געגענד, האָט דערזעהן די קליינע ביים באָדען זיך און האָט זי ערמאָרדעט.

דאַן האָבען זיך די העררן אומגעקעהרט צוריק קיין רוען נאָכ־דעם ווי זיי האָבען אָבגערעדט מאָרגען פריה זיך ווידער צוזאַמענ־קומען. דער דאָקטאָר און דער פּריסטער זיינען אַוועק אַהיים, בעת רענאַרדעט האָט נאָך געמאַכט אַ לאַנגען שפּאַציערגאַנג איבער די פעלדער און איז דערנאָך אַוועק צוריק אין וואַלד אריין, וואו ער איז ארומגעגאַנגען אהין און צוריק מיט אַ לאַנגזאַמען טריט, די הענד אויפ׳ן רוקען פאַרלייגט, ביז עס איז פינסטער געוואָרען.

ער איז געגאַנגען פריה צו בעט, און ווען דער אונטערזור־כונגסריכטער איז אויף מאָרגען אין דער פריה אריין צו איהם אין צימער, איז ער נאָך געשלאָפען. יענער האָט זיך געריבען די הענד מיט אַ צופריעדענער מינע און האָט געזאָגט:

— אַך, איהר שלאָפט נאָך. הערט אויס, מיין ליעבער, מיר האָבען היינט אין דער פריה עפּעס געפונען.

דער בירגערמייסטער האָט זיך אַ הויב געטהאָן און געזעצט זיך אין בעט:

— וואָס דען?

— עטוואָס זעהר מערקווירדיגעס. איהר געדענקט אַז די מו־טער האָט נים אַנדערש געוואָלט נור מען זאָל איהר געבען די זאַ־כען אלס אנדענקען פון איהר טאָכטער, איבערהויפּט האָט זי גע־קלאָגט נאָך דער קליינער מיצעל. און היינט אין דער פריה, ווען זי האָט געעפענט די טיהר, האָט זי אויפ׳ן שוועל געפונען ביידע קליינע הילצערנע שיך פון דעם קינד. דאָס בעווייזט, אַז דער פער־ברעכען איז בענאַנגען געוואָרען פון עמיצען פון דיעזער געגענד און אַז ער האָט מיט איהר מיטלייד געקריגען. און אויסערדעם האָט מיר

דער בריעף־טרעגער מעדעריק געבראַכט דעם פינגערהוט, דאָס מע־סערל און די נאָדעלטאַש פון דער טויטער. דער מערדער האָט הפּנים אַנגעוואָרען די זאַכען פון קעשענע, ווען ער האָט זיי געטראָגען בע־האַלטען. מיר שיינט, אז דאָס וויכטיגסטע זיינען די הילצערנע שיך, וועלכע צייגען, אז דער מערדער איז אַ מאַן מיט אַ געוויסען מאָראַלי־שען געפיהל און מיט אַ ווייכען כאַראַקטער. ווען איהר האָט ניט דאַגעגען, דאַן לאָמיר אַלע איינוואָהנער פון אונזער גאַנצער געגענד נעהמען אויף אַ פערהער.

דער בירגערמייסטער איז אויפגעשטאַנען, האָט אַנגעקלונגען נאָך וואַרעמע וואַסער צום ראַזירען און געזאָגט:

— יאָ, געוויס, דאָס קענען מיר טהאָן. אָבער דאָס וועט זעהר לאַנג געדויערען. מיר קענען זיך גלייך נעהמען דערצו.

הערר פּוטאַן האָט זיך געזעצט רייטענדיג אויף אַ שטול, ארויס־ווייזענדיג אפילו אין צימער זיין ליידענשאַפט צום רייטען.

רענאַרדעט האָט זיך איצט גוט איינגעזייפט און אַריינגעקוקט אין שפּיעגעל. דאַן האָט ער אָנגעשלייפט זיין ראַזירמעסער אויף אַ לעדערנעם פּאַס און געזאָגט:

— דער וויכטיגסטער איינוואָהנער אין קאַרוועלין הייסט יאָזעף רענאַרדעט, בירגערמייסטער און רייכער גוטסבעזיצער, דאָס איז אַ מאַן, וועלכער שלאָגט זיינע קוטשערס, זיינע וועכטער.

דער אונטערזוכונגס ריכטער האָט זיך צולאַכט:

— גענוג! דער צווייטער?

— דער צווייטער איז הערר בעלעדענט, פּיהציכטער, אויך אַ רייכער גרונדבעזיצער, אַ פּיפיגער חברה־מאַן, פערשטעהט ווי אזוי צו מאַכען געלד, אָבער נאָך מיין מיינונג איז ער ניט פעהיג צו בע־געהן אזא פערברעכען.

הערר פּוטאַן האָט געזאָגט:

— ווייטער.

דאָ האָט רענאַרדעט, ראַזירענדיג זיך, אויסגערעכענט אַ לאַנגען צעטעל פון די פערשיעדענע איינוואָהנער פון קאַרוועלין, און נאָכ־דעם ווי זיי האָבען אָבגערעדט צוויי שטונדען, האָבען זיי זיך אָב־געשטעלט אויף דריי מענשען, וועלכע זיינען זיי פאָרגעקומען פער־

דעכטיג : אַ געוויסער גנב, מיט'ן נאָמען קאַפּאַל, אַ פּישער, פּאַק־וועט און אַ פּאַסטוך וועלכער האָט געהייסען קלאָווים.

2.

די נאָכפאָרשונגען האָבען געדויערט אַ גאַנצען זומער נאָכאַנאַנד. דעם פאַרברעכער האָט מען ניט געפונען. די לייטע, אויף וועלכע, מען האָט געהאַט אַ פערדאַכט, האָבען זעהר לייכט געקענט בעוויזען זייער אונשולד און דאָס געריכט איז געווען געצוואונגען זיי פריי צו לאָזען.

אָבער דער דאָזיגער מאָרד האָט די גאַנצע געגענד שטאַרק אויפ־געבראַכט. אין די הערצער פון די איינוואָהנער איז געבליעבען עפּעס אַ מין אונרוהיגקייט, אַ אונבעשטימטע מורא, אַ געהיימער שרעק, ניט אַזוי דערפון וואָס מען האָט ניט געקענט געפינען קיין שפּור פון דעם פערברעכער, ווי פון דעם פאַקט, וואָס מען האָט אויף מאָר־גען געפונען די הילצערנע שיכלאַך נעבען טיהר פון דער אַלטער ראַק. די געוויסהייט, אַז דער מערדער האָט אודאי בייגעוואָהנט די בעער־דיגונג פון דאָס ערמאָרדעטע קינד, אַז ער געפינט זיך נאָך אודאי דאָ אויפ'ן אָרט, האָט באַשעפטיגט אַלע מוחות, האָט זיי געמאַטערט און בעענגבערט און האָט ווי אַ שווערע משא די גאַנצע געגענד געדריקט.

פון יענער צייט אָן האָבען אַלע אויסגעמיעדען דעם וואַלד, ווי עפּעס אַ מורא'דיגען, פער'כישופטען פּלאַץ. פריהער פלעגען די איינוואָהנער פון דאָרף געהן אהין זונטאַג נאָכמיטאָג שפּאַצירען, פלעגען זיך זעצען אויפ'ן מאָך צופוסען פון די ריעזיג גרויסע בוי־מער אָדער זיינען אַרומגעלאָפען אַרום ברעג טייך און בעטראַכט די פישלאַך, וועלכע האָבען זיך באַוועגט אויפ'ן וואַסער. די אינגלאַך האָבען געשפּיעלט באַל, קעגעל, אָדער אַנדערע מינים שפּיעלערייען און די מיידלאַך זיינען געגאַנגען שפּאַצירען זאַלבעפערט, זאַלבע־פינפט, אַלע אַרומגענומען און געזונגען ליעדער מיט זייערע קוויט־שעדיגע שטימען, וועלכע האָבען געריסען די אויערען. זייערע פאַלשע טענער האָבען אָנגעפילט די לופט און פעראורזאַכט צאָהן־וועהטאָג די אַרומיגע שפּאַצירגעהער, ווי יענע וואַלטען שאַרפען עסיג גע־טרונקען. איצט איז מעהר קיינער ניט געגאַנגען שפּאַצירען אין

דעם געדיכטען, גרינעם וואַלד, עפּעס ווי מען וואָלט מורא האבען, אונטער יעדען בוים אַ נייע ליבע צו געפינען.

דער יעסען איז געקומען, די בלעטער האָבען גענומען פאַלען, זיינען געפאַלען טאָג און נאכט; לייכט און רונד האָבען זיי זיך גע־דרעהט און געפלאַטערט ארום די גרויסע בוימער ביז זיי זיינען צו דר׳ערד געפאַלען. באַלד האָט מען שוין דורך די צווייגען געקענט זעהן אַ שטיק הימעל. פון צייט צו צייט ווען דער ווינד האָט די שפּיצען בוימער באַוועגט, האָבען זיך די בלעטער גענומען שיטען, ווי אַ גוס רעגען און באַדעקט די ערד מיט אַ געלען טעפּיך, וועלכער האָט אונטער די פיס געסקריפּעט. און דאָס קוים הערבארע, בעשטענ־דיגע רוישען פון די פאַלענדיגע בלעטער איז געווען זיס און טרוי־עריג, ווי אַ געבעט, און די בלעטער זיינען געפאַלען אָהן אויפהער, ווי טרערען, גרויסע טרערען מיט וועלכע די ריעזיגע טרויעריגע בוי־מער האָבען בעוויינט דעם סוף פונ׳ם יאָהר, דעם סוף פון וואַרימע, זומערדיגע פריהמאָרגענס, פון זיסע פאַרנאַכטען, פון וואַרימע ווינ־טען, פון ליכטיגען זונשיין... און אפשר האָבען זיי אויך געוויינט איבער דעם פאַרברעכען, וואָס איז אונטער זייער שאָטען בעגאַנגען געוואָרען, איבער דאָס פערגוואַלטיגטע קינד וואָס איז ביי זייערע פיס געטויטעט געוואָרען. זיי האָבען געוויינט אין דער שטילקייט פון דעם קליינעם פאַרלאָזענעם וועלדעל, אין וועלכען די נשמה, די קליינע נשמה פון דער קליינער האָט געמוזט ארומשוועבען איינע אליין...

דער טייכעל, אַ געלער, אַ העפטיגער, אָנגעשוואָלען פון די פיעלע רעגענס, איז געלאָפען שנעלער צווישען די פאַרטריקענטע ברעגעס, צווישען צוויי פּאַסען מאָגערע, נאַקעטע לאָנקעס.

און דאָ פּלוצים איז רענאַרדעט ווידער געקומען אין וואַלד אריין שפּאַציערען. יעדען טאָג, ווי נור עס איז געוואָרען נאכט, האָט ער פערלאָזען זיין הויז, איז מיט לאַנגזאַמע טריט פון די טרעפּ ארונ־טער, און אַ פאַרטראַכטער, די הענד אין די קעשענעס, גענומען געהן צווישען די בוימער. אַ לאַנגע צייט איז ער ארומגעלאָפען אויף דעם פייכטען, ווייכען מאָך, בעת אַ גאַנצע מחנה קראָהען האָבען זיך געטראָגען אין הימעל, ווי אַ ריעזיגער טרויער שלייער, און אָנ־

געפילט די לופט מיט הויכע אונהיימליכע קולות. דאס זיינען זיי פון דער ארומיגער נאכבארשאפט געקומען צופליהען אהער, אום צו נעכטיגען אויף די שפיצען פון די הויכע בוימער.

מאנכעס מאל האבען זיי זיך ארונטערגעלאזען אויף די אראב־הייגענדיגע צווייגען און אונטער דעם פורפורנעם, בלוטיג־רויטען הימעל פון דעם זונענאונטערגאנג, האבען זיי אויסגעזעהן ווי שווארצע פלעקען. דאן זיינען זיי פלוצים ווידער אוועקגעפליגען מיט א מוראדיגען קרעכצען און זיך פארשפרייט איבער'ן וואלד אין א לאנגער, טרויעריגער, דונקעלער קיים.

צום סוף האבען זיי זיך ארונטערגעלאזען אויף די העכסטע שפיצען פון די בוימער און בישלאכווייז איז אבגעשטארבען זייער ליארעם און זייערע שווארצע פעדערן זיינען אין דער דונקעלהייט פון דער אנגעפאלענער נאכט פערשוואומען.

רענארדעט האט נאך אלץ ארומגעבלאנדזשעט צווישען די בוימער. און ווען עס איז איהם אונמעגליך געווארען צו שפאציערען אין דער טיעפער פינסטערניש, האט ער זיך צוריקגעקעהרט אהיים, איז ווי א דער'הרג'עטער געפאלען אין זיין פאטעל פאר דעם ברעגענדינגען קאמין און אויסגעצויגען זיינע פייכטע פיס אנטקעגען פייער.

דאן האט זיך מיט אמאל פערשפרייט א גרויסע נייעס אין דארף: דער בירגערמייסטער האט געהייסען אויסהאקען דעם וואלד.

צוואנציג וואלד ארבייטער האבען שוין געארבייט. זיי האבען אנגעהויבען פון דעם עק, וואס איז געווען אם נאהענטסטען צו זיין הויז, און אונטער דער השגחה פונ'ם בעל־הבית האט די ארבייט געברענט.

צוערשט האבען די לייטע ארויפגעקלעטערט אויף דעם שטאם, אום אבצוהאקען די סוקעס. ביי דער זייט פון די ארביימער איז געהאנגען און געבליצט א האק. לאנגזאם און שווער האבען זיי געקלעטערט אויף די ריעזיגע זיילען אלץ העכער און העכער אום צו זייערע שפיצען צו־צוקומען און זיי דעם קאפ ארונטערהאקען.

און איז אן ארביימער צו די ערשטע צווייגען צוגעקומען, איז ער שטעהן געבליעבען, פון דער זייט די שארפע האק ארונטערגע־

נומען און גענומען האַקן, ; האַקן לאַנגזאַם, געמאָסטען, זיך צי־
לעווענדיג אין דעם סוק. און פּלוצים קראַכט יענער, בויגט זיך,
ברעכט צוזאַמען, רייסט זיך אָב און פאַלט צו דר׳ערד מיט אַ קרעכץ,
פאַרטשעפּענדיג אין זיין פאַלען די אַרומיגע בוימער, און לאַנג, לאַנג
נאָכדעם ציטערען נאָך אַלע איבעריגע קליינע סוקעס.

די ערד באַדעקט זיך מיט סוקעס, וועלכע די אַנדערע אַרביי־
טער צוהאַקען אויף שטיקער און בינדען צונויף אין בינטלאַך.

און פון טאָג צו טאָג איז דער וואַלד אַלץ איינגעגאַנגען, האָט
פערלאָרען זיינע שטאַרקע בוימער, ווי אַן אַרמיי פערליערט איהרע
סאָלדאַטען.

רענאַרדעט האָט ניט אָבגעטראָטען פון אָרט. פון פריה ביז
נאַכט איז ער געשטאַנען אונבעוועגליך, די הענד אויפ׳ן רוקען פאַר־
לייגט און בעטראַכט דאָס לאַנגזאַמע אבשטאַרבען פון זיין וואַלד.
און איז אַ בוים געפאַלען, האָט ער אויף איהם אַרויפגעשטעלט זיין
פוס ווי אויף אַ טויטען. דאַן האָט ער אויפגעהויבען די אויגען צו
דעם נעכסטען בוים מיט עפּעס אַ מין געהיימער אונגעדולד, מיט אַן
אונרוהיגקייט, ווי ער וואָלט צום סוף פון דעם דאָזיגען מאָרדען
עפּעס ערוואַרטעט.

איצט האָבען זיי זיך דערנעהנטערט צו דעם פּלאַץ, וואו מען
האָט געפונען די קליינע ראָק און ווען עס איז פאַרנאַכט געוואָרען
זיינען זיי אהין צוגעקומען.

אַזוי ווי עס איז דונקעל געוואָרען און אויפ׳ן הימעל האָבען זיך
וואָלקענס בעוויזען, האָבען די אַרבייטער געוואָלט וואַרפען די אַר־
בייט, אום אויפ׳ן צווייטען טאָג מיט פרישע קרעפטען אַרונטערצו־
האַקען אַ געוואַלטיגען בוכען־בוים. אבער דער בעל־הבית האָט
דערפון ניט געוואָלט הערען און פערלאַנגט, אַז מען זאָל דעם ריעזי־
גען בוים, וועלכער האָט דאָס פאַרברעכען מיט זיין שאָטען פער־
שטעלט, גלייך אַרונטעררייסען און צוהאַקען.

און מען האָט זיך גלייך אַ נעהם געטהאָן אָבצוהאַקען די צוויי־
גען, מען האָט הייל און נאַקעט געמאַכט דעם שטאַם און איהם אויף
אַזאַ אופן אויסגעפּוצט אין די קליידער פון אַ צום טויט פעראורטייל־
טען. אַן אַנדער גרופּע אַרבייטער האָט אונטערגעגראָבען די וואָרצ־

לען און דאָן האָבען פינף מאַן גענומען ציהען דעם זייל, וואָס איז געהאָנגען אויפ'ן שפּיץ.

דער בוים האָט ווידערשטאַנען, זיין מעכטיגער שטאַם, הגם איינגעשניטען ביז אין מיטען, האָט געשיינט צו זיין שטאַרק, ווי אייזען. די ארבייטער האָבען געצויגען און געשלעפּט דעם זייל מיט אַלע זייערע קרעפטען.

צוויי האָלץ־זעגער זיינען געשטאַנען נעבען דעם ריעז מיט די העק אין די הענד, ווי צוויי הענקער בערייט נאָך צו האַקען, און רענאַר־דעט האָט אונבעוועגליך, די הענד אין די זייטען, מיט נערוועזער אונרוהיגקייט געוואַרט אויף דעם שטורץ.

איינער פון די אַרבייטער האָט געזאָגט:

— איהר שטעהט צו נאָהנט, הערר בירגערמייסטער. ווען ער פאַלט קען ער נאָך אייך טרעפען.

ער האָט ניט געענטפערט און זיך ניט געריהרט פון אָרט, עפּעס ווי ער וואָלט אַליין געוואָלט ארומכאַפּען דעם בוים מיט זיי־נע אייגענע הענד און איהם צווינגען אַנידערצופאַלען.

פּלוצים האָט צופוסען פון דעם הויכען הילצערנעם זייל גענו־מען קלינגען עטוואָס ווי אַ רייסען, אַ ברעכען און ווי אַ שמערצ־ליכער קרעכץ איז דורכגעגאַנגען דעם בוים פון אונטען ביז ארויף. דער בוים האָט זיך עטוואָס איינגעבויגען, בערייט צום פאַלען, אבער ער האָט נאָך אַלץ ווידערשטאַנען.

די מענער האָבען צוזאַמענגענומען אַלע זייערע קרעפטען און נאָך אַ מאָל אַ שטאַרקען ציה געטהאָן און ווען דער בוים איז צור־זאַמענגעבראָכען, האָט רענאַרדעט פּלוצים געטהאָן אַ טריט פאָראויס, און איז געבליעבען שטעהן מיט אויפגעהויבענע אַקסלען אום צו קריי־גען דעם טויט קלאַפּ, וועלכער זאָל איהם צושמעטערן.

אבער דער ריעז האָט זיך עטוואָס א קרים געטהאָן און איהם בלויז פון דער זייט לייכט אָנגעריהרט מיט זיינע צווייגען. פון דער דאָזיגער צאַרטער בעריהרונג איז רענאַרדעט אבגעשליידערט געוואָרען פינף מעטער ווייט און איז געפאַלען אויפ'ן פּנים. די ארבייטער האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן איהם אויפצוהויבען. ער האָט דערוויילע שוין געהאַט אַליין אויפגעשטאַנען, איז געלעגען אויף

די קניע, געקוקט ארום זיך מיט פערצווייפעלטע בליקען און זיך גע־ווישט דעם שטערן, ווי ער וואָלט ערוואכט פון אַן אַנפאַל פון משוגעת.

ווען ער איז ווידער געשטאַנען אויף זיינע פיס, האָבען די ער־שטוינטע ארבייטער איהם גענומען אויספרעגען. זיי האָבען ניט פערשטאַנען וואָס ער האָט געטהאָן. שטאַמלענדיג האָט ער געענט־פערט, אז ער איז יענע מינוט ניט געווען ביי זיין קלאָהרען פער־שטאנד, אז אין יענעם מאָמענט איז איהם איינגעפאַלען אַ קינדישער איינפאַל דורכצולויפען פארביי דעם בוים איידער ער פאַלט איין, גראדע ווי קינדער לויפען אמאָל פארביי אַ שנעל לויפענדיגען וואָ־גען. ער האָט זיך געשפּיעלט מיט געפאהר. זייט אכט טאָג פיהלט ער ווי עס וואקסט אין איהם די לוסט און יעדעס מאָל, ווען אַ בוים קראַכט, שטעלט ער זיך די פראַגע צו וועט ער ניט קענען פאַרביי־לויפען און ניט ווערען געטראָפען. עס איז געווען אַ משוגעת, ער גיט עס אַליין צו, אבער יעדער מענש האָט זיך זיינע משוגענע איינ־פאַלען און קינדערשע נארישקייטען.

ער האָט גערעדט לאַנגזאַם מיט אַ דומפּפען קול, זוכענדיג די ווערטער. דאַן איז ער אַוועק און געזאָגט :

— צום ווידערזעהן, ליעבע פריינד, מאָרגען.

אזוי גיך ווי ער איז צוריקגעקומען אין זיין צימער, האָט ער זיך געזעצט ביי׳ם טיש, אויף וועלכען עס האָט העל געברענט אַ לאָמפּ, אונטער אַן אַבאַזשור, האָט אַנגעשפּארט דעם שטערן אויף די הענד און גענומען וויינען.

לאַנג, לאַנג האָט ער געוויינט, דאַן האָט ער זיך אַבגעווישט די אויגען, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער. עס איז נאָך ניט געווען זעקס. ער האָט אַ טראַכט געטהאָן : „איך האָב נאָך צייט פאַר׳ן עסען“. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיהר, זי פערשלאָסען, דאַן האָט ער זיך ווידער געזעצט פאַר׳ן שרייב־טיש, האָט אַרויסגעצויגען דעם מיטעלסטען שופלאַד, אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און איהם אַוועקגעלייגט לעבען לאָמפּ אויף זיינע פּאַפּי־רען. דאָס שטאָל פון דעם געוועהר האָט געבליסטשעש און געפינ־קעלט ווי פייער.

רענאַרדעט האָט איהם אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט דעם אונבע־שטימטען בליק פון אַ שיכור. דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען און גע־נומען שפּרייזען הין און צוריק איבער׳ן צימער.

ער איז געגאַנגען פון איין עק צימער ביז צום צווייטען, פון צייט צו צייט האָט ער זיך צוגעזעצט, דאַן האָט ער ווידער גענומען שפּריי־זען.

פּלוצים האָט ער געעפענט די טיהר פון באַדע צימער, האָט איינגעטונקט אַ האַנטוך אין דעם קרוג וואַסער און זיך איינגענעצט דעם שטערן, ווי ער האָט עס געטהאָן אין דעם פריהמאָרגען פון׳ם פערברעכען . דערנאָך האָט ער ווידער גענומען לויפען אהער און אהין און יעדעס מאָל ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם שרייבטיש, האָט דאָס בלישטשענדע געוועהר צוגעצויגען צו זיך זיין בליק און זיין האַנד האָט קראַמפּפהאַפט געציטערט. אָבער ער האָט אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער און געטראַכט : „איך האָב נאָך צייט“.

דער זייגער האָט געשלאָגען האַלב זיעבען. ער האָט גענומען דעם רעוואָלווער, ברייט פונאַנדערגעעפענט דעם מויל, מיט אַ מוראʼ־דיג צוקרימט פּנים, אַריינגעשטעקט די מינדונג ווייט אינעוועניג, ווי ער וואָלט עס וועלען איינשלינגען און איז געבליעבען אַזוי אונ־בעוועגליך אַ פּאָאַר סעקונדען, דעם פינגער אויף דעם דריקער — דאַן פּלוצים איז ער געקומען צו זיך און פול שרעק האָט ער אַ שמיץ געטהאָן דעם רעוואָלווער אָן דר׳ערד. און שלוכצענדיג איז ער צו־ריקגעפאַלען אויף זיין שטול. „איך קען ניט, איך האָב קיין מוט ניט. מיין גאָט, מיין גאָט, וואָס זאָל איך טהאָן, וואו נעהם איך קרעפטען זיך צו טויטען“.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיהר. אַ צושראָקענער איז ער אויפגעשפּרונגען. דער דיענער האָט אויסגערופען :

— דער טיש איז געגרייט.

ער האָט געענטפערט :

— גוט, איך קום גלייך.

דאַן האָט ער אויפגעהויבען דאָס געוועהר, עס ווידער פערשלאָ־סען אין שופליאַד און זיך דאַן בעטראַכט אין שפּיעגעל פון קאַמין, אום צו זעהן, אויב זיין פּנים קוקט ניט אויס צופיעל צוטראָגען. ער

איז געווען רויט ווי אימער, אפשר נאָך אַ ביסעל רויטער ווי געוועהנ־ליך. אויסער דעם האָט מען אויף איהם גאָרנישט געקענט דערקענען. ער איז אַרונטערגעגאַנגען אונטען און זיך געזעצט צום טיש.

ער האָט געגעסען לאַנגזאַם, ווי איינער וואָס וויל די מאָהל־צייט פאַרלענגערען אַזוי פיעל ווי מעגליך, אום נים צו בלייבען אליין מיט זיך. דאַן האָט ער אויסגערויכערט עטליכע ליולקעס און ווען מען האָט אַלעס פון טיש אַבגעראַמט, איז ער ווידער אַרויף צו זיך אין צימער.

אַזוי גיך ווי ער האָט פאַרשלאָסען די טיהר הינטער זיך, האָט ער אַ קוק געטהאָן אונטער׳ן בעט, געעפענט אַלע שאַפעס, דורכ־געזוכט אַלע עקען, אַלע מעבעל, דאַן האָט ער אָנגעצונדען די ליכט אויף זיין קאַמין, זיך אַ פּאָאר מאָל אַרומגעדרעהט און פול מיט שרעק אויף זיין צוקרימט פּנים דורכגעזוכט מיט די אויגען די גאַנצע וואָה־נונג. דען ער האָט גוט געוואוסט, אַז ער וועט זי היינט זעהן ווי יעדע נאַכט, די קליינע ראָק, דאָס קליין מיידעלע, וועלכע ער האָט פערגוואַלטיגט און דערשטיקט.

יעדע נאַכט האָט דאָס דאָזיגע שרעקליכע בילד איהם פער־פאָלגט. צוערשט האָט אין זיינע אויערען גענומען קלינגען עטוואָס ווי אַ סאָפּען, אָדער ווי דאָס ווייטע רוישען פון אַ לאָקאָמאָטיוו אי־בער אַ בריק. עס האָט איהם פערכאַפּט דעם אָטהעם און גענומען ווערגען, ער האָט געמוזט אויפמאַכען דעם קראַגען פון העמד און עפענען דעם גאַרטעל אַרום די הויזען. ער איז געגאַנגען אַהין און צו־ריק, אום דאָס בלוט צו באַוועגען, האָט פּראָבירט לעזען, זינגען, אָבער אַלעס אומזיסט. געגען זיין ווילען האָבען זיך זיינע געדאַנקען אומ־געקעהרט צום טאָג פון דעם מאָרד צוריק און ער האָט ווידער אי־בערגעלעבט אַלע אויפרעגונגען פון דער ערשטער מינוט אָן ביז׳ן היינטיגען טאָג.

אין דעם פריהמאָרגען פון יענעם מורא׳דיגען טאָג האָט ער גע־פיהלט, אַז דער קאָפּ איז איהם עפּעס שווער, ער האָט זיין קאַפּוועה־טאָג צוגעשריעבען דער היטץ און איז ביז צום פריהשטיק געבליבען ביי זיך אין צימער. נאָכ׳ן עסען האָט ער זיך צוגעלייגט שלאָפען, און שפּעט נאָכמיטאָג איז ער אַרויסגעגאַנגען שפּאַציערען, אום צו

אָטהעמען אַביסעל פרישע לופט אונטער די בוימער פון זיין וואַלד.
אָבער אַזוי שנעל ווי ער איז געווען אין דרויסען, האָט די שווערע, ברענענדיגע היטץ פון פעלד איהם גענומען דריקען נאָך שטאַרקער. די זון איז נאָך געשטאַנען הויך אין הימעל און האָט געוואָרפען גליהענדע שטראַהלען אויף דער פאַרטריקענטער דורשטיגער ערד. קיין ווינטעלע האָט זיך ניט באַוועגט אין די בלעטער, אַלע חיות, די פויגלאַך, די גרילען אפילו האָבען געשוויגען. רענאַרדעט איז אַרונטער אונטער די הויכע בוימער, האָט גענומען געהן איבער'ן גראָז, אויף וועלכען ס'האָט זיך געפיהלט עטוואָס פרישער פון דעם דערבייאיגען טייכעל. אָבער איהם איז געווען ניט גוט אויפ'ן הארצען, עפּעס ווי אַ אונזיכערע האַנד וואָלט איהם זיין האַלז געדריקט. ער האָט כמעט וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט, ער איז איבערהויפּט ניט געווען קיין גרויסער דענקער. נור איין אונבעשטימטער געדאַנק האָט איהם געמוטשעט זייט די לעצטע דריי מאָנאַטען — דער געדאַנק ווידער צו הייראַטען. פון דעם זיין איינער אַליין האָט ער געליטען מאָראַליש און פיזיש. ער איז זייט צעהן יאָהר געוועהנט געווען צו פיהלען נעבען זיך אַ פרוי, זי שטענדיג האָבען נעבען זיך, געוועהנט געווען צו איהר טעגליכער נאָהנטקייט און ער האָט געהאַט אַן אונבעשטימטען אָבער דרינגענדען פערלאַנג מיט איהר שטענדיג צוזאַמען צו זיין, אַ בעדירפניס נאָך דער רעגעלמעסיגער בעפרידיגונג פון זיינע ליידענשאַפטען. זייט זיין פרוי'ס טויט האָט ער אָהן אויפהער געליטען, אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס. ער האָט געליטען דערפון, וואָס ער האָט ניט געהערט מעהר דאָס רוישען פון איהר קלייד נעבען זיין זייט און מעהר פון אַלץ דערפון, וואָס ער האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען, בעפריעדיגען אין איהרע אָרעמס. קיין האַלב יאָהר איז נאָך ניט אַוועק ווי ער איז אַן אַלמן געוואָרען און ער האָט שוין געזוכט אין דער אַרומיגער נאַכבאַרשאַפט אַ יונג מיידעל אָדער אַן אַלמנה, מיט וועמען ער זאָל קענען הייראַטהען נאָכדעם ווי זיין טרויער צייט וועט אַריבער.
ער האָט געהאַט אַ ריין טוגענדהאַפט האַרץ, וועלכע האָט זיך אָבער געפונען אין אַ שטאַרקען, קרעפטיגען קערפּער און צולאָזענע, בייזע חלומות האָבען איהם גענומען פּלאָגען טאָג און נאַכט. ער האָט

זיי פּרובירט פאַריאָגען, אָבער זיי זיינען צוריקגעקומען און אָפּט לאַכענדיג איבער זיך אַליין, האָט ער געפּליסטערט: „מיר געהט עס פּונקט ווי דעם הייליגען אַנטאָניאוס“.

אין יענעם פריהמאָרגען האָבען איהם די דאָזיגע בייזע חלומות שטאַרק געפּלאָגט און איהם איז פּלוצים איינגעפאַלען, ער וועט געהן זיך אויסבאָדען אין דער ברינדיללע און וועט זיך אָבפרישען און זיין צוקאָכט בלוט בערוהיגען.

אביסעל ווייטער ארויף האָט ער געוואוסט פון אַ טיעפען, ברייטען פּלאַץ, וואו די לייטע פון דער געגענד פלעגען זיך ווען עס איז באָדען. אהין איז ער אוועק.

די געדיכטע בוימער האָבען פאַרשטעלט דעם דאָזיגען העלען טייבעל, וואו דער שטראָם איז געפלאָסען לאַנגזאמער, עפּעס ווי ער וואָלט זיך דאָ אָבגערוהט איידער ער איז ווייטער געפלאָסען. ווען רענארדעט איז צוגעקומען נעהענטער, האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער הערט אַ לייכטען גערויש, אַ מין פּליושקען זיך אין וואַסער. ער האָט פאָרזיכטיג פאַרנאַנדערגערוקט די בלעטער און אַ קוק געטהאָן אין יענער ריכטונג. אַ קליין מיידעלע, אין גאַנצען אַ נאַקעטע, אַ ווייסינקע, האָט מיטביידע הענד געפּליושקעט זיך אין דעם דורכזיכטיגען וואַסער. זי איז געשפּרונגען און זיך ארומגעדרעהט מיט גראַציעזע בעוועגונגען אין איין קרייז. דאָס איז שוין ניט געווען מעהר קיין קינד און נאָך ניט קיין פרוי. זי איז געווען פול און ענטוויקעלט און האָט דאָך נאָך געהאט עטוואָס קינדערשעס, ווי איינע, וואָס איז שנעל אויסגעוואקסען און פריהצייטיג געוואָרען. גאַנץ ערשטוינט איז ער געבליבען שטעהן און זיך ניט גערוהרט פון אָרט. אַ מערקווירדיגע אויפרעגונג האָט איהם דעם אָטהעם פערכאַפּט. מיט אַ קלאַפּענדיגען הארצען, ווי זיינע זינדיגע חלומות וואָלטען פאַרווירקליכט געוואָרען, איז ער שטעהן געבליבען, ווי עפּעס אַ אונריינע פעע וואָלט דאָס דאָזיגע יונג באַשעפעניש עקסטרא פאַר איהם פון׳ם וואַסער ארויסגערופען...

פּלוצים איז דאָס קינד ארויס פון טייך און ניט באַמערקענדיג איהם, איז זי אוועק גלייך אנטקעגען איהם, וואו איהרע זאַכען זיינען געלעגען אום זיך אָנצוטהאָן. ווען זי איז מיט קליינע פאַר־

זיכטיגע טריט, אויסמיידענדיג די שפּיציגע שטיינער, צוגעקומען נעהענטער, האָט ער דערפיהלט, ווי אַן אונווידערשטעהליכע קראַפט ציהט איהם צו איהר, אַ שווידער איז איבער זיין לייב אריבער און ער האָט זיך גענומען טרייסלען פון קאָפּ ביז די פיס פון אַ מעכ־טיגען פיזישען פערלאַנג...

אַ פּאָאר סעקונדען איז זי געבליבען שטעהן היגטער'ן וועל־דעל, וועלכער האָט זי פערבאָרגען. דאַן האָט ער פערלאָרען זיין פער־שטאַנד, זיין קאָפּ, האָט פארנאַנדערגערוקט די צווייגען, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהר, זי געכאַפּט אין זיינע ארעמס.. זי איז געפאַלען, זי איז געוואָרען צו דערשראָקען אום צו ווידערשטעהן, צופיעל צוטומעלט אום צו שרייען און ער האָט זי בעזעסען ניט בע־גרייפענדיג אפילו וואָס ער טהוט.

ער האָט ערוואכט פון זיין פערברעכען ווי פון אַ שווערען טרוים. דאָס קינד האָט גענומען וויינען.

ער האָט געזאָגט:

— שווייג דאָך, שווייג. איך וועל דיר געבען געלד.

אָבער זי האָט ניט געהערט און געשלוכצט. ער האָט געזאָגט נאָך אמאָל

— אָבער שווייג דאָך, שווייג דאָך, שווייג! זיי דאָך רוהיג.

זי האָט געקלאָגט און געוויינט און געזוכט אַ וועג צו אנט־לויפען פון איהם. דאַ האָט ער זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז ער איז פערלאָרען. ער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן פאר'ן האַלז, אום צו פאר־שטיקען איהר מורא'דיגען, איהר הערצרייסענדען יאָמער. זי האָט זיך פערצווייפעלט געוועהרט, אָבער ער האָט אַלץ פעסטער און פעסטער מיט זיינע גרויסע קרעפטיגע הענד איהר קליינע, פון שריי־ען בלוי געוואָרענע האַלז, געדריקט, געדריקט ניט צום דערשטיקען, נור זי רוהיג צו מאכען, זי שווייגען צו צווינגען. אין אַ פּאָאר אויגענבליקען האָט ער זי דערוואָרגען. דאַן האָט ער זיך אויפגע־הויבען אויסער זיך פאַר שרעק.

זי איז געלעגען פאר איהם אַ פארבלוטיגטע, מיט אַ שוואַרץ פּנים. ער האָט געוואָלט אנטלויפען פון דאַנען, ווען אין זיין צו־

שטערטער נשמה האָט ערוואַכט אַן אונבעשטימטער אינסטינקט, וואָס שיצט אַלע מענשען, ווען זיי געפינען זיך אין געפאַהר.

ער האָט געוואָלט אריינוואַרפען דעם קערפּער אין וואַסער אריין, אָבער אַן אנדער געפיהל האָט איהם געטריבען פריהער איהרע קליידער צו בעהאַלטען. ער האָט זיי צוזאַמענגעבונדען אין אַ קליין פּעקעלע. אזוי ווי ער האָט געהאַט שנירלאַך אין קעשענע, האָט ער עס צוזאַמענגעבונדען און בעהאַלטען אין אַ טיעפער לאַך נעבען טייך, אונטער אַ בוים.

דאַן איז ער מיט לאַנגע טריט אַוועק אויף די פעלדער, האָט געמאַכט אַ גרויסען קרייז אום זיך צו ווייזען פאַר די פּויערים, וועלכע וואהנען וויים אַוועק אויף דער אנדערער זייט, און האָט צו דער געוועהנליכער שטונדע זיך אומגעקעהרט אהיים עסען, דער ביי האָט ער זיינע לייט דערצעהלט פון דעם לאַנגען שפּאַצירגאַנג, וואָס ער האָט געמאַכט.

יענע נאַכט איז ער געשלאָפען, געשלאָפען, ווי אַן אָקס, אָדער ווי עס שלאָפען אמאָל מענשען, וועלכע זיינען פּעראורטהיילט צום טוים. ער האָט געעפענט די אויגען ערשט דאַן, ווען עס האָט גענומען גרויען אויף טאָג און אין שרעק פאַר דער ענטדעקונג פון דעם פערברעכען, האָט ער געוואַרט אויף זיין געוועהנליכער צייט, ווען ער פלעגט אַלע מאָל אויפשטעהן.

דאַן האָט ער געמוזט בייוואהנען אַלע אונטערזוכונגען. ער האָט עס געטהאָן ווי אַ נאַכט-וואַנדלער, אין אַ צוטומעלטען גייסטיגען צושטאַנד, אין וועלכען מענשען און זאַכען האָבען זיך איהם געצייגט, ווי אין אַ חלום, אין עפּעס אַ וואָלקען פון שיכרות, אין יענעם צושטאַנד פון אונבעוואוסטקייט, וועלכער פאַלט אַן אויף מענשען אין צייט פון גרויסע אונגליקען.

נור דער דורכדרינגענדער געשריי פון דער אַלטער ראָק האָט איהם אַ שניט געטהאָן אין הארצען. אין דעם דאָזיגען אויגענבליק האָט זיך איהם געוואָלט וואַרפען דער אַלטער פרוי צו די פיס און אויסרופען: „איך בין דער מערדער! איך האָב עס געטהאָן!“ ער האָט זיך אָבער בעהערשט, נור ביינאַכט איז ער ארויסגעגאַנגען,

האָט ארויסגענומען די הילצערנע שיכלאָך פון דער טויטער און זיי דער מוטער אויף'ן שוועל געלייגט.

בעת דער אונטערזוכונג, ווען ער האָט געדארפט פיהרען און פארפיהרען דאָס געריכט, איז ער געווען געפאסט, האָט זיך גוט בעהערשט און זיך געהאלטען קלוג און זיכער. גאנץ רוהיג האָט ער ארומגערעדט מיט די בעאַמטע אלע מעגליכקייטען, וועלכע זיינען זיי אויף די געדאנקען ארויף, האָט באקעמפפט זייערע איבערלייגונגען און אומגעוואָרפען זייערע שליסע. עס האָט איהם זאָגאר פערשאפט א געוויסען ביטערען און שמערצליכען פערגעניגען, זיי די קעפ צו צומישען און די אונשולדיגקייט פון יענע צו בעווייזען, וועמען זיי האָבען פארדעכטיגט.

אָבער פון דעם טאָג אָן, ווען די אונטערזוכונג האָט אויפגעהערט, איז ער ביסלאכווייז געוואָרען נערוועז, אויפגערעגט און צורייצט נאָך מעהר ווי פריהער הגם ער האָט זיין צאָרן איינגעהאלטען מיט אלע קרעפטען. אָן אונערוואַרטעטער גערויש האָט איהם געמאַכט זיך צאפלען פאר שרעק, האָט געציטערט ביי דער קלענסטער קלייניגקייט און מאנכעס מאָל האָט איהם געשווידערט פון קאָפּ ביז די פיס, ווען א פליעג האָט זיך אויף זיין שטערן געזעצט. דאָן האָט ער בעקומען א אונווידערשטעהליכע בעדירפניש צו באוועגען זיך. דאָס דאָזיגע באדירפעניש האָט איהם געצוואונגען צו מאכען משוגענע שפּאצירונגען, געהאלטען איהם וואָך גאַנצע נעכט און געלאָזט לויפען הין און צוריק איבער'ן צימער.

דאָס, וואָס האָט איהם געמאַטערט, איז ניט געווען קיין געוויסענביסע, אויף זיין ברוטאַלער נאַטור האָט קיין צאַרטער געפיהל אָדער מאָראלישע מורא קיין איינדרוק ניט געמאַכט. ער איז געווען א מאַן פון טהאַט, זאָגאר פון געוואלט, געבאָרען צום קריעג, פעהיג די בעזיעגטע לענדער צו פארוויסטען און די בעזיעגטע צו טויטען, פול מיט ווילדע יעגער־און קאמפף אינסטינקטען. א מענשליך לעבען האָט ביי איהם קיין שום ראָלע ניט געשפּיעלט; און הגם ער האָט געמאכט חן'דלאָך צו דער קירכע, האָט ער אין דער אמת'ן ניט געגלויבט ניט אין גאָט און ניט אין טייפעל. אויף יענער וועלט

האָט ער נישט ערוואַרטעט קיין בעלאָהנונג און ניט קיין שטראָף פאַר זיינע מעשים, וואָס ער האָט אָבגעטהאָן אויף דער וועלט.

דער׳הרג׳ענען אימיצען אויף א דועל, אין קריעג, אין א שטרייט; א מאָרד־פאַל, אויס נקמה, אָדער זאָגאַר אויך בעריה־מעריי, איז איהם אויסגעקומען גאַנץ געוועהנליך און שפּאַסהאַפט און אַזא מאָרד וואָלט אויף זיין גייסט ניט געמאַכט קיין טיעפערען איינדרוק, ווי ווען ער וואָלט דערשאָסען א האָז. אָבער דער מאָרד פון׳ם קינד האָט איהם טיעף געריהרט. ערשטענס האָט ער איהר דער׳הרג׳עט אין אן אָנפאַל פון משוגעת, פון אונווידערשטעהליכע שיכרות, אין א שטורם פון ברויזענדען באַגעהר, וועלכער האָט איהם דעם פערשטאַנד געראויבט. און דאַן איז אין זיין הארצען, אין זיין פלייש, אויף די ליפּען, זאָגאַר אויף זיינע מערדערישע פינ־גער פאַרבליעבען עטוואָס ווי א פיזישער ליעבעסטריב, א בעגעהר צו דער דאָזיגער קליינער מיידעלע, וועלכע ער האָט איבערראַשט און פייג געטויטעט. יעדען מאָמענט האָט זיך די סצענע פאַר זיי־נע אויגען געשטעלט, און הגם ער האָט זיך געצוואונגען דאָס בילד צו פאַריאָגען, הגם ער האָט עס געטריבען פון זיך מיט שרעק, מיט עקעל, האָט ער עס דאָך געפיהלט אין זיין מוח, געפיהלט ארום זיך ווי עס וואָלט יעדען אויגענבליק בערייט געווען ווידער צו ערשיינען.

איצט האָט ער זיך אָנגעהויבען צו שרעקען פאַר די אבענדען, פאַר דער דונקעלהייט ארום זיך. ער האָט נאָך ניט געוואוסט פאַר־וואָס די דונקעלהייט האָט זיך איהם אויסגעזעהן אזוי שרעקליך, אָבער אינסטינקטיוו האָט ער זיך דערפאַר געשראָקען, ער האָט גע־פיהלט, אז זי איז פול מיט שרעקליכע געשפּענסטער. דער העלער טאָג האָט אין זיך קיין שום שרעקעדיגעס; מען זעהט די זאַכען און די באַשעפענישען, מען באַגעגענט נור נאַטירליכע זאַכען און נאַ־טירליכע באַשעפענישען, וועלכע מען קען זעהן און פאַרשטעהן, אָבער די נאַכט, די אונענדליכע נאַכט איז לעער, געדיכטער ווי די מויערען איז זי, די אונענדליכע נאַכט, און שוואַרץ און ברייט און מורא׳דיגע זאַכען מאָהלען זיך אין איהר אויס. די נאַכט האָט איהם גענומען שרעקען, איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אז זי בעהאַלט פונ

איהם אַ אונבעקאַנטע געפאַהר, אַ געפאַהר וואָס איז נאָהענט און שרעקליך. אָבער וואו איז זי, אין וואָס בעשטעהט זי?

באלד האָט ער אַלעס ערפאַהרען. איינמאָל, שפּעט ביינאַכט, ווען ער האָט ניט געקענט שלאָפען און איז געזעסען אויף זיין פּאַטעל, האָט זיך איהם פּלוצים אויסגעוויזען, אַז ער זעהט ווי דער פאָרהאַנג פון פענסטער באַוועגט זיך. מיט אַ קלאַפּענדיגען הארצען האָט ער גענומען וואַרטען, דער פאָרהאַנג האָט זיך מעהר ניט גע־ריהרט. אָבער פּלוצים האָט ער זיך ווידער בעוועגט, אָם וועניגסטען האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער בעוועגט זיך. ער האָט ניט געוואַגט אויפצושטעהן, נים געוואַגט צו אָטהעמען הגם ער איז אַי־מער געווען אַ מוטיגער מענש, האָט זיך אָפּט געשלאָגען און עס וואָלט איהם פערשאַפט שפּאַס צו כאַפּען ביי זיך אין הויז איינברע־כער.

האָט זיך דער פאָרהאַנג ווירקליך באַוועגט? די דאָזיגע פראַ־גע האָט ער זיך געשטעלט מיט גרויס שרעק; געהערט האָט ער נאָר אַ גאַנץ קליינעם גערויש, אַ מין ציטערען אין די פאַלדען פון׳ם פאָרהאַנג, ווי פעראורזאַכט פון׳ם ווינד. רענאַרדעט האָט אויסגע־גלאָצט זיינע אויגען אויף יענעם פּונקט, האָט אויסגעצויגען דעם האַלז. פּלוצים איז ער אויפגעשפּרונגען, ער האָט זיך פערשעהמט פאַר זיך אַליין, פאַר זיין מורא. ער האָט געמאַכט פיער טריט, האָט אַ כאַפּ געטהאָן דעם פאָרהאַנג מיטביידע הענד און איהם פאַרנאַנ־דערגעצויגען. צוערשט האָט ער גאָרנישט געזעהן אויסער די שוואַרצע שויבען פון די פענסטער. הינטער זיי איז געלעגען די נאַכט, די טיעפע אונדורכדרינגליכע נאַכט, וועלכע האָט זיך געצויגען ביז צום וויימען, ווייטען האָריזאָנט. ער איז געבליבען שטעהן פאַר דער אונענדליכער דונקעלהייט, און פּלוצים האָט ער דערזעהן אַ שיין, אַ ליכט וואָס האָט זיך געשיינט צו באַוועגען אַהער און אַהין אין דער ווייטער ווייטקייט. ער האָט צוגעלייגט דעם שטערן צו די שוי־בען פון פענסטער. ער האָט געטראַכט, אַז אַ פישער מוז הפּנים פישען אין דער ברינדיללע. דען עס איז געווען נאָך האַלבע נאַכט, און דער שיין איז ארומגעלאָפען אין וואַלד נאָהענט פון׳ם וואַסער. אַזוי ווי ער האָט נאָך גאָרנישט געקענט אונטערשיידען, האָט רע־

נאָרדעם צוגעלעגט ביידע הענד צו די אויגען. פּלוצים האָט דער דאָזיגער שיין זיך אויסגעברייט אין אַ העלען פּאַס ליכט, און ער האָט דערזעהן די קליינע ראָק ליעגענדיג אַ צובלוטיגטע אויף׳ן גראָז.

שטאַר פאַר שרעק האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן צוריק, זיך אָנ־געשטויסען אָן׳ם שטול און געפאַלען הינטערוויילעכץ. אַ פּאָאר מינוטען איז ער געבליבען ליגען פערצוויייפעלט, דאַן האָט ער זיך גע־זעצט און גענומען נאָכדענקען. דאָס האָט זיך איהם נור אויסגע־וויזען, ניט מעהר. די טוישונג איז אודאי געקומען דערפון, וואָס אַ פיש־גנב איז דורכגעלאָפען מיט זיין לאַנטערנע איבער׳ן וואַסער. און וואָס איז פאַר אַ וואונדער, ווען די ערא־ינערונג אָן זיין פער־ברעכען האָט איהם פון צייט צו צייט דאָס בילד פון דער טויטער געצייגט ?

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט ער אויסגעטרונ־קען אַ גלאָז וואַסער און זיך אָוועקגעזעצט. ער האָט געטראַכט: „וואָס זאָל איך טהאָן ווען עס וועט זיך ווידער אָנהויבען ?" און ער האָט געפיהלט, ער איז געווען אין דעם איבערצייגט, אַז עס וועט זיך ווידער אָנהויבען. דער פענסטער האָט שוין גענומען צוציהען צו זיך זיין בליק, האָט איהם גערופען, געשלעפּט. אום איהם מעהר נישט צו זעהן, האָט ער אומגעדרעהט דעם שטול, גענומען אַ בוך און פּרובירט לעזען. אָבער באַלד האָט ער דערהערט ווי עטוואָס באַוועגט זיך הינטער איהם און שנעל ווי אַ בליץ האָט ער צוריק אַ דרעה געטהאָן זיין פאָטעל. דער פאָרהאַנג האָט זיך ווידער באַ־וועגט, ער האָט מעהר ניט געקענט צווייפלען. ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צום פאָרהאַנג און איהם אַ שלעפּ געטהאָן אַזוי האַס־טיג, אַז ער האָט איהם ארונטערגעריסען צוזאַמען מיט׳ן שטעקען אויף וועלכען ער איז געהאַנגען. דאַן האָט ער נייגעריג צוגעדריקט דעם שטערן צו די שויבען. ער האָט גאָרנישט געזעהן, אין דרויסען איז אַלעס געווען דונקעל. און ער האָט אָבגעצויגען דעם אָטהעם אַ גליקליכער, ווי אַ מענש, וועמען מען האָט געדעטעט דאָס לעבען.

ער האָט זיך אומגעקעהרט און ווידער געזעצט אויף׳ן שטול. אָבער כמעט אין דעם זעלבען אויגענבליק איז אויף איהם אָנגעפאַ־לען אַ פערלאַנג ווידער ארויסצוקוקען אין פענסטער. זייט דעם ווי

דער פאַרהאַנג איז ארונטערגעפאַלען, האָט דער פענסטער אויסגע־זעהן ווי אַ פינסטערע לאָך, וועלכע האָט זיין בליק מיט אַ מורא׳־דיגער קראַפט אין דער דונקעלער ווייטקייט געצויגען. אום ניט נאָכצוגעבען דעם דאָזיגען מורא׳דיגען פערלאַנג, האָט ער זיך אויס־געטהאָן, אויסגעלאָשען די ליכט, זיך אריינגעלעגט אין בעט און פארמאַכט די אויגען.

ער איז געלעגען אונבעוועגליך אויף׳ן רוקען, זיין הויט איז געווען ווארעם און פייכט, און ער האָט געוואַרט אויף׳ן שלאָף. פּלוצים האָט ער הינטער די צוגעמאַכטע אויגען־ליעדער דערזעהן אַ העלעס ליכט. ער האָט געמיינט, אַז עס ברענט און געעפענט די אויגען. אַליץ איז געווען דונקעל. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלענבויגענס און פּרובירט ארויסקוקען אין פענסטער, וועל־כער האָט איהם געצויגען צו זיך מיט אַזאַ אונווידערשטעהליכער געוואַלט. ווען ער האָט שטאַרק אָנגעשטרענגט די אויגען, האָט ער דערזעהן אַ פּאָר שטערן. ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז אויף די שפּיץ פינגער דורכגעגאַנגען דאָס צימער, אָנגעטאַפּט מיט זיינע הענד די שויבען און צוגעדריקט זיי צו דעם שטערן. דאָרט אונטען, אונטער די בוימער, האָט דער קערפּער פון דער מיידעל געשיינט ווי פאָספאָר און האָט בעלויכטען די ארומיגע פינסטערניש.

רענאַרדעט האָט ארויסגעלאָזען אַ געשריי, זיך געלאָזט לויפען צום בעט און איז דאָרט געבליעבען מיט דעם קאָפּ אונטער די קי־שענס בעהאַלטען ביז אין דער פריה.

פון יענעם מאָמענט אָן איז זיין לעבען געוואָרען אונערטרעג־ליך. זיינע טעג זיינען אוועק אין מורא פאר די נעכט און יעדע נאַכט האָט זיך דאָס דאָזיגע בילד איהם געוויזען פון דאָס ניי. ווי נור ער האָט זיך פארמאַכט ביי זיך אין צימער, האָט ער גענומען קעמפּפען געגען דעם, אָבער אומזיסט איז געווען זיין מיה. אַ אונ־ווידערשטעהליכע קראַפט האָט איהם געטריבען צום פענסטער, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט וועלען ארויסרופען דאָס געשפּענסט, און גלייך האָט ער עס טאַקע דערזעהן ליגענדיג מיט אָפענע אָרעמס, מיט בריים צושפּרייטע פיס אויף דעם פּלאַץ וואו דאָס פערברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען. דאַן איז די טויטע אויפגעשטאַנען און מיט

לאַנגזאַמע טריט געקומען געהן צו איהם, ווי דאָס קינד האָט גע־טהאָן, ווען עס איז פון וואסער ארויס. זי האָט געטראָטען לאַנג־זאַם איבער'ן פעלד, איבער דאָס בעעט, אויף וועלכע די בלומען זיינען פארטריקענט געוואָרען, דאַן האָט זי זיך אויפגעהויבען אין דער לופטען און זיך דערנעהענטערט צום פענסטער וואו רענאר־דעט איז געשטאַנען. זי איז געגאַנגען צו איהם ווי זי איז אין דעם טאָג פון דעם פארברעכען געלאָפען אנטקעגען דעם מערדער. און דער מאַן איז אַנטלאָפען פאַר דער ערשיינונג, ווי פאַר פייער, און האָט זיך געוואָרפען אין בעט; ער האָט אויף זיכער געוואוסט, אז די קליינע איז אריינגעקומען, איז געשטאַנען הינטער דעם פאָר־האַנג, וועלכער וועט זיך באַוועגען. און ביז עס איז טאָג געוואָרען, האָט ער מיט שטאַרע אויגען אויף'ן פאָרהאַנג געקוקט און אלץ גע־ווארט, אז זיין אָפּפער זאָל פון דאָרט ארויסטרעטען. אָבער זי האָט זיך מעהר נישט געציינט, זי איז געבליבען שטעהן הינטער'ן פאָרהאַנג, וועלכער האָט פון צייט צו צייט געציטערט. און רע־נארדעט האָט מיט זיינע קראַמפּפהאפטע פינגער זיך איינגעגעסען אין די ליילאכער, ווי ער האָט זיך דאַמאָלסט אין דער האַלז פון דער קליינער ראָק איינגעגעסען. ער האָט געהערט ווי עס שלאָגען די שטונדען, האָט געהערט דאָס טיק־טאַק פון דעם פּענדעל אין דער ארומיגער שטילקייט און געהערט דאָס קלאַפּען פון זיין הארצען. און דער אונגליקליכער האָט געליטען מעהר, ווי ווער עס איז אויף דער וועלט.

אזוי שנעל ווי אויף'ן הימעל האָט זיך בעוויזען דער ערשטער העלער שיין, דער ערשטער סימן פון טאָג, האָט ער זיך געפיהלט בעפרייט, ענדליך איז ער אליין, אליין אין זיין צימער און ער האָט זיך געלייגט, איז געשלאָפען אַ פּאָר שטונדען פיבערהאפט און אונ־רוהיג און אָפט איז צו איהם אין חלום ווידער געקומען דאָס גע־שפּענסט, וואָס האָט איהם פערפאָלגט אין זיינע וואכע־שטונדען.

ווען ער איז נאָכדעם מיטאג צייט ארונטערגעגאנגען צום פריה־שטיק, האָט ער זיך געפיהלט צובראָכען ווי נאָך אַ שטאַרקער אנ־שטרענגונג. ער האָט כמעט גאָרנישט געגעסען, איהם האָט שטענ־

דיג געפּייניגט די מורא פאַר איהר, וועלכע ער וועט אין דער קו־מענדיגער נאַכט ווידער זעהן.

און דאָך האָט ער גוט געוואוסט, אַז די אורזאַכע פון זיינע קוואַלען איז ניט איהר גייסט, דען די טויטע קומען ניט צוריק, זאָנ־דערן נור זיין קראַנק געמיטה, זיין פון איין גערדאַנקען און פון דער שרעקליכער עראינערונג געפּייניגטע נשמה. אין איהם אַליין איז געלעגען די אורזאַכע פון אַלע זיינע ליידען, פון אַלע זיינע מורא'־דיגע קוואַלען, זיין אייגענע קראַנקע פאַנטאַזיע האָט ארויסגערופען די טויטע, וועמעס בילד האָט זיך אויף אייביג אין זיין מוח איינ־געקריצט. ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז דערפון וועט ער שוין קיינמאָל ניט אויסהיילען זיך, אַז ער וועט זיך קיינמאָל, קיינ־מאָל ניט ארויסדרעהען פון די מורא'דיגע קוואַלען פון דער עראי־נערונג. און ער האָט בעשלאָסען בעסער צו שטאַרבען, איידער נאָך לעננגער אַזאַ לעבען צו פיהרען.

דאַן האָט ער גענומען זוכען אַ מיטעל, ווי זיך צו טויטען. ער האָט עס געוואָלט טהאָן אויף אַן איינפאַכען, נאַטירליכען אופן, אַזוי אַז קיינעם זאָל ניט איינפאַלען דער געדאַנק וועגען זעלבסטמאָרד. ער האָט געהאַלטען פון דעם נאָמען, וועלכען זיין פאָטער האָט איהם איבערגעלאָזען אַ ריינעם, און ווען מען זאָל זיך אָנשטויסען אויף דעם גרונד פון זיין טויט, וועט מען וואהרשיינליך אַ טראַכט טהאָן וועגען דעם פארברעכען, וועגען דעם ניט געפונענעם מערדער און מען וועט איהם אָנקלאַגען.

אַ מאָדנער געדאַנק איז איהם אויף'ן זינען ארויף: זיך צו לאָזען דער'הרג'ענען פון דעם בוים, נעבען וועלכען ער האָט די קליינע ראָק ערמאָרדעט. און ער האָט זיך ענטשלאָסען צו לאָזען אויסהאַקען דעם וואַלד און מאַכען אַן אָנשטעל, אַז אַן אונגליק האָט בלומרשט געטראָפען. אָבער דער שטאַרקער בוים האָט איהם ניט געוואָלט צושמעטערען.

ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים אין דער העכסטער פּער צווייפלונג, האָט ער ארויסגענומען זיין רעוואָלווער, ביי איהם האָט אָבער קיין מוטה ניט געכאַפּט זיך צו שיסען.

עס איז געוועזן די צייט פון עסען, ער האָט אָבגעגעסען, איז ווי־

דער ארויפגעגאַנגנען אויבען און ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טהאָן. איצט נאָכדעם ווי ער האָט זיך ארויסגעדרעהט פון טויט, האָט ער זיך געפיהלט פייג. פריהער איז ער געווען גאַנץ גרייט, שטאַרק ענטשלאָסען, האָט בעהערשט זיין מוטה און זיין ווילען: איצט איז ער געווען שוואַך, האָט מורא געהאַט פאַר'ן טויט, פּונקט אזוי ווי פאַר די טויטע.

ער האָט געשטאַמעלט: „איך וואַג עס ניט מעהר, איך וואַג עס ניט מעהר!" און מיט שרעק געקוקט דאָ אויף דאָס געוועהר און דאָ אויף דעם פאָרהאַנג, וועלכער האָט דאָס פענסטער פארשטעלט און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז עטוואָס מורא'דיגעס וועט געשעהן, ווען זיין לעבען וועט איבערגעריסען ווערען. אָבער וואָס וועט געשעהן? וואָס קען געשעהן? וועט איהר גייסט זיך מיט איהם רעדענען? זי האָט איהם פערפאָלגט, האָט אויף איהם געוואַרט, איהם גערופען, אום צו קענען פון איהם ראַכע נעהמען, האָט זי איהם צום זעלבסטמאָרד געטריעבען און צוליעב דעם האָט זי זיך יעדען אבענד צו איהם בעוויזען.

ער האָט גענומען וויינען ווי אַ קינד און גערעדט שטיל פאַר זיך: „איך האָב קיין מוט ניט, און וואַג עס ניט!" דאַן האָט ער זיך געוואָרפען אויף די קניע און געשטאַמעלט: „מיין גאָט! מיין גאָט!" הגם ער האָט גאַר אין גאָט ניט געגלויבט. און ער האָט מעהר ניט געוואגט אויפצוהויבען די אויגען אויפ'ן פענסטער, וואו עס האָט איהם געשראָקען דאָס בילד פון דער טויטער און מורא געהאַט אַ קוק צו טהאָן אויפ'ן טיש, וואו עס האָט געבליסטשעט זיין רעוואָלווער.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער געזאָגט אין דער הויך: „אזוי קען עס ווייטער ניט געהן, איך מוז מאַכען אַ סוף". און דערהערט דעם טאָן פון זיין אייגענער שטימע אין דער שטילקייט פון דעם שווייגענדיגען צימער, איז אַ שוידער איבער זיין לייב אריבער. אָבער אזוי ווי ער האָט ניט געקענט קומען צו קיין שום ענטשלוס און געפיהלט, אז ער איז ניט אים שטאַנד צו בעריהרען דאָס געוועהר, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין בעט, פארשטעקט דעם קאָפּ אונטער די קאָלדרעס און גענומען נאָכדיינקען.

ער האָט געמוזט עפּעס אויסטראַכטען, וואָס זאָל איהם צווינ־גען צו שטאַרבען, עפּעס אַ מין שפּיצעל אַנטקעגען זיך אַליין, אַז ער זאָל עס מעהר נישט קענען אָבלייגען, זאָל זיך ניט קענען אַרויס־דרעהען, עס זאָל קיין אַנדער ברירה ניט זיין. ער האָט מקנא גע־ווען די פּעראורטהיילטע צום טויט, וועלכע מען האָט דורך צוויי רייהען סאָלדאַטען געפיהרט צום שאַפאָט. ווען ער זאָל קענען עמע־צען בעטען, מען זאָל איהם שיסען, ווען ער זאָל קענען פּאַר וועמען עס איז אויסרעדען זיין האַרץ, פאַר עפּעס אַ גוטען פריינד, וועלכער זאָל איהם ניט פעררעטהען, אָבער ער זאָל איהם טויטען. אָבער ווע־מען זאָל ער בעטען אַזאַ טובה? ווען? ער האָט געזוכט אונטער זיינע בעקאַנטע. דעם דאָקטאָר? ניין, ער וועט עס דערנאָך געוויס דערצעהלען. און פּלוצים האָט אַ מאָדנער געדאַנק איהם אַ בליץ גע־טהאָן אין מוח: ער זאָל שרייבען צום אונטערזוכונגס־ריכטער, ווע־מען ער קען גענוי, און זאָל זיך אַליין פעררעטהען. ער וועט איהם אין בריעף אַלעס ערקלעהרען, דאָס גאַנצע פערברעכען, די קוואַלען, וואָס ער האָט אויסגעליטען, זיין וואונש צו שטאַרבען, זיין אבליי־גען עס און דאָס מיטעל וואָס ער בענוצט, אום צו מאַכען זיך מוט. אין נאָמען פון זייער אַלטער פריינדשאַפט וועט ער איהם בעטען דעם בריעף צו פאַרברענען אַזוי שנעל ווי ער וועט ערפאַהרען, אַז דער שולדיגער האָט זיך אַליין געטויטעט. רענאַרדעט האָט געוואוסט, אַז אויף די פערשוויגענהייט פון דעם דאָזיגען בעאַמטען קען ער זיך פערלאָזען, ער וועט זיך קיין מאָל אפילו מיט קיין וואָרט ניט אַרויס־ריידען. ער איז געווען איינער פון יענע מענשען, וועלכע האָבען אַ אונבייגזאַמע נאַטור, און טהוען נאָר דאָס וואָס זייער שכל הייסט זיי.

ווי נור ער האָט געפּאַסט דעם דאָזיגען ענטשלוס, איז איהם גלייך גרינגער געוואָרען אויפ׳ן האַרצען. ער איז איצט געווען גאַנץ רוהיג, ער האָט זיך פאַרגענומען צו שרייבען דעם בריעף גאַנץ לאַנג־זאַם, און דאַן ווען עס וועט ווערען טאָג זאָל ער איהם אַריינוואַרפען אין בריעף־קאַסטען, וועלכער הייננגט אויפ׳ן וואַנט פון זיין הויז. דערנאָך וועט ער זיך אויפהויבען אויפ׳ן טהורעם, וועט איבערוואַר־טען ביז דער בריעף־טרעגער וועט קומען און דאַן, ווען דער מאַן אין

דער בלויער בלוזע וועט אוועק, וועט ער זיך ארונטערוואַרפען מיט'ן קאָפּ אראָפּ אויף די פעלזען, אויף וועלכע דער מויער איז געשטאַנען. ער וועט עס איינריכטען אזוי, אז די ארבייטער, וואָס האַקען דעם וואַלד, זאָלען איהם זעהן. ער קען ארויפקלעטערן אויפ'ן סאַמע שפּיץ, אויף וועלכען עס געפינט זיך דער שטעקען, וואו מען הייננגט ארויס יום טוב צייט אַ פלאַג; מיט איין שטויס קען ער דעם שטעקען צוברעכען און צוזאַמען מיט איהם ארונטערשטירצען. קיינעם וועט אפילו ניט איינפאַלען אַנדערש, ווי נור עס איז געווען אַן אומגליקליכער צופאַל. און ער, אזאַ שווערער מענש, וועט זיכער בלייבען טויט אויפ'ן אָרט, שטירצענדיג פון אזאַ הויכען טורעם.

ער איז ארויס פון בעט, צוגעגאַנגען צום טיש און גענומען שרייבען. ער האָט גאָרנישט פארגעסען, קיין איין איינצעלהייט פון דעם פערברעכען, קיין איין איינצעלהייט פון זיין געקוועלטען לעבען, קיין איין איינצעלהייט פון די ליידען, וואָס זיין האַרץ האָט אויסגעליטען, און געשלאָסען מיט די ווערטער, אז ער האָט זיך אליין פעראורטהיילט, ער וועט דעם פערברעכען משפּט'ן, און ער האָט געבעטען זיין אמאָליגען פריינד צו זעהן, אז קיין פלעק זאָל ניט פאַלען אויף זיין אַנדענקען.

ווען ער האָט דעם בריעף געענדיגט, האָט ער באַמערקט, אז עס איז שוין טאָג געוואָרען. ער האָט איהם פאַרזיגעלט, אַנגעשריעבען דעם אַדרעס, איז מיט לייכטע טריט אַרונטערגעגאַנגען, גענומען לויפען צום קליינעם, ווייסען קאַסטען, אויפ'ן ראָג פון מויער און נאָכדעם ווי ער האָט אריינגעוואָרפען דעם בריעף, וועלכער האָט אין זיין האַנד געציטערט, האָט ער זיך שנעל אומגעקעהרט צוריק, צוגעמאַכט דעם ריעגעל פון דער גרויסער טיהר און איז ארויפגעשטיגען אויף זיין טורעם, אום אבצוואַרטען דעם בריעף-טרעגער, וועלכער האָט געזאָלט מיטנעהמען זיין טויט-אורטהייל

איצט האָט ער זיך געפיהלט רוהיג, גערעטעט, ערלייכטערט.

אַ קאַלטער, טרוקענער ווינד, אַן אייזיגער ווינד האָט איהם אַ בלאָז געטהאָן אין פּנים. מיט אַן אָפענעם מויל האָט ער דורשטיג אייגעזויגען אין זיך די דאָזיגע קיהלע לאַבונג. דער הימעל איז געווען רויט, גליהענדיג רויט און דאָס גאַנצע ווייסע מיט פראָסט אי-

בערצויגענע פעלד האָט געבליסטשעט אין די ערשטע זונענשטראַה־לען, ווי מיט צושטויסענעם גלאָז באַזייהט. רענאַרדעט איז געשטאַ־נען אויבען מיט אַ הוילען קאָפּ, האָט געקוקט אויף דעם ברייטען, גלייכען פעלד, לינקס די פעלדער, רעכטס דאָס דאָרף, וועמעס רוי־בערדגע קוימענס האָבען אָנגעצייגט די שטונדע פון דעם ערשטען פריהשטיק.

צו זיינע פיס האָט ער געזעהן די ברינדיללע זיך שלענגלען דורך די פעלזען, אויף וועלכע ער וועט שפּעטער צושמעטערט ווערען. ער האָט געפיהלט ווי ער ווערט ווידער יונג. אין דעם דאָזיגען אייז־קאַלטען פריהמאָרגען, האָט ער געפיהלט ווי זיין קראַפט און זיין לע־בענס מוט קעהרען זיך צוריק צו איהם אום. די זון האָט איהם גע־געבאָדען, האָט איהם פערפלייצט מיט איהר העלער ליכטיגקייט, איז אַריינגעדרונגען אינעווייניג אין איהם, ווי אַ האָפנונג. טויזענד עראינערונגען האָבען אין איהם ערוואַכט, עראינערונגען אָן עהנליכע פריהמאָרגענס, אָן דאָס לויפען איבער דער האַרט געפראָרענער ערד, וועלכע סקריפּעט אונטער די פיס, אָן גליקליכע טעג פון געיעג; אַלעס וואָס ער האָט אַמאָל געליעבט, אַלעס וואָס ער האָט אויפ׳ן לעבען געגאָסען איז איהם אויפ׳ן זינען אַרויף, אַרויסגערופען אין איהם נייע פערלאַנגען, ערוועקט אַלע לעבענס אינסטינקטען אין זיין קרעפטיגען, ריעזיגען קערפּער.

און ער האָט געוואָלט שטאַרבען. פאַרוואָס? ער האָט זיך געוואָלט טויטען ווי אַ נאַר, ווייל ער האָט זיך געשראָקען פאַר אַ שאָטען. מורא געהאַט פאַר אַ גאָרנישט. ער איז געווען רייך און נאָך אין די בעסטע יאָהרען. אזא משוגעת! ער האָט נור גע־דאַרפט האָבען עפּעס אַ צושטרייאונג, מאַכען עפּעס אַ רייזע אום אַלעס צו פאַרגעסען. היינטיגע נאַכט האָט ער דאָס קינד ניט מעהר געזעהן, ווייל זיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכען. פיליכט וועט ער זי שוין קיין מאָל ניט זעהן, און טאָמער קוועלט זי איהם נאָך אין דיעזען אָרט, וועט זי איהם אָבער אַנדערש־וואו ניט נאָכפאָלגען. די וועלט איז גרויס, די צוקונפט ווייט. צו וואָס זאָל ער שטאַרבען?

זיין בליק האָט געבלאָנדזשעט איבער די פעלדער, און פון ווייי־

מען אויפ'ן וועג האָט ער דערזעהן אַ בלויען פלעק. דאָס איז גע־וועזען מעדעריק, ער איז געקומען ברייננגען די שטאָדטישע בריעף און די פון דאָרף נעהמען מיט זיך.

רענאַרדעט איז אויפגעשפרונגען, אַ שאַרפער וועהטאָג האָט איהם דורגענומען און ער האָט זיך געלאָזט לויפען צו די גֶדרעהטע טרעפ, אום זיין בריעף צוריק צוקריגען, איהם ביים בריעף־טרעגער אַבצונעהמען. איצט איז איהם געוועזען אַלץ איינס צו מען זעהט איהם, צו ניט. ער איז געלאָפען איבער'ן גראָז, וואָס איז פייכט גע־וועזען פון פריהמאָרגענדיגען טהוי, און איז אָנגעקומען צום בריעף־קאַסטען אויפ'ן ראָג פון הויז אין איין צייט מיט דעם בריעף־טרע־גער.

דער מאַן האָט געעפענט דאָס הילצערנע קעסטעל און פון דאָרט ארויסגענומען די בריעף.

רענאַרדעט האָט זיך געווענדעט צו איהם:

— גוט מאָרגען, מעדעריק.

— גוט מאָרגען, הערר בירגערמייסטער.

— הערט אקאַרשט, מעדעריק, איך האָב אין בריעף־קאַסטען אַ בריעף, וועלכען איך דאַרף האָבען, גיט מיר איהם אקאַרשט צוריק.

— גוט, הערר בירגערמייסטער, איך וועל אייך איהם צוריק־געבען.

דער בריעף־טרעגער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ. ער איז גע־וואָרען אַ פערציטערטער, ווען ער האָט דערזעהן רענאַרדעט'ס פנים. ער איז געווען בלאָס, די באַקען גרין, די אויגען, איינגעפאַלען און מיט בלויע פאַסען ארום זיי, האָבען צושטערט נעבלאָנדזשעט פון איין זאַך אויף דער צווייטער. זיינע האָאָר אויפ'ן קאָפּ און די באָרד זיינען געווען צושויבערט, דער שניפס אבגעבונדען, מען האָט גע־קענט זעהן, אז ער האָט די נאַכט ניט געשלאָפען.

דער מאַן האָט געפרעגט:

— איהר זייט הפנים קראַנק, הערר בירגערמייסטער?

דער צווייטער האָט זיך פלוצים געכאַפּט, אז זיין אויסזעהן מוז זיין אויפפאַלענד, ער האָט זיך פערלאָרען און גענומען שטאַמלען:

— ניין, ניין, איך בין איצט נור וואָס ארויסגעשפרונגען פון

בעט, אום אבצונעהמען דעם בריעף. איך בין געשלאָפען, איהר ווייסט דאָך, אז איך שלאָף געוועהנליך אין דער צייט.

דער אַלטער סאָלדאט האָט געקריעגען עפּעס אַן אונבעשטימטען פערדאכט .

ער האָט געפרעגט :

— וועלכען בריעף ?

— אָט דעם, וואָס איהר דאַרפט מיר צוריקגעבען.

איצט האָט מעדעריק גענומען איבערלייגען. דעם בירגערמייס־טער'ס באַנעהמען זיך איז איהם פאָרגעקומען עפּעס ניט גלאַט ; אפשר האָט הינטער דעם געשטעקט עפּעס אַ געהיימניס, עטוואָס פּאָ־ליטישעס. ער האָט געוואוסט, אז רענאַרדעט איז ניט געוועזן קיין רעפּובליקאַנער, און ער האָט געוואוסט פון אַלע שפּיצלאָך און דרייד־לאָך, וועלכע קומען פאָר ביי די וואהלען.

ער האָט געפרעגט :

— צו וועמען איז דער בריעף אדרעסירט ?

— צו דעם אונטערזוכונגס ריכטער הערר פוטאַן, איהר קענט דאָך מיין פריינד פוטאַן ?

דער בריעף־טרעגער האָט גענומען זוכען און געפונען דעם בריעף, האָט ער איהם בעטראַכט, געדרעהט צווישען די פינגער אַהין און צוריק, אַ צומישטער, אַ אונרוהיגער און אין איין שרעק ער זאָל נישט באַגעהן עפּעס אַן אונרעכט אָדער ער זאָל זיך ניט מאַכען דעם בירגערמייסטער פאַר אַ שונא.

רענאַרדעט האָט געזעהן זיין אונענטשלאָסענהייט און ער האָט געמאַכט אַ בעוועגונג אַרויסצורייסען ביי איהם דעם בריעף מיט גע־וואַלד. די דאָזיגע בעוועגונג האָט מעדעריק'ן איבערצייגט, אז עס האַנדעלט זיך וועגען אַ וויכטיגען געהיימניס, און ער האָט זיך בע־שלאָסען, מעג זיין וואָס עס וויל, ער וועט טהאָן זיין פּפליכט.

ער האָט אריינגעוואָרפען דעם בריעף אין זיין זאַק אריין און געזאָגט :

— ניין,הערר בירגערמייסטער, דאָס קען איך ניט. דער בריעף איז געשיקט געוואָרען צום געריכט און איך קען עס נישט טהאָן.

אַן אימה'דיגע מורא האָט פאַרקוועטשט רענאַרדעט'ס האַרץ. ער האָט גענומען שטאַמלען:

— אָבער איהר קענט מיך דאָך, איהר קענט דאָך מיין האַנד־שריפט. איך זאָג אייך דאָך, אַז איך דאַרף דעם בריעף.

— וואָס העלפט עס, איך קען עס ניט טהאָן.

— אָבער, מעדעריק, הערט דאָך אויס, איך נאַר אייך דאָך ניט אָב. איך זאָג אייך, איך דאַרף דעם בריעף.

— ניין, איך קען עס נישט טהאָן.

רענאַרדעט איז געוואָרען אַ צוקאָכטער.

— צום טייפעל, נעהמט זיך אין אַכט! איהר ווייסט, אַז איך האָב פיינד צו שפּאַסען און אַזאַ געשיכטע קען אייך קאָסטען דעם פּלאַץ און גאַנץ שנעל אויך. אויסערדעם בין איך דאָ בירגערמייס־טער און איך באַפעהל אייך איצט, מיר אָבצוגעבען מיין בריעף.

דער בריעף־טרעגער האָט געענטפערט ענטשלאָסען:

— ניין, דאָס קען איך נישט, הערר בירגערמייסטער.

דאָ האָט רענאַרדעט פערלאָרען דעם קאָפּ און אַ כאַפּ געטהאָן דעם בריעף־טרעגער פאַר'ן אָרעם, אום ביי איהם אַרויסצורייסען דעם בריעף־טאַש, אָבער מיט איין שטויס האָט זיך דער מאַן פריי גע־מאַכט, איז אָבגעשפּרונגען און אויפגעהויבען זיין שטעקען. גאַנץ רוהיג האָט ער געזאָגט:

— ריהרט מיך נישט אָן, הערר בירגערמייסטער, אַז ניט וועל איך שלאָגען. נעהמט זיך אין אַכט, איך טהו מיין פליכט.

רענאַרדעט האָט געפיהלט, אַז עס איז פערלאָרען, און פּלוצים איז ער ווייך געוואָרען און גענומען בעטען רחמנות'דיג, ווי אַ וויי־נענדיגע קינד.

— איך בעט אייך, ליעבער פריינד, גיט מיר דעם בריעף, איך וועל אייך דערפאַר בעלוינען. איך וועל אייך געבען געלד. איך גיעב אייך הונדערט פראַנק, הערט אויס, הונדערט פראַנק.

דער מאַן האָט זיך אומגעקעהרט און איז אַוועק זיין וועג. רע־נאַרדעט איז איהם נאָכגעלאָפען אָהן אַן אָטהעם און געשטאַמעלט:

— מעדעריק, מעדעריק, הערט דאָך, איך גיעב אייך טויזענד פראַנק, הערט, טויזענד פראַנק — יענער איז געלאָפען ווייטער און

גאָרנישט געענטפערט. רענאַרדעט האָט זיך געבעטען : — איך וועל אייך גליקליך מאַכען, הערט אויס, איך גיעב אייך וואָס איהר ווילט. ווילט איהר פופציג טויזענד פראַנק? איך גיעב, איך גיעב אייך פופציג טויזענד פראַנק פאַר דעם בריעף, וואָס מאַכט עס אייך אויס?... איהר ווילט ניט?... נו, טאָ זאָל זיין הונ־דערט טויזענד פראַנק, איהר הערט, הונדערט טויזענד פראַנק, באַ־רעכענט זיך נור, הונדערט טויזענד פראַנק... הונדערט טויזענד פראַנק.

דער בריעף טרעגער האָט זיך אומגעקעהרט מיט אַן ערנסטען בליק און אַ שטאַרען געזיכט :

— זייט שטיל, בעסער הערט אויף, אָדער איך וועל אויסזאָגען פאַר'ן געריכט, וואָס איהר האט מיר אָנגעבאָטען.

רענאַרדעט איז אַנשוויגען געוואָרען. אַלעס איז געווען אויס, קיין שום האָפנונג איז ניט פאַרבליעבען. ער האָט זיך אומגעקעהרט און גענומען לויפען צום הויז ווי אַ פערפאַלגטע חיה.

מעדעריק איז געבליעבען שטעהן און גאַנץ פערוואונדערט נאָכ־געקוקט, ווי יענער אַנטלויפט. ער האָט געזעהן, ווי דער בירגער־מייסטער איז אריינגעלאָפען אין הויז אריין, און דער בריעף־טרע־גער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף איין אָרט עפּעס אזוי ווי וואַרטענ־דיג, אַז עפּעס אונגעוועהליכעס, עפּעס איבערראַשענדעס זאָל גע־שעהן.

און באַלד האָט זיך מאַקע רענאַרדעט'ס הויכע געשטאַלט בע־וויזען פון אויבען אויף דעם פוקס טורעם. אַ ווײַלע איז ער אַרומ־געלאָפען איבער דער פּלאַטפאָרמע, ווי אַ משוגענער. דאַן האָט ער אַ כאַפּ געטהאָן דעם פאָהנען שטאַנג און גענומען איהם טרייסלען מיט רוגזה, ער האָט איהם אבער ניט געקענט צוברעכען און פּלוצים האָט ער זיך אַרונטערגעוואָרפען מיט די הענד אויסגעשפּרייט אין פאַר־אויס ווי אַ שווימער, מיט'ן קאָפּ אַראָפּ פון טורעם אַרונטער.

מעדעריק האָט זיך געלאָזט לויפען רופען הילף. ווען ער איז

דורך דעם פּארק דורכגעגאנגען, האָט ער געטראָפען די אַרבייטער, וועלכע זיינען געגאנגען אין וואַלד אריין די בוימער האַקען. ער האָט זיי צוגערופען, דערצעהלט וועגען אונגליק און צוזאַמען מיט זיי גע־פונען צופוסען פון מויער אַ צובלוטיגטען קערפּער, וועמעס קאָפּ איז אויף די פעלזען צושמעטערט געוואָרען. די ברינדיללע איז געפלאָ־סען ארום די פעלזען און אויף דעם וואַסער, וואָס איז אויף דער זייט געווען קלאָר און רוהיג, האָט מען געזעהן ציהענדיג זיך לאַנגע, רויטע פּאַסען פון בלוט אויסגעמישט מיט געהירן.



# די בית־עולם יעגערין.



ינף פריינד האָבען נור־וואָס גענענדיגט עסען זייער מיטאָג. דאָס זיינען געוועזען רייכע, בעיאָהרענטע מענער פון דער בעסערער געזעלשאַפט, דריי פון זיי פערהייראַטה און צוויי ניט. זיי זיינען זיך אַזוי צונויפגעקומען יעדען מאָנאַט און האָבען פערבראַכט צום אָנדענקען פון זייער יוגענד. און נאָך דעם מיטאָג זיינען זיי פערבליעבען זיצען און גערעדט און דערצעהלט זיך מעשות ביז אַרום צוויי נאָך האַלבע נאַכט.

זיי זיינען געוועזען נאָהענטע פריינד, האָבען זיך ליעב געהאַט איינער דעם אַנדערען און די דאָזיגע אָבענדען האָבען זיי גערעכענט פאַר די אַנגענעהמסטע אין זייער לעבען. דאָ האָבען זיי געשמועסט וועגען אַלסדינג, וואָס האָט אינטערעסירט און אַמוזירט פּאַריז, וועגען די אַלע פּאַסירונגען פון טאָג, וואָס זיי האָבען אין די צייטונגען געלעזען. דער פרעהליכסטער צווישען זיי איז געוועזען איינער מיט'ן נאָמען זשאָזעף דע־באָרדאָן, אַן אַלטער בחור, וואָס האָט גענומען פון דעם פּאַריזער לעבען, וואָס נור און וויפיעל נור ער האָט געקאָנט. ער איז ניט געוועזען קיין הוליאַקע, ניט קיין הולטיי, ניט קיין אויסגעלאַסענער, נור סתם אַ מענש מיט אַ לעבעדיגער נאַטור, ניט קיין אַלטער, אונגעפעהר אַ יאָהר פערציג. ער איז געוועזען אַ וועלטליכער מענש אין דעם בעסטען זינן פון'ם וואָרט, אַ קלוגער, אַ פעהיגער, הגם ניט זעהר קיין טיעפער, אַ גאַנץ געבילדעטער, הגם, אָהן אַ ריכטיגער גרונטאָווגער בילדונג. ער האָט אַלסדינג לייכט אויפגעכאַפּט, אָבער גאַנץ אויבערפלעכליך. ער האָט אַ סך געזעהן, אַ סך בעאָבאַכטעט, אַ סך מיטגעמאַכט און דערפאַר האָט ער געהאַט גענוג שטאָף פאַר זיינע וויצען, פאַר זיינע

אנעקדאָטען, וואָס וואָלטען געגוג געווען פאַר אַ קאָמישען און פילאָ־זאָפישען ראָמאַן. צוליעב זיינע וויצען האָט מען אויף איהם גע־קוטק ווי אויף אַ זעהר גייסטרייכען מענשען. ביי די באַנקעטען איז ער געווען דער הויפּט רעדנער; ער האָט תמיד געהאַט אָנגע־גרייט עפּעס אַ מעשה'לע, אַן אַנעקדאָטעל, מיט וועלכען ע־ האָט אַמוזירט דעם עולם.

ער איז געזעסען אָנגעשפּאַרט מיט די עלענבויגענס אָן טיש, האָט געהאַלטען אַ סיגאַרעט אין מויל און איז געווען איינגעווי־קעלט אין וואָלקענס טאַבאַק־רויך, צומישט מיט דעם אַראָמאַט פון פּאַרעדיגען קאַפע. ער איז געזעסען און האָט זיך געפיהלט אין גאַנצען אין זיין ספערע, ווי עס טרעפט אַמאָל מיט מאַנכע מענשען אין געוויסע צייטען און אויף געוויסע פּלעצער, ווי למשל, עס פיהלט אַמאָל אַ רעליגיעזע פרוי אין אַ קלויסטער, אָדער ווי אַ גאָלדען פי־שעלע אין אַן אַקוואַריום.

ער האָט זיך פערצויגען מיט'ן סיגאַרעט איין מאָל, אַ צווייטען מאָל און דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

— אַ מאָדנע געשיכטע האָט מיט מיר געטראָפען אַ קורצע צייט צוריק.

אַלע אַנוועזענדע האָבען כמעט אין איין קול זיך גענומען בעטען ביי איהם ער זאָל דערצעהלען.

— מיט פערגעניגען, האָט ער געזאָגט, איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב ליעב צו וואַנדלען איבער פּאַריז, זוכען, פאָרשען און בע־אָבאַכטען דאָס לעבען. איך בעמערק סצענען, מענשען, אַלסדינג, וואָס טראָגט זיך פערביי, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען.

טרעפט זיך, אַז אין מיטען סעפּטעמבער געה איך אַרויס פון הויז און טראַכט מיר, וואוהין, אין וועלכער זייט געהט מען? דאָס וועטער איז שעהן, ס'איז נאָך האַלבען טאָג. געוועהנליך אין אַזאַ צייט ווילט זיך געהן בעזוכען אַ שעהנע פרוי. הויבסט זיך אָן צו דערמאָנען אָן די פערשיעדענע פרויען, וואָס דו קענסט, פערגלייכסט זיי איינע צו די אַנדערע, דערמאָנסט זיך ווי די האָט דיך בעצווי־בערט, ווי יענע האָט דיך בעצויבערט און צום סוף בעשליעסט זיך צו געהן צו דער אָדער צו יענער, עס ווענדט זיך ווי דו ביסט

אמאָל אויפגעלעגט. אָבער די העלע זון און די וואַרימע לופט נעה־מען ביי דיר אמאָל אוועק דעם גאַנצען חשק פון צו מאַכען אַזוינע וויזיטען... און אין יענעם טאָג האָט די זון דוקא העל געשיינט און די לופט איז געווען וואַרים. איך האָב פערדרויכערט אַ סיגאַר און בין זיך אוועק גלאַט אַזוי איבער'ן בולוואַר, נים האָבענדי'ג פאַר זיך קיין בעשטימטען צוועק. איך בין אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, ביז מיר איז מיט אמאָל איינגעפאַלען צו צוגעהן צו מאָן־מאַרטר־בית עולם און זיצען דאָרט אַ ווײַלע.

איך האָב ליעב צו געהן אויף אַ בית עולם, דאָרט רוה איך זיך אָב און פאַל מיר אַריין אין אַ מעלאַנכאָלישע שטימונג. פאַר מיר איז עס נויטיג; חוץ דעם האָב איך דאָרט גוטע פריינד, וועלכע איך וועל שוין מעהר קיין מאָל נים זעהן און דערפאַר געה איך אהין פון צייט צו צייט. דער מאָנ־מאַרטר בית עולם האָט נאָך פאַר מיר אַ בעזונדערע בעדייטונג: ער דערמאָנט מיך אָן אַ געווי־סע ליעבעס־געשיכטע, וועלכע האָט איבערגעלאָזען אַ וואונד אין מיין הארצען, אָן אַ געוויסער רייצענדער, קליינער פרוי. דיזע עראי־נערונג וועגען איהר רופט אַרוים אין מיר צו דער זעלבער צייט אי טיעפען שמערץ, אי חרטה... אַ פערשיעדענאַרטיגע חרטה. און איך געה אויף איהר קבר, זיץ דאָרט און טרוים און טרוים... פאַר איהר איז עס שוין אַלץ איינס...

און דערפאַר נאָך — האָט ער גערעדט ווייטער — האָב איך ליעב די בית עולם'ס ווייל זיי זיינען גאַנץ בעזונדערע שטעדט, וועל־כע זיינען בעפעלקערט אויף אַ גאַנץ בעזונדערען אופן. אין דער אמת'ן, בעטראַכט נור, וויפיל טויטע עס געפינען זיך אויף אַזאַ קליי־נעם שטח. דערמאָנט זיך נור ווי פיעל דורות מענשען האָבען זיך דאָרט בעזעצט אויף אייביג, אייביג אין די קליינינקע גריבער, אין די דאָזיגע לעכער, וואָס זיינען בעצייכענט מיט מצבות, וועהרענד די לעבעדיגע פערנעהמען אַזוי פיעל פּלאַץ און ליאַרמען אַזוי פיעל, די נאַרען. חוץ דעם, קען מען זעהן אויף די בית עולם'ס מאָנומענטען, וואָס זיינען כמעט אַזוי אינטערעסאַנט ווי די וואָס מיר קענען זעהן אין די מוזעאומס. דער מאָנומענט אויף קאַווענויאַק'ס קבר האָט מיך דערמאָנט (נאַטירליך איך וויל זיי נים פערגלייכען) אָן דער

קונסט־ארבייט פון זשאן גוזשאן, וואס שטעלט פאר דעם קערפער פון לואי דע־ברעזע אין דער אונטעראירדישער קאפעלע פון דעם קלויסטער אין רואן.. די גאנצע קונסט, אי די סימבאלישע, אי די רעאליסטישע, איז פערקערפערט אין דעם דאזיגען ווערק, מיינע הער־רען. דיעזער טויטער לואי דע־ברעזע איז מעהר לעבעדיג, מעהר נאטירליך, מעהר שוידערהאפט, אין איהם פיהלט זיך מעהר די גסיסה, ווי אין די אלע צוקרימטע קערפערס, וואס שטעלען פאר מיט זיך די אלע מאנומענטען אויף די קברים.

קורץ, איך בין ארויף אויף׳ן מאנ־מארטר בית עולם. גלייך האט מיך אנגעכאפט אן אומעט, יענער אומעט, וואס פערשאפט ניט קיין גרויסען שמערץ, אבער וועלכער צווינגט דעם מענשען א טראכט צו טהאן וועגען טויט.

דער איינדרוק פון דעם הערבסט, פון דער דאזיגער ווארימער פייכטקייט, וואס האט געשמעקט מיט צופוילטע בלעטער און גראז, דער שוואכער מאטער שיין פון דער זון האבען נאך פערטיעפט די ערנסטקייט און די פאעזי פון דעם געפיהל און עס האט זיך גע־דאכט ווי דו זעהסט שוויינענדיג דעם לעצטען סוף איבער דעם דא־זיגען ארט, וואו עס שמעקט מיט דעם טויט פון מענשען.

איך האב זיך געלאזט געהן איבער די אלעען, צווישען די קברים, וואו די שכנים בעזוכען ניט איינע די אנדערע, שלאפען ניט צוזאמען, לעזען ניט היינטיגע צייטונגען. איך האב גענומען לעזען די שבחים אויף די מצבות. איך זאג אייך, אז דאס איז די אינ־טערעסאנטסטע און קאמישסטע זאך אויף דער וועלט. קיין מאל האט נאך מיר קיין הומאריסט ניט געמאכט אזוי לאכען, ווי דער דאזיגער קאמיזם אויף די מצבות. אך, וואס פאר א ביכער שטעלען מיט זיך פאר די דאזיגע מארמארנע מצבות און צלמים, אויף וועל־כע די לעבעדיגע קרובים האבען אויסגעקריצט זייער בעדויער נאך די טויטע און זייערע האפנונגען צו זעהן זיך מיט זיי אויף יענער וועלט — ליגנער !...

אבער בעזונדערס האב איך ליעב אויף דעם בית עולם יענעם זייטיגען פלאץ, יענעם פערוואָרפענעם פלאץ, וואו עס רוהען די טוי־טע פון די אלטע, אלטע דורות. דאס איז דער אלטער קווארטאל,

וועלכער איז בעפלאנצט מיט קיפאריסען־בוימער, יענע גרינע בוי־מער, וואס זיינען אנגעזאפט מיט די קערפערס פון מענשען.

ווען איך האב דארט פערבראכט א היבשע וויילע, האב איך דערפיהלט, אז איך הויב זיך אן צו לאנגווייליגען און איך בין אוועק צום קבר פון מיין געליעבטער. בין צוגעגאנגען צו דעם דאזיגען קבר. ארימע, זי איז געווען אזוי שעהן, אזוי רייצענד, זי האט גע־קאנט אזוי ליעבען, א ווייסינקע און א פרישע... און איצט... ווען מען זאל... אויפגראבען זי... איך האב זיך איבערגעבויגט איבער דעם אייזערנעם שטאכעט און שטיל אויסגעגאסען פאר איהר מיין ביטער הארץ. זי האט געווים ניט געהערט. איך האב זיך שוין געקליעבען אוועקצוגעהן, ערשט פלוצים האב איך דערזעהן א פרוי, אין שווארצען, אין טיעפען טרויער. זי איז געשטאנען אויף די קניע נעבען צווייטען קבר. דער שלייער איז געווען אויפגעהוי־בען און עס האט ארויסגעקוקט א שעהן בלאנד קעפעלע. אונטער דעם דאזיגען שווארצען שלייער האבען די העלע האאר איהרע נאך העלער, נאך זוניגער אפגעשלאגען.

איך בין פערבליעבען.

זי האט זיכער געטרויערט, זי האט זיכער געליטען. זי האט געהאלטען די הענד אויפ'ן פנים, איז געשטאנען אויף די קניע און ניט א ריהר געטאהן מיט קיין אבר, פערזונקען אין גאנצען אין איהר טרויער, אין איהר אונגליק. זי איז, דאכט זיך, אליין געווען טויט. דערנאך, לויט דעם אויפציטערן פון איהר רוקען, האב איך פערשטאנען, אז זי קלייבט זיך צו וויינען. און זי האט זיך צו־וויינט, אפריהער שטיל, דערנאך שטארקער און שטארקער, איהרע אקסלען און איהר האלז האבען אויפגעציטערט פון געוויין. מיט אמאל האט זי געעפענט איהרע אויגען, זיי זיינען געווען פול מיט טרעהרען און שעהן, הערליך שעהן. זי האט א קוק געטהאן ארום זיך ווי זי וואלט ערוואכט פון א טיעפען קאשמאר. זי האט דער־זעהן, אז איך קוק אויף איהר, איז זי צומישט געווארען און האט ווידער פערדעקט דעם פנים מיט די הענד. זי האט ווידער גע־נומען וויינען און דאס מאל קאנוואולסיוו, קראמפפהאפט, און איהר קאפ האט זיך לאנגזאם ארונטערגעלאזט אויף דער מארמארנע מצבה.

זי האט צוגעדריקט איהר שטערען צום שטיין און איהר שלייער האט פערדעקט די ווייסע מצבה וואס איהר איז קענטיג געווען אזוי טייער.

איך האב דערהערט א קרעכץ, זי האט זיך אין גאנצען ארונטער־געלאזט אויף דער ערד, איז צוגעפאלען מיט דער באק צום שטיין און איז געבליעבען ליעגען גע'חלש'ט.

איך האב זיך אווארף געטהאן צו איהר, געריבען איהר די הענד, געבלאזען איהר אויף די אויגען און אין דער זעלבער צייט האב איך איבערגעלעזען אויף דער מצבה די דאזיגע אויפשריפט:

„דא רוהט לואי טהעאדאר קארעל, א פלאטען־אפיציער, וועלכער איז דער'הרג'עט געווארען פון פיינד אין טאנקין. בעט גאט פאר איהם“.

דער דאטום האט אנגעוויזען, אז ער איז ערשט עטליכע מא־נאטען טויט.

איך בין געריהרט געווארען ביז טרעהרען און האב נאך מיט מעהר ברען זי גענומען מינטערען. באלד האב איך זי אבגעמינ־טערט. איך האב אויסגעזעהן זעהר אויפגערעגט. איך בין גאר ניט מיאוס און ניט גאר אלט, ערשט פערציג יאהר דארף מיר ווע־רען. פון דעם ערשטען בליק, וואס זי האט אויף מיר געווארפען, האב איך פערשטאנען, אז זי וועט זיין צו מיר פריינדליך און דאנקבאר.

אזוי איז טאקע געווען.

מיט טרערען אין'ם קול האט זי מיר דערנאך דערצעהלט איהר טרויעריגע געשיכטע. זי האט רחמנות'דיג געבליפעט און געזיפצט און געזיפצט. דער אפיציער איז דער'הרג'עט געווארען א יאהר נאך זייער חתונה, זי האט איהם אזוי ליעב געהאט, זיי האבען געהייראטה אויס ליעבע און נאך איהם איז זי פערבליעבען אזוי עלענד אהן מיטלען צום לעבען.

איך האב זי געטרייסט, געהאלפען איהר אויפשטעהן פון ד'רערד און געזאגט:

— קומט, איהר דארפט דא אליין ניט בלייבען.

זי האָט שוואַך אַרויסגערעדט:

— איך האָב קיין כח נים אַ טראָט צו טהאָן.

— איך וועל אייך העלפען.

— איך דאַנק אייך, מיין הערר, איהר זייט זעהר ליעבענסוויר־דיג. זייט איהר אויך געקומען אהער צו בעקלאָגען אַ טויטען?

— יאָ, מאַדאַם.

— אייער פרוי?

— מיין פריינדין.

— מען קען ליעב האָבען אַ פריינדין פונקט אַזוי ווי אַ פרוי. די ליידענשאַפט ווייס נים פון קיינע געזעצען.

— יאָ, מאַדאַם.

און מיר זיינען אַוועק צוזאַמען, זי אָנגעשפּאַרט אויף מיין אָרם. איך האָב זי כמעט אויף די הענד געטראָגען איבער די אַלעען פון׳ם בית עולם.

ווען מיר זיינען אַרויס, האָט זי שטיל אַרויסגערעדט:

— מיר ווערט, דאַכט זיך, ווידער שלעכט.

— ווילט איהר, אפשר, מיט מיר ערגעץ אַריינגעהן און עפּעס אויסטרינקען?

— יאָ, מיין הערר.

איך האָב דערזעהן אַ רעסטאָראַן, איינעם פון יענע וואו די פריינדע פון די טויטע שטעלען זיך אָפּ בעת זיי געהן פון׳ם בית עולם. מיר זיינען אַריין אהין. איך האָב בעשטעלט פאַר איהר אַ גלאַז הייסען טהעע, וועלכע האָט זי קאָנטיג אָבגעפרישט. אַ לייכ־טער שמייכעל האָט גענומען שפּיעלען אויף איהרע ליפּען, זי האָט גענומען ריידען וועגען זיך. ס׳איז אַזוי טרויעריג, אַזוי טרויעריג צו זיין עלענד, צו זיצען אַליין אין הויז, סיי נאַכט סיי טאָג, נים האָבען קיינעם וועמען צו ליעבען, וועמען צו גלויבען, צו וועמען צו זיין צוגעבונדען.

איהרע ווערטער האָבען געקלונגען אויפריכטיג. זי האָט גע־רעדט אַזוי ליעב. זי איז געווען יונג, אַ יאָהר צוואַנציג. איך האָב זי בעשאָטען מיט קאָמפּלימענטען. זי האָט זיי אָנגענומען זעהר גוטמוטהיג. דערנאָך האָב איך איהר פאָרגעלעגט אַבצופיהרען

אהיים אויף א דראזשקע, ווייל עס איז שוין געווארען גאנץ שפעט־לעך. זי האט איינגעוויליגט. אויף דער דראזשקע זיינען מיר גע־זעסען אזוי נאהענט איינער נעבען אנדערען, אקסעל צו אקסעל, דאס די ווארימקייט פון אונזערע קערפערס האבען זיך צוזאמענ־געמישט דורך די קליידער, וואס דאס איז די אויפרעגענדעסטע זאך אין דער וועלט.

ווען די דראזשקע איז שטעהן געבליעבען פאר איהר הויז, האט זי זיך אנגערופען:

— איך פיהל, אז איך וועל ניט קענען ארויפגעהן אליין די טרעפ, איך וואהן דאך אויפ'ן פערטען שטאק. ווער איהר שוין זיין אזוי גוט און מיר העלפען ארויפגעהן.

איך בין מרוצה געווארען.

זי איז געגאנגען אויף די טרעפ לאנגזאם און האט שווער גע־אטהעמט. דערנאך פאר דער טיר האט זי צוגעלייגט:

— קומט אריין אויף א פאאר מינוט, אום איך זאל אייך קע־נען בעדאנקען.

איך בין אריין, דער טייפעל זאל מיך נעהמען.

איהר וואהנונג איז געווען איינפאך, מען קען זאגען, ארים, דערפאר אבער גאנץ ציכטיג. מיר האבען זיך געזעצט איינער נע־בען אנדערען אויף א קליינער זאפא און זי האט וויעדער גענומען ריידען וועגען איהר עלענדקייט.

זי האט אנגעקלונגען נאך איהר דיענסט, אום מיך מכבד צו זיין מיט עפעס, אבער קיין דיענסט איז ניט געקומען. זי האט ארונטערגענומען איהר הוט. זי איז אזוי שעהן געווען מיט איהרע העלע אויגען וואס האבען געקוקט אויף מיר אזוי דורכדרינגענד, דאס איך האב זיך אין גאנצען אנגעצונדען און האב זיך ניט געקענט בעהערשען. איך האב זי א כאפ געטהאן אין די ארעמס און זי גע־נומען קושען, קושען, קושען אויף די אויגען, וועלכע זי האט גע־האלטען צוגעמאכט.

זי האט זיך געוועהרט, געשטופט מיך פון זיך און געמורמעלט:

— גענוג, גענוג, זאל שוין זיין א סוף.

אום צו מאכען זי זאל שווייגען, בין איך אריבער פון די אויגען

צו איהרע ליפען און מיט מיין מויל פערשלונגען איהרע ווערטער. דאס איז מיר בעסער געפעלען געווען.. זי האט זיך שוין אזוי שטארק נים געוועהרט און ווען מיר האבען א קוק געטהאן איינער אויפ׳ן אנדערען נאך דער דאזיגער בעליידיגונג פון דעם אנדענקען פון דעם אפיציער, וואס איז דער׳הרג׳עט געווארען אין טאמקין, האט זי אויסגעזעהן אזוי נאכגיעביג, אזוי אונטערווארפען, דאס איך האב שוין מעהר נים געטראכט צו זי האט זיך פון דעם בעליידיגט, צו נים. דאן האב איך דערפיהלט א דאנקבארקייט צו איהר, האב גע־רעדט מיט איהר נאך א ווײלע, דערנאך האב איך געפרעגט :

— וואו עסט איהר אייער מיטאג ?

— דא דערביי, אין א קליינעם רעסטאראן.

— גאנץ אליין ?

— נו, יא.

— ווילט איהר געהן עסען מיט מיר ?

— וואוהין ?

— אין א רייכען רעסטאראן, אויפ׳ן בולוואר.

זי האט זיך א ווײלע געלאזט בעטען, דערנאך אבער האט זי איינגעוויליגט, ווייל, ווי זי האט זיך פערענטפערט, איהר איז זעהר אומעטיג. דערנאך האט זי געזאגט, אז זי דארף זיך איבערטהאן א העלערן קלייד און זי איז פערשוואונדען אין איהר שלאף־צי־מער. ווען זי איז ארויס פון דארט, איז זי פשוט הערליך געווען אין איהר איינפאכען גרויען טואלעט, אזוי נעט און שלאנק.

ביי׳ם מיטאג איז זי געווען זעהר לוסטיג, האט געטרונקען שאמפאניער, האט געקאכט און געברענט און דערנאך האב איך זי אבגעפיהרט אהיים.

די דאזיגע פערהעלטניסע, וואס האבען זיך אנגעהויבען אויפ׳ן בית עולם, האבען אנגעהאלטען א וואכען דריי. אבער אלסדינג דערעסט דאך, בעזונדערס פרויען, האב איך זי אויף דער פיער־טער וואך פערלאזען אונטער דעם אויסרייד, אז איך מוז אוועק־פאהרען. פאר מיין זאגענאנטען אוועקפאהר איז זי געווען מעהר גוט צו מיר ווי ווען עס איז און איך האב איהר געמוזט שווערען, אז איך וועל זיך צו איהר צוריקקעהרען באלד נור ווי איך וועל קומען

צוריק. עס האָט אויסגעזעהן, אַז זי איז ווירקליך צו מיר צוגע־בונדען.

דערווײַלע האָב איך זיך היגעריסען מיט אַנדערע זאַכען און אַ מאָנאַט איז פערביי און ווענען איהר האָב איך כמעט ניט גע־טראַכט. און דאָך האָב איך זי אין גאַנצען ניט פערגעסען... אַפּט האָב איך זיך דערמאַנט אָן איהר און דאַן האָט זי זיך מיר פאָרגע־שטעלט ווי אַ געהיימניס, ווי אַ פּסיכאָלאָגישער רעטזעל, ווי איינע פון יענע אונערקלערטע פראַגען, אויף וועלכע עס ווילט זיך קריגען אַן ענטפער.

איינמאָל איז מיר איינגעפאַלען, איך וויים ניט ווארום, אַז איך וועל זי טרעפען אויף מאָנ־מארטר בית עולם און איך בין אוועק אַהין. איך האָב לאַנג דאָרט געשפּאַצירט און ניט געטראָפען קיי־נעם אויסער די געוועהנליכע בעזוכער, וואָס קומען צו זייערע טהייי־ערע אויף די קברים. אופ׳ן קבר פון דעם אָפּיציער, וואָס איז דער־הרג׳עט געוואָרען אין טאנקין, זיינען ניט געווען ניט קיין וויינער, ניט קיין בלומען און ניט קיין קראַנצען.

אָבער אין אַ ווײַלע שפּעטער, ווען איך האָב געשפּאַצירט אויף דעם אַנדערען עק פון׳ם בית עולם, האָב איך פּלוצים דערזעהן צווי־שען די מצבות אַ פּאָאָרל, וואָס איז געגאַנגען אין די ריכטונג צו מיר. אָה, הימעל ! ווען זיי זיינען צוגעגאַנגען נעהענטער, האָב איך דערקענט די פרוי. דאָס איז געווען זי אין טרויער־קליידער.

ווען זי האָט מיך דערזעהן, איז זי רויט געוואָרען און אַזוי ווי איהר איז אויסגעקומען צו פערבייגעהן מיר זעהר נאָהענט אי־בער אַ שמאָלער אַלעע, האָט זי פער׳גנב׳עט אַ ווינק געטהאָן צו מיר מיט די אויגען, וואָס דאָס האָט בעדייטעט :

— דערקענט מיך ניט !...

און אין דער אייגענער צייט :

— וואָס קומט איהר ניט, מיין ליעבער ט.?..

דער מאַן וואָס האָט זי געהאַלטען אונטער׳ן אָרם, איז געווען אַ שעהנער, עלעגאַנטער הערר אַ יאָהר פינפציג מסתמא, מיט אַן אָרדען פון עהרענ־לעגיאָן אין לאַץ.

און ער האָט זי אויך געשלעפּט ווי איך דעמאָלט, בעת איך האָב זי געפיהרט פון'ם בית עולם.

איך בין אוועק צוטומעלט און האָב זיך געפרעגט, וואָס האָב איך עס געזעהן? צו וואָס פאַר אַ מין נפשות געהערט די דאָזיגע בית־עולם־יעגערין? איז זי אַ פּשוטע שטראָסען־מיידעל, וואָס זוכט איהרע קונדען צווישען די טרויערנדע מענער, צווישען יענע מענער, וואָס טרויערען און בענקען נאָך די לאָסקעס פון זייער פרוי אָדער געליעבטע? איז זי אַן אויסנאָהם? אָדער אַזוינע זיינען פאַרהאַן אַ סך? איז עס אַ פּראָפעסיאָן?

אַ בית עולם־יעגערין! אָדער איז עס נור איהר אַליין איינגעפאַלען דער דאָזיגער שעהנער געדאַנק, דער דאָזיגער טיעפער געדאַנק, צו עקספּלואַטירען די בענקעניש נאָך דער פערלאָרענער ליבע, וואָס וואַכט אויף ביי די טרויערענדע אין די דאָזיגע אומעטיגע ערטער?...

איך וואָלט נור געוואָלט וויסען, וועמענ'ס אַלמנה איז זי געווען אין דעם דאָזיגען טאָג.



# דאָס טאָגע־בוך פון א משוגענעם *)



עג און נעכט גאַנצע האָב איך אַלץ געטרוימט וועגען דעם ערשטען קוש, וואָס איך וועל איהר געבען, דעם קוש, וואָס האָט געזאָלט בעשטעטיגען אונזער פער־לאָבונג. איך האָב ניט געוואוסט, וואו איך זאָל איהר דעם דאָזיגען קוש געבען: אויף איהר שטערן נישט, דאָס וואָלט עהנליך געווען צו א פאַמילען־קוש. אויף איהרע היילע האָאר אויך נישט, ווייל בעצאָהלטע הענד האָבען זיי געקאַמט. אויך ניט אויף איהרע אויגען, אויף איהרע פעררויסענע אויגען־לעדלאך, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי קליינע פליעגלען. ווען דאָס וואָלט מיך דערמאָנט אָן דעם לעצטען קוש, וואָס מען דריקט ארויף אויף די פערמאכטע אויגען פון א טויטער פרוי, וועלכע מען האָט שטארק געליעבט. אויף איהרע ליפען, אויף איהר שעהן, ליעב מיילכעל — דאָס אודאי ניט. דאָס האָב איך ניט געוואָלט, ניט געטאָרט בעריהרען ביז די לעצטע הימעלשע מינוט, ווען העלענא וועט ענדליך זיין מיינע, מיינע אין גאַנצען און פאר אימער. מיר איז איינגעפאלען, איך וועל זי גאָר קושען אויף דעם זיסען חן־גריבעלע, וואָס שמייכעלט אויף איינער פון איהרע באַקען, בעת זי איז גליקלאך, בעת זי איז פרעהלאך, אויף דאָס חן־גריבעלע, וואָס האָט מיך אזוי בעצויבערט, פונקט ווי איהר ווייכער, זיסער קול, אין יענעם אבענד, ווען אונזער ליעבע האָט ערוואַכט.

אונזערע עלטערען זיינען גראָד אין שטוב ניט געווען. זיי האָבען געשפאצירט אונטער די בוימער אין'ם גאָרטען. מיר זיי־

*) דער דאָזיגער מאַנוסקריפט איז געפונען געוואָרען צווישען די פאַפירען פון גראף זשאקו דע איקס, וואָס האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק בעגאַנגען זעלבסטמאָרד אין א געוויסען האָטעל.

נען אלזאָ געווען אליין. איך בין צו איהר צוגעגאנגען, האָב אריינ־גענומען איהרע ציטערענדיגע הענד אין מיינע, צוגעצויגען זי צו זיך און אין אויער איהר געשעפּצעט:

— ווי גליקלאַך איך בין, העלענאַ, און ווי איך ליעב דיך!..

דערנאָך האָב איך פערשעהמט איהר אַ קוש געטהאָן אויף'ן חן־גריבעלע. זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן, ווי פון אַ בריה, איז שטארק רויט געוואָרען, האָט געוואָרפען אויף מיר אַ בליק, פול ליעבע, און געזאָגט:

— איך ליעב דיך אויך, זשאקוס, און איך בין זעהר גליקלאַך!

איהר צומישטקייט, דער אופן, ווי זי האָט איהרע געפיהלען אויסגעדריקט, האָבען ענטפּלעקט די ריינע, אונבעפלעקטע געדאנ־קען איהרע. מיר האָט הנאה געטהאָן די קינדערשע אונשולד, וואָס האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין איהר צניעותדיג רויט ווערען. איך האָב מיר געטראכט: „עס איז אַן אָנזאָג אויף גליק". און בשעת מעשה האָט זיך מיר אויך אויסגעוויזען, אַז איך בין זי ניט ווערט. איך האָב זיך כמעט געשעהמט ביי דעם געדאנק, אַז אין איהרע קליינע, אונשולדיגע ארמס וועל איך קענען נור ברענגען די איבער־בלייבענץ פון אַ חרוב'דיג הארץ, וואָס איז פערונריינינגט פון אונ־ווירדיגע פרויען און דורך און דורכגעדרונגען מיט ליגענס. און איך האָב געפיהלט, דאָס עס וועט שטארבען פאר ביטערניש און עקעל...

2

ווי שנעל זי האָט זיך צוגעוועהנט צו מיר! און ווי האַסטיג זי האָט זיך געביטען פון אַ יונג מיידעל אויף אַ פול־ענטוויקעלטע פרוי. זי איז שוין מעהר ניט דאָס נאַאיווע מיידעל, דאָס געפיהל־פולע קינד, מיט וועמען איך האָב פריהער נישט געוואוסט וואָס צו ריידען און וועמענס קינדערשע פראגען פלעגען מיך פריהער צו־טומלען. זי איז קאָקעטיש אין איהר האלטונג; איהר לאַכען, איהרע בעוועגונגען זיינען פערפיהרעריש. מען קען מיינען, אַז מיט דעם פרובט זי איהר איינפלוס אויף מיר און פיהלט געוויס. אַז איך האָב שוין ניט קיין אייגענעם ווילען. זי טהוט מיט מיר, וואָס זי וויל. איהרע לאַסטשענדיגע הענד גלעטען מיך און איך בין אַזוי

גליקלאָך, דאָס צייטענוווייז שרעק איך זיך אליין פאַר אַזוי פיעל גליקזעליגקייט.

מיין לעבען איז איצט זעהר אנגענעהם, פיינליך אנגענעהם. אין די נאָכמיטאגען און אבענדען, ווען מיר פערברענגען אינאיינעם, לעהנט זי אָן איהר קאָפּ אויף מיינע אקסלען, האלט מ״ינע הענד אין איהרע און פערמאכט האלב איהרע וואונדער־שעהנע אויגען, און אין דער דאָזיגער פּאָזע מאָלען מיר זיך אויס אונזער צוקונפטיג לעבען. איך בעדעק זי מיט קושען און אטהעם איין דעם זאנפטען גערוך פון איהרע האָאר, וואָס זיינען פיין ווי זייד און וואָס זעהען אויס, ווי אַ קרוין ארום איהר מאַיעסטעטישען שטערען. דאָס אלס־דינג רייצט מיך, צוטומעלט מיך, פּייניגט מיך, מאכט פון מיר אַ תל. און דאָך יעדעסמאָל ווען איך דארף זיך מיט איהר צושיידען, בין איך גאָר אויס מענש, בין איך גענייגט צו וויינען. איך עקזיס־טיר נור דאַן, ווען איך בין נעבען איהר.

איך קען ניט שלאָפען. אין דער פינסטערניש טראָגט זי זיך פאַר מיר צאַרט, העל און רויטליך. אַזוי עדעל איז זי, אַזוי עלע־גאנט איז איהר געשיקטע טאַליע, איהרע קליינע הענד און פיס מיט איהר גראציעזען קאָפּ און דעם שפּאָטישען און שטיפערישען אויס־דרוק, וואָס ליעגט אין איהר שמייכעלע, און מיט איהר בליק, אין וועלכען עס טונקט זיך אָפּ די העלקייט פון׳ם מאָרגענשטערן, — דאָס ווען איך דערמאָן זיך ווער זי איז און וואָס זי איז פאַר מיר, אַז זי וועט זיין מיין ווייב, ווילט זיך מיר דאַן זינגען, ווילט זיך מיר דאַן ארויסשרייען מיין ליעבע אין דער שטילקייט פון ד׳ער נאַכט.

העלענאַ, ווייזט אויס, איז אויך אונגעדולדיג. עפּעס איז זי די לעצטע צייט אַזוי נערוועז. זי וואָלט אַפּנים געוואָלט אויסמעקען די צוויי וואָכען, וואָס מיר האָבען נאָך צו ווארטען. איהר אונגע־דולד ווייזט זי אַזוי אָפען ארויס, דאָס איהרער אַ אָנקעל, דער קאָ־לאָנעל דע ארטעז, האָט נעכטען אונז מיט רעכט בעמערקט: „ביי גאָט, קינדער, מען וואָלט געקענט מיינען, אַז איהרביידע זייט צוויי זעלנער, וואָס ערווארטען מיט אונגעדולד זייער אורלויב״.

3.

איך ווייס ניט פון וואנען דער פּחד האָט זיך גענומען, וואָס האָט מיך אזוי פּלוצים בעפאַלען און בעלאַגערט מיין גאנצען וועזען, ווי מיט אַ האַגעל גיפטיגע פיילען. וואָס מעהר דער טאָג, אויף וועלכען איך האָב אזוי שטארק געהאָפט, דערנעהענטערט זיך, אַלץ מורא'דיגער ווערט מיר, אלץ נערוועזער ווער איך.

איך ליעב און בין ליידענשאפטליך געליעבט און גאנץ וועניג פאַרלאַף פאנגען אָן זייער אונבעקאַנטע רייזע נאָך אַן אונבעקאנט לעבען מיט אזוי פיעל האָפנונגען און אזוי זיכער אין גליק, ווי מיר ביידע.

מיין צוטרוי צו דער מיידעל, מיט וועלכע איך געה חתונה האָבען, איז אַזוי שטארק, דאָס איך וואָלט אָהן אַ מינוט בעדענקען בעגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען עס וואָלט עפּעס פּאַסירט, וואָס וואָלט אונז צושיידעט, צי וואָס וואָלט אונז געטריבען צו אונפערמייד־ליכע קריעגערייען, אָדער ווען העלענא זאָל אַ שטיינער קראַנק ווע־רען אויף אַ געפעהרליכע קראַנקהייט. און דאָך האָב איך מורא. ווייל איך ווייס, אַז גאָר פיעל האָבען איבערגעפיהרט זייער לעבען און פערלאָרען זייער ליעבע אויף'ן וועג. זיי האָבען פערהאַסט זייערע ווייבער און זיינען אליין פערהאַסט געוואָרען אין די ערשטע אומ־ארמונגען פון צוזאַמענלעבען, אין די ערשטע נעכט פון צערטליכ־קייט און אינטימיטעט.

וואָס קען העלענאַ ערוואַרטען אין איהר אונשולד, וואָס איז פערקלענערט געוואָרען דורך די סודות, וואָס זי פיהרט די לעצטע טעג מיט איהרע פערהייראַטע פריינדינען? וואָס שטעלט זי זיך פאָר און וואָס האָפט זי? וועט איהר אויסגעפיינערטע צאַרטע און נערוועזע נאַטור לאָזען זיך בויגען און זיך אונטערגעבען דעם פיינ־ליכען צוואַנג פון דער ערשטער אומאַרמונג? וועט זי ניט רע־בעלירען געגען די גוואַלדזאַמע אַטאַקע, וואָס פערוואונדעט און שמערצט? אָה, ווען מען טהוט אַ טראַכט, אַז דאָס מוז געשעהן, אַז דער שעהנסטער ליעבעס־אידעאַל מוז ערניעדריגט ווערען! ווען מען טהוט אַ קלער, אַז מען שטעלט איין אין קאָן דאָס גאַנצע

צוקונפטיגע גליק, אַז די קלענסטע זאַך קען מאַכען די פרוי אָדער אין גאַנצען לעבערליך, אָדער אין גאַנצען גליקליך!

איך קען נישט קיין שעהנערע און רייצענדערע בעשעפענים אויף דער גאַנצער וועלט ווי מיין העלענאַ. איך בין שוין אויסגעמאַ־טערט פון דער פיעבערהאַפטער ליעבע. איך דורשט נאָך איהרע ליפען און וואָלט וועלען, אַז יעדער איבר פון איהר קערפּער זאָל צו מיר געהערען. איך ליעב זי משוגע און דאָך וואָלט איך אַלס־דינג, וואָס איך פערמאָג, אוועקגעגעבען, איך זאָל שוין איבערקור־מען די דאָזיגע שטראָף, איך זאָל ווערען מיט אַ וואָך עלטער און נאָך גליקליך...

4

בשעת די געסט האָבען געטאַנצט, האָט מיך מיין שוויגער אוועקגערופען אָן אַ זייט און מיט טרעהרען אין די אויגען צו מיר געזאָגט מיט אַ ציטערענדיגען קול:

— דו געהסט איצט צונעהמען ביי אונז די טהייערסטע זאַך, וואָס מיר האָבען פאַרמאָגט און וואָס מיר האָבען געליעבט מעהר ווי אַלעס אויף דער וועלט. איך בעט דיך דערפאַר זאָלסט איהר היטען פון אונאַנגענעהמליכקייטען, זאָלסט זיין גוט און ערעל צו איהר. איך שטיץ זיך אויף דיין עהרליכקייט און ליעבע און איך האָף, אַז דו וועסט זי בעהיטען און בעשיצען אין דעם געפעהרליכען פאַריזער לעבען... — און ניט קענענדיג זיך מעהר איינהאַלטען, האָט זי וויי‍טער גערעדט, — איך גלויב ניט, אַז דו שטעלסט זיך פאָר, דאָס איך האָב איהר קלאָהר געמאַכט איהרע נייע פליכטען און דערמיט צושטערט איהר אונשולד; ווען צוויי מענשען פאַר־געטערען זיך אַזוי ווי איהרביידע, דאַן לערענט דאָס מיידעל גאַנץ שנעל דאָס, וואָס זי האָט פריהער ניט געוואוסט!

איך האָב זיך שיער ניט צולאַכט איהר אין פּנים אריין, ווייל אַזאַ טהעאַטראַלע פראַזע האָט פאַר מיר געקלונגען אַ נאַריש, אַ צווייפעלהאַפט. דאָס מיינט אַלזאָ, אַז די דאָזיגע אַנשטענדיגע פרוי איז שטענדיג געווען אַ פאַסיווע, בייגזאַמע און נאָכגעבענדיגע נאַטור, וואָס האָט אויף איהר גאַנץ לעבען קיין איין שטאַרקע, אויפ־

רעגענדיגע מינוט ניט געהאַט. האָט קיינמאָל ניט געציטערט אין איהר מאַן׳ס אָרעמס. איצט האָב איך פערשטאַנען, פאַרוואָס איך האָב אין קלוב אָפּט בעמערקט, ווי ער שאַרט זיך צו פרעמדע פרוי־ען, וועלכע קאָסטען איהם זעהר טהייער, אָבער ביי וועלכע ער גע־פינט כאָטש א שאָטען פון ליעבע.

ווי נאַריש עס איז צו רופען פליכט דאָס העכסטע גליק, וואָס ליגט אין דעם בעזיצען, יענעם גליק, וועלכעס מאַכט דעם מענשען פאַר א הימעלישע בעשעפעניש און הויבט איהם אויף הויך, הויך איבער אַלעס. דאָס ציטערן פון אונשולד, וואָס וואַרט און האָפט און בענקט נאָך די געהיימניספולע, קורצע ליידען, אין וועלכע עס ליגט דער קערן פון צוקונפטיגען גליק, דאָס איינציגע גליק, פון וועלכען דער מענש ווערט קיינמאָל ניט מיעד — דאָס אַלעס צו רופען פליכט!..

און די דאָזיגע אונטעררעדונג אין דער לעצטער מינוט, וואָס איז געווען, דאַכט זיך אַזוי פּראָסט און איינפאַך, און וואָס איך האָב אייגענטליך געדאַרפט ערוואַרטען, האָט מיך נערוועז געמאַכט און אריינגעבראַכט אין א פערלעגענהייט, פון וועלכער איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט אַרויסוויקלען. איך האָב זיך דערמאָנט אָן די נאַרישע מעשה׳לאַך, וואָס מ׳הערט זיך אָן אַזוי אָפּט צווישען גוטע פריינד, נאָך א גוטען דינער. וואָס וועט די ערשטע ליעבעס־פּראָבע בעדייטען פאַר איהר און פאַר מיר? און וועט די ליעבע וואָס איז ביז אהער געווען מיין גאַנץ לעבען אַרויסקומען פון דער דאָזיגער פּראָבע שוואַכער אָדער נאָך צעהן מאָל שטאַרקער? און ווען איך האָב א קוק געטהאָן אויף דער קאַרעטע, אין וועלכער הע־לענא איז געזעסען, מיין פערגעטערטע העלענא, מיט איהר קאָפּ האַלב בעהאַלטען אונטער די פעדערען פון איהר פעכער, האָט זי אויסגעשעפּטעט אין א האַלב־בייזען טאָן:

— וואָס זעהסטו אוים אַזוי אין כעס, מיין טהייערער? איז אפשר אונזער חתונה די אורזאַכע דערפון? און וואָס פאַר א שפּאָטישער שמייכעל עס ליגט אויף דיינע ליפּען! אפשר האָסטו חרטה, דאַן האָסטו נאָך צייט צו זאָגען ניין!

בעגייסטערט און פאַר׳כישופט פון איהר צערטליכען בליק, האָב

איך גאנץ שטיל, כמעט אין איהר קליינעם אויער'ל אריינגעפליס־טערט:

— איך פארגעטער דיך! און די לעצטע מינוטען וואָס צו שיידען אונז נאָך זיינען גאנצע יאָהרען אין מיינע אויגען, מיין טהייערע העלענא!

5

א גאנצען טאָג נעכטען און היינט בין איך געווען פארנומען מיט איבעריגע צערעמאָניעס, וועלכע איך האָב מעכאניש דורכגע־מאַכט.

צוערשט קומט דער „יא" פאר דעם ציוויל־בעאמטען, וואָס קלינגט אזוי אלטעגליך, אזוי פראָסט, אַז מען היילט זיך דאָס וואָס גיכער אָבצופּטרן.

נאָכדעם קומט דער גאַטעס דיענסט אין קירכע. מיר שטע־הען פאר א דעקאָרירטען אלטאר און הערען זיך צו צו די שטימען פון כאָר, צו דער ערנסטער מוזיק פון אָרגעל און צו דער צי־קער־דיגער רעדע פון'ם אלטען פּאַסטאָר, וועלכער דערצעהלט מיט שטאָלץ, „אַז דיזעלבע כלה האָט ער צו איהר קאָנפירמאַציאָן צו־געגרייט". אביסעל שפּעטער קומט דאָס גליק ווינשען און דו ווערסט בעפאלען פון מענשען, וועלכע זיינען דיר גאנץ פרעמדע, און ה'עלכע דו וועסט אפשר מעהר קיינמאָל ניט זעהן.

דער לאַנגער טולענער שלייער, וואָס האָט כמעט אין גאַנצען באַדעקט איהר קערפער, די סימבאָלישע אָראַנזשען־בליטהען אויף איהרע האָאר, דאָס ווייסע קלייד, איהרע אראָבגעלאָזענע אוי־גען און גראַציעזע פיגור האָבען העלענא'ן געגעבען דעם אויסזעהן פון א „פסיכע" ווע‏מעס אונשולדיגע הארץ איז אָבגעגעבען געוואָ־רען צו ליעבע. איך האָב געפיהלט ווי איבעריג און געקינצעלט די דאָזיגע אלע פאָרמאַליטעטען זיינען, ווי אונבעדייטענד דער גאַנ־צער פורים שפּיעל איז אין פערגלייך מיט דעם קוש; מיט דעם ברע־נעדיגען הייסען, פאר'שיכור'נדען קוש, וואָס באהעפטט די ליפּען פון דער פרוי צו די ליפּען און דעם גאַנצען קערפּער פון'ם מאַן, וואָס מאַכט פון דער ריינער אונשולדיגער מיידעל א פרוי און זאלבט

איהר פּאר אַ צוועק, וואָס בעשטעהט אין צאַרטע לאַסקעס, חלומות און צוקונפטיגע עקסטאַזען.

6

העלענא ליעבט מיך און איך פארגעטער זי. זי האָט פארלאָזען איהרע עלטערן'ס הויז מיט דער זעלבער פרעהליכקייט, ווי מען פארלאָזט אַ הויז, ווען מען געהט אוועק ערגעץ אויף אַן אונטערהאַלטונג. זי האָט כמעט זיך ניט אומגעקוקט אויף די אַלע זאַכען, וואָס זי לאָזט הינטער זיך, אויף די אַלע זאַכען, וועלכע האָבען איהר אייגענטליך געדאַרפט זיין ליעב און טהייער. זי איז אוועק אַהן בעדויערען, אָהן אַן אבשיעדס טרעהר, וועלכען דער ערשטער קוש ווישט געוועהנליך אָב.

זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ פייגעלע, וואָס האָט זיך פון זיין שטייג ארויסגעכאַפּט און ווייס נישט וואו זיך צו בעזעצען. דערווייל קלאַפּט עס מיט די פליגעלאַך, בעגייסטערט פון דער פרייער ליכטיגקייט און טרילערט אָהן אויפהער. זי פלעגט ווידערהאָלען עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד די אייגענע ווערטער, ווי זי וואָלט פאר'שיכור'ט געוועז, און איהר געלעכטער האָט געקלונגען ווי דאָס ברומען פון אַ טויב. אריינקוקענדיג מיר איין מאָל טיעף אין די אויגען מיט איהרע, וואָס זיינען געוועזן מאַט, איהרע אָרעמס ארום מיין האַלז, ווי אַ רינג, און איהרע ברענענדיגע באַקען אויף מיינע, האָט זי פּלוצים געזאָגט:

— זאָג מיר, מיין טהייערער, וואָלסטו ניט אוועקגעגעבען צעהן יאָהר פון דיין לעבען, אבי מיר זאָלען שנעלער דערגרייכען דעם ענדציעל פון אונזער רייזע?..

די דאָזיגע ליידענשאַפטליכע פראַגע האָט מיך אַזוי צומישט, אַז איך האָב גאָרנישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. עס האָט מיר געדוכט, ווי איך וואָלט געשטאַנען ביי דעם ראַנד פון אַ טיעפען אַבגרונד. האָט זי דען שוין געוואוסט דאָס, וואָס איהר מוטער האָט איהר ניט געזאָגט? האָט זי שוין ערפאַהרען דאָס, וואָס זי האָט נאָך ניט געדאַרפט וויסען? און איז איהר

הארץ, וואָס איך האָב פארגליכען מיט דער הארץ פון דער הייליגער יונגפרוי, שוין בעריהרט און בעשמוצט געוואָרען?

אַ, איהר ווייסע שלייערס, וואָס איהר האָט אזוי בעהאלטען דאָס רויט ווערען, די האלב פארמאכטע אויגען און ציטעריגע ליפּען פון אַ פּסיכע! די קליינע הענטעלאך וואָס זי האָט אויסגעצויגען אין א תפלה אנטקעגען דעם דעקארירטען אַלטאַר, איהרע אונשול־דיגע און צויבערפולע פראגען, וועלכע האָבען מיך אזוי טיעף גע־ריהרט און בעגייסטערט, זייט איהר בלויז א ליגען געווען?! א וואונדערבארע שוואַרצקינסטלעריי?!

אָבער בין איך דען ניט אונגערעכט און נאַריש צו ערלויבען אזעלכע געדאנקען. מיך צו באהערשען און פארגיפטען די טיעפע ליעבע, וואָס איז איצט מיין איינציג און גרעסטעס גליק, פארגיפ־טען מיט אזא נארישער איינבילדונג? וואָס פאר אַ שלעכטען און ניעדערינגען כאראקטער איך מוז דאָס האָבען, ווען אזא איינפאכע, ליעבליכע און גאַנץ נאַטירליכע פראגע מאכט מיך אזוי אונרוהיג. איך האָב איהר געדארפט ענטפערען מיט מיין גאנצען הארצען, וואָס געהערט צו איהר:

— יאָ! צעהן, צוואנציג יאָהר וואָלט איך אָבגעגעבען! ווייל דו ביזט מיין איינציג גליק, מיין איינציגער וואונש, מיין איינציגע ליעבע.

## 7

איך האָב ניט געוואָלט ווארטען ביז העלענא וועט אויפשטעהן, און בין ארונטערגעשפּרונגען פון בעט, וואו זי איז נאָך געשלאָפען. איהרע האָאר זיינען געווען צוואוארפען אויף דעם מיט שפּיצען פארפּוצטען קישען. איהר הויט פארב איז געווען דורכזיכטיג, איה־רע ליפּען האלב אָפען, ווי זי וואָלט פון עפּעס טרוימען. זי האָט אויסגעזעהן איבערוועלטיגט פון שלאָף, און קוקענדיג אויף איהר בין איך זעהר געריהרט געוואָרען.

איך האָב אויסגעטרונקען פיער גלעזלאך שאַמפּאַניער איינס נאָך דאָס אנדערע, אָבער דאָס האָט ניט געשטילט מיין דורשט. איך בין געווען פיבעריש און וואָלט אוועקגעגעבען די טהייערסטע

זאַך אין דער וועלט, פאַר עטוואָס, וואָס זאָל מיך פּלוצים פּאַראַינ־טערעסירען, וואָס זאָל פאַרנעהמען מייע געדאַנקען און זאָל מיך אַרויסשלעפּען פון דעם זומפּ, אין וועלכען מיין האַרץ און מיין מוח זיינען אַריינגעקראָכען. איך האָב מורא געהאַט זיך אַליין מודה זיין אין דעם, וואָס מאַכט מיך אַזוי ניעדערגעשלאָגען, וואָס פּיי־ניגט מיך אַזוי אונברחמנות'דיג, און מאַכט מיך משוגע. איך האָב קיין מוט ניט געהאַט אַריינצוקוקען אין דעם מוטנעם אַ־גרונד פון מיינע איצטיגע געדאַנקען, זיך אַליין אויסצופרעגען און זיך צו שטאַרקען.

עס וואָלט, דאַכט זיך, געווען אַזוי געמיין, אַזוי שענדליך צו טראָגען אַזאַ חשד, אַהן וועלכע עס איז אורזאַכע. צו בעשולדיגען די געטליכע באַשעפעניש, וואָס איז נאָך קיין צוואַנציג יאָהר ניט אַלט, ווענען איך ליעב אַזוי שטאַרק און וואָס ליעבט דאַכט זיך מיך אויך, אַהן וועלכע ניט איז בעווייזע. ביי דעם דאַזיגען געדאַנק, האָב איך דערפיהלט, אַז איך ווער רויט פאַר שאַנדע. איך, איך האָב גע־קענט צווייפלען אין איהר אונשולד! אַך, צו וואָס האָב איך אין גאַנ־צען געדאַרפט חתונה האָבען ?!

איך האָב געהאַט אַ גוטען איינקונפט און האָב געקענט לעבען ווי עס האָט זיך מיר געלוסט ; איך האָב געקענט בעצאָהלען שעהנע פרויען, וועלכע איך האָב צופעליג געטראָפען. פרויען, וועלכע זיינען מיר געפעלען געווען, וועלכע האָבען מיך אַמוזירט און מיר מאַנכעס מאָל גאַנץ אונערוואַרטעט אַרויסגעוויזען ליעבע. איך האָב זיך אָבער ניט געלאָזט פאַנגען אין גאַנצען. און כדי מיין האַרץ זאָל ניט אָבגעקיהלט ווערען, האָב איך געהאַט עטליכע ראָמאַנטישע בעציהונגען מיט פרויען פון דער העכערער געזעלשאַפט. דאָס זיינען געווען אַ פּאָאַר פון יענע שעהנע פלירטען, וואָס האָבען כאָטש אַן אויסזעהן פון ליעבע, און וואָס פילען אויס די פוסטקייט פון אַ נוצלאָזען לעבען מיט אַ פּאָאַר אונערוואַטעטע סענסאַציאָנען, מיט קליינע פליכטען, און צווייפעלהאַפטע פערגעניגענס.

און וועל איך איצט זיין, ווי איינע פון יענע שיפען, וועלכע אַן אומגעלומפּערטער דרעה ביי'ם רודער, פיהרט צוריק צום ברעג, באַלד

נאָכדעם ווי זי האָט פערלאָזען דעם האַפען ? וואָס פאַר א שרעק־ליכע פראָבעס ערוואַרטען מיך ? וואָס פאַר יסורים און וואָס פאַר א קאַמפף ?

מיינער א פריינד, א וויצלינג, האָט אַמאָל אין אַן אָבענד, ווען איך האָב פאַרלאָרען איינע פון די בענק, וועלכע מאַכען אַן עפּאָכע אין א קאָרטען שפּיעלער׳ס לעבען, געזאָגט צו מיר אין א וויציגען טאָן :

— ווען איך וואָלט געווען אויף דיין פּלאַץ, זשאַקו, וואָלט איך מיך נישט פאַרלאָזט אויף דאָס גליק, ווי דו, ווערסט דערפאַר פריהער אָדער שפּעטער מוזען בעצאָהלען...

פריהער אָדער שפּעטער.

איך האָב גאַנץ פאַרזיכטיג געעפענט די טיהר פון אונזער שלאָף־צימער. העלענאַ איז געלעגען אין א שווערען שלאָף, וואָס קומט אָפּט פון א פאַר׳שיכור׳ונג. ווער ווייס, אפשר האָט זי זיך פריהער געהאַט אויפגעכאַפּט און דערזעהענדיג, אַז זי געפינט זיך ניט אין מיינע אָרעמס, מיך גערופען, אָבער א מיעדע און א פאַרמאַטערטע איז זי צוריק אַריינגעפאַלען אין א טיעפען שלאָף. איך האָב געוואָלט מיר אַליין געבען צו פערשטעהן און זיך ברענגען פּנים־אל־פּנים מיט די דאָזיגע פאַרשאָלטענע פראַגען, ווי מען טהוט מיט א צושראָקען פערד, וואָס האָט זיך אָנגעשטויסען אָן עפּעס, וואָס האָט עס אי־בערגעשראָקען. איך האָב געוואָלט צוריקרופען אין מיין זכרון יע־דע שטונדע, יעדע מינוט פון דער ערשטער ליעבעסנאַכט און אַרויס־ציהען פון זיי די געהיימניסע...

העלענא׳ס בליק און ליכטיגער שמייכעל איז געווען איבער־פילט מיט גליק. זי האָט געהאַט דעם אויסזעהן פון א זיעגער, וואָס איז שטאָלץ אויף זיין טריאומף און האָט כמעט ניט געוואוסט וואָס זי טהוט און וואָס זי זאָגט. א גאַנצען טאָג איז זי אַרומגעלאָפען אין א לייכטען מאָרגען קלייד פון פורפור־רויטע; זיידענעם טול אין איין מינוט ניט געקענט איינזיצען אויף איין אָרט. האַלב פאַר־בלענדעט בייטאָג פון די זונענשטראַהלען און ביינאַכט פון די ליכ־טיגע לאַמפּען, וואָס האָבען אויף זיך געהאַט אבאַזשורען אין דער פאָרמע פון ראָזעווע בלעטער

אין איהר בענעהמונג איז ניט געווען מעהר די צומישמקייט, די פאַרקלעהרטקייט, פון איהרע בליקען איז פאַרשוואונדען דאָס פאַרשעהמטקייט און זי האָט זיך שוין ניט צוריקגעצויגען פון די אַרעמס, וואָס זיינען געווען צו איהר אויסגעשטרעקט, אָדער פון די ליפּען, וואָס האָבען קושען פערלאַנגט. קיין סמן פון דער אומ־געלומפּערטקייט, וואָס ווייזט די נשמה פון דער ריינער, אונבעפלעק־טער אונשולד. זי איז געזעסען אויף מיינע קניע, מיט די נאַקע־טע אַרעמס אַרום מיין האַלז און די ליפּען אויסגעשטרעקט צו קו־שען. אבער זי האָט געלאַכט נערוועז און איהר גראַציעזע פיגור האָט אין גאַנצען געציטערט, ווען איך האָב זי ליידענשאַפטליך גע־קושט און זי האָט מיר געזאָגט זאַכען, וועלכע פּאַסען זיך געשעפּ־צעט צו ווערען אויף דעם קישען... אַ געהיימניספאָלע מאַטקייט האָט געשוועבט איבער איהרע אויגען און זיך צושפּרייט איבער איהרע נאַזלעכער.

פּלוצים האָט זי שפּאַטיש אַ בליק געטהאָן אויף דעם סאָפער, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קליין טישעל: קאַלט פליייש פון פער־שיעדענע סאָרטען, פרוכטען, געבעקס און אַן עמער אייז פון וועל־כען עס האָט אַרויסגעקוקט דער האַלז פון אַ פלאַש שאַמפּאַניער. און עפּעס אַזוי ווי זיך רייצענדיג, האָט זי פרעהלאַך אַ זאָג געטהאָן:

— איך בין גאַרנישט הונגעריג, טהייערינקער, מיר וועלען עסען אַ ביסעל שפּעטער, ווי מיינסטו?

זי האָט זיך האַלב אויסגעדרעהט און געוואָרפען אַ בליק אויף דער גרויסער בעט, וועלכע איז געשטאַנען עפּעס אַזוי ווי אַנגע־גרייט פאַר אונז אין דעם שאָטען פון צימער, הינטער פאָר־האַנגען, מיט די צוויי ווייסע, אונבעריהרטע, כמעט פייערליכע קישענס. זי האָט מעהר ניט געלאַכט; אין איהרע אויגען האָט זיך בעוויזען אַ בלויליכער גלאַנץ, ווי אין ברענענדיגען אַלקאָהאָל, און איך בין צומישט געוואָרען און האָב מיין קאָפּ פערלאָרען. העלענאַ האָט ניט געוויזען קיין שום ווידערשטאַנד, האָט זיך ניט בעקלאָגט מיט קיין איין וואָרט.

אַ! די נאַכט פון פרייד און לייד, די נאַכט וואָס האָט זיך קיין מאָל ניט געדאַרפט ענדיגען!

איך האָב בעשלאָסען צו זיין געדולדיג, ווי א פּאָליציסט, וואָס זוכט די שפּורען פון א פערברעכען און האָב זיך אונטערגענומען גוט אויסצופאָרשען דאָס לעבען פון דער פרוי, פון וועמעס פער־גאַנגענהייט איך האָב גאָרנישט געוואוסט. איך בין געווען זיכער אז איך וועל סוף כל סוף געפינען עטליכע פאַקטען. עטליכע וויכ־טיגע דאָקומענטען, אָדער א דיענסטמיידעל, וואָס איז אפשר געווען איהר מיטשולדיגע.

דאָך האָב איך זי פאַרגעטערט, מיין צויבערשענע העלענאַ, און איך וואָלט מרוצה געוואָרען אויף אַלסדינג אין דער וועלט, ווען נור זי זאָל זיין אזוי ווי איך האָב זי זיך פאָרגעשטעלט, ווי איך האָב פון איהר געטרוימט, ווי איך האָב זי זיך געוואונשען, ווען נור דער שרעקליכער געשפּענסט פון הייינטיגער נאַכט זאָל פארשווינדען און מעהר נים שטעהן צווישען איהר און מיר.

ווען זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זי צו מיר גערעדט מיט איהר שטיפערישער שטימע. אך ! איהרע קושען, נאָך אמאָל איהרע קושען און ווידער איהרע קושען, טראָץ אַלעמען !

אַך ! און איך האָב געגלויבט בלינד, געגלויבט מיט מיין גאַנצען הארצען, אַז זי מאַכט נים קיין שפּאַס פון מיין ליעבע, אז זי האָט פריהער צו קיינעם נים געהערט און וועט קיינמאָל צו קיין אַנדערן נים געהערען, נור צו מיר, צו מיר !

8.

איך וואָלט געוואָלט פערוואַנדעלט ווערען אין איינעם פון יענע פעטע גלחים, צו וועלכע עס קומען פרויען זיך מתודה זיין פאַר זיי אין זייערע בעהאַלטענע עבירות ; וועמען זיי טרויען אן זייערע נשמות און ביי וועמען זיי בעטען גאַנץ אָפט עצות. שטעלט זיך פאָר, העלענאַ קומט צו מיר און קניעט פאַר מיר אַנידער, איך פאַר־ווארף זי מיט פראגען און ביסלכווייז ווער איך פון איהר אַלעס גע־וואָהר.

ווי נור איך קום זיך צונויף מיט א פרוי אַלט אָדער יונג, גיב איך אונזער געשפּרעך גלייך א קיצעלדיגע ריכטונג. איך קען זיך מעהר נים איינהאַלטען און שטעך זיך מיט וויצען און ווערטלאַך,

וואָס האָבען אַ דאָפּעלטע בעדייטונג, וואָס רעגען אויף. און ביס־לאַכווייז ציה איך אַרויף אויף דעם געשפּרעך, וואָס אינטערע־סירט מיך אַם מייסטען ; אויסצוגעפינען וואָס זיי האָבען געפיהלט אין קערפּער און גייסט אין דער ערשטער נאַכט פון זייער התונה. טהייל מאַכען זיך, ווי זיי פאַרשטעהען מיך ניט, ווערען רויט און לאָזען מיך שטעהן, ווי אַ מאַן אָהן מאַנירען, וועלכע האָט זיי בע־ליידיגט און געוואָלט מיט געוואַלד אויפרייסען דאָס קאָסטבאַרע קעסטעלע אין וועלכער זיי האָבען בעהאַלטען די זיסטע עראינע־רונגען.

טהייל ווידער פערשטעהען מיך גוט. זיי דערשמעקען דאָרין עטוואָס קאָמישעס און צווייַדייטיגעס, כאָטש זיי ווייסען נישט גע־נוי, וואָס דאָס איז. זיי לאָזען מיך אויסרעדען און ענדליך · אָפּען זיי זיך אַרויס פון דער פאַרלעגענהייט מיט עפּעס אַ קונציגער פרעכ־הייט אָדער מיט אַ שאָס געלעכטער.

צוויי דריי פרויען בלויז און דאָס אויך פון אַ געווויסען סאָרט, וועלכע רעדען אָהן אויפהער און בעריהמען זיך נאָכדעם מיט זייי־ער אויסגעלאַסענהייט ; צוויי, דריי, שעהנע אָנפאַנגערינס, וועלכע מען קען וואַרפען צו יעדער צייט, האָבען מיר דערצעהלט זייערע איינדריקע מיט אַ מין איראָנישער צופריעדענהייט. איך האָב אבער אין זייערע רייד נישט געפונען עפּעס, וואָס זאָל מיך בערוהיגען, אין וועלכע עס זאָל זיין עטוואָס וואַהרעס, ערנסטעס, ריהרענדעס.

די גאַנצע פראַגע האָט זיי אַמוזירט, ווי עס וואָלט געוועזן אַ סצענע פון אַ קאָמעדיע. דאָס ביסעלע ליעבע, וואָס זיי האָבען אַמאָל געפיהלט צו דעם מאַן, מיט וועמען זיי האָבען זיך פאַראייי־ניגט אויף זייער גאַנץ לעבען, איז ביסלאַכווייז פאַרשוואונדען. און פון דער גאַנצער זאַך געדענקען זיי בלויז דעם לעכערליכען און העסליכען טהייל. און זיי האָבען עס מיר געשילדערט, ווי אַ מין פאַנטאַמינע, אין וועלכער זיי האָבען געשפּיעלט אַ שלעכטע ראָלע. אבער די דאָזיגע באַשעפעגישען האָבען קיינמאָל ניט געליעבט און זיינען ניט אַזוי פאַרגעטערט געוואָרען, ווי מיין העלענא. זיי האָבען חתונה געהאַט ענטוועדער צוליעב געלד, אָדער אויס מורא, זיי זאָלען

ניט בלייבען קיין אַלטע מוידען, און אויך האָבען זיי געוואָלט האָבען מעהר פרייהייט, און פּטור ווערען פון איבערדריסיגע אויפזיכט.

נאַרישע ליאַלקעס אָהן קעפּ און אָהן הערצער. זיי בעזיצען אפילו ניט די קראַנקהאַפטע נערוועזיטעט, די בעדירפעניש נאָך צערטליכקייט, דעם אינסטינקט פאַר ליעבע, וועלכען איך האָב געפונען אין מיין ווייב׳ס נאַטור און וועלכער האָט מיך אַזוי צוגעצויגען צו זיך, הגם איך האָב זיך פאַר איהם אויך געשראָקען.

און דאָך, ווער קען מיך איבערצייגען אין מיין טעות, ווער קען צושטערען די געדיכטע פינסטערניש, אין וועלכער איך בין אין גאַנצען פאַרלאָרען, וועלכער נס קען מיר אומקעהרען מיין גלויבען אין איהר?

9.

העלענאַ האָט פערשטאַנען, אַז איך בעהאַלט עפּעס פון איהר, אַז איך בין טרויעריג, אַז אַ דראָהענדע הינדערניס שטעהט צווישען אונזביידען, און אַז עפּעס אַ חשד דריקט און פּייניגט מיך, רייסט מיך אוועק פון איהרע ארעמס, פאַרגיפטעט און צושטערט די ליעבע, אין וועלכער איך האָב געהאָפט צו געפינען פרישע יוגענד, גליק און רוה — מיין טרוים פון אַלע טרוימען.

זי האָט מיט מיר וועגען דעם ניט גערעדט, זי האָט אפּנים מורא געהאַט פאַר אַן אָפענע ערקלערונג, וועלכע קען פיליייכט מאַכען אַ תל פון איהר ליעבע. זי האָט מיך בעהאַנדעלט מיט עפּעס אַ מין צערטליכער אויפמערקזאַמקייט, געמאַכט מיין לעבען אַזוי אָנגענעהם ווי נור מעגליך, כדי קיין זאַך אין דער וועלט זאָל מיך ניט קענען אוועקרייסען. זי וואָלט מיך אפשר געהיילט, ווען מיין משוגעת וואָלט ניט געוועזען זיין אַ וואונד, וואָס האָלט זיך איז איין עפענען און וואָס קיין באַלזאַם אין דער וועלט קען נישט היילען.

צייטענווייז פלעגט זיך מיר דאַכטען, אַז איך האָב ווידער אויפגעלעבט, אַז איהרע לאַסקעס האָבען מיך אויסגעלייזט און גערעטעט. איך האָב געמיינט, אַז דער דאָזיגער צווייפעל וועט מעהר ניט נאָגען מיין הארץ און איך וועל איהר ווידער פאַרגעטערען, ווי פריהער. אין אַזאַ צייט פלעג איך מיר וואַרפען צו איהרע קניע,

צודריקען מיינע ליפען צו איהרע קליינע הענטעלאך און אריינקוקען אין איהרע ליעבע, דורכזיכטיגע אויגען, ווי אין א שטיק בלויען הי־מעל, וואָס ערשיינט פלוצים פון אונטער שווערע שווארצע וואָלקענס נאָך א שטורעם, און מורמלען מיט א פון טרעהרען פארשטיקטען קול:

— דו ליעבסט דאָך מיך, ניט אמת? מיט דיין גאַנצען האר־צען ליעבסטו מיך, ווי איך דיך? זאָג עס מיר נאָך אמאָל, מיין טהייערע, זאָג מיר נור דאָס און מעהר קיין זאך ניט.

און זי פלעגט ענטפערען מיט א פרעהלאך שמייכעלע אויף איהרע ליפען:

— ווייסטו עס דען נישט אליין? קענסטו דען ניט יעדע מי־נוט זעהן, דאָס איך ליעב דיך, דאָס איך בין אין גאַנצען דיינע און לעב נור פאַר דיר און דורך דיר?

און איהרע קושען האָבען אין מיר אריינגעגעבען פריש לע־בען און האָבען מיך פאַר'שיכור'ט און איך האָב געפיהלט, ווי איי־נער, וואָס קומט צוריק פון א וויטער און געפעהרליכער רייזע, וואו ער איז געווען פארצווייפעלט צו ער וועט אמאָל ווידער זעהן זיין געליעבטע, און קומענדיג צוריק טרעפט ער איהר, זיי ווארפען זיך איינער דעם צווייטען אין די אָרעמס און פארגעסען אין דער הי־מעלשער מינוט, אז מען קען שטאַרבען פון גליק...

## .10

די דאָזיגע קלאָהרע פלעקען אויף אונזער הימעל זיינען אבער געווען קורצע ערשיינונגען און די ליידען, וואָס האָבען זיי נאָכגעפאָלגט, זיינען אלץ ביטערער און שמערצליכער געוואָרען. איך האָב געוואוסט, אז העלענא ווערט יעדען טאָג אלץ מעהר בעאונ־רוהיגט פון מיינע מאָדנע בענעהמונגען און האָב פארשטאַנען, אז זי ליידעט דערפון און אז דאָס ווירקט אויף איהרע נערוועןּ. די אָן אונערקלעהרליכע קאַלטקייט, אָן אָנפאַל פון מרה־שחורה, האָט אורטהיילט, מיין אונמעסיגע ליעבע נאָך וועלכער עס האָט געפאָלגט אָן אונערקלעהרליכע קאַלטקייט, אָן אָנפאַל פון מרה־שחורה האָט איהר אין גאַנצען צומישט אזוי, אז זי איז נישט געווען מעהר די

זעלבע און זי האָט זיך גענומען האַלטען פון מיר אין גאַנצען פון ווייטען. זי האָט אָבער ניט געקענט בעהאַלטען איהר צער און האָט מיך שטענדיג געפּייניגט מיט פראַגען און זיי איבערגע'חזר'ט מיט אַ מין פערהאַסטער איינגעשפּאַרטקייט: „האָט זי מיך ניט ווי־לענדיג מיט עפּעס געערגערט?" „האָט זיך מיר שוין צוגעגעסען דאָס פאַמיליען־לעבען און מיר פערדריסט אויף מיין פערלאָרענער פרייהייט? האָב איך געהאַט פּריוואַטע צרות, פון וועלכע איך האָב איהר ניט אויסגעזאָגט; אָדער אפשר שווערע חובות, וועלכע איך קען ניט בעצאָהלען; זיינען דאָס געווען פאַמיליען אנגעלע־גענהייטען פון פריהערדיגער פאַרבינדונג מיט אַ פרוי, וועלכע איך האָב פאַרלאָזען און וועלכע סטראַשעט איצט מיט אַ סקאַנדאַל? האָט מען מיך אפשר געסטראַשעט מיט אַנאָנימע בריעף? — מיט איין וואָרט וואָס איז עס? וואָס איז עס?"

מיין אבלייקענען דאָס אַלעס האָט איהר נאָך מעהר צובייזערט או זי האָט אָנגענומען די טאַקטיק פון שווייגען. אבער איהר מוח האָט דערווייל געאַרבייט און איהר האַרץ איז אַלץ מעהר פאַר־שטיינערט געוואָרען. אָבער האָב איך איהר דען געקענט זאָגען דעם חשד, וואָס האָט אָנגעפיהלט מיין לעבען מיט טרויער און מיך אין גאַנצען פארשלונגען? וואָלט עס דען נישט געווען געמיין צו בעשולדיגען איהר אין אַזאַ זאַך אָהן וועלכע עס איז בעווייזע אָדער שפורען און וואָלט זי דען ווען עס איז געקענט פארגעסען אַזאַ בעליידיגונג?

איך בין כמעט מקנא געווען יענע אונגליקליכע באַשעפעניִשען, וועלכע האָבען אַ רעכט צו זיין אייפערזיכטיג, וועלכע דאַרפען קעמפ־פען אנטקעגען אַ פרוי'ס קאָקעטעריי און לייכטער אויפפיהרונג און מוזען אַרבייטען מיט אַלע זייערע קרעפטען צו פערטהיידיגען זייער עהרע. יענע האָבען אַם וויינינגסטענס געוואוסט וועמען זיי בע־קעמפפען, האָבען געקענט זייער שונא און געוואוסט וואָס זיי טהוען, בעת איך האָב געבלאָנדזשעט אין אַ לאַבירינט פ״ שרעקליכע חלומות, פון פוסטע איינריידעניִשען, פון סברות. איך האָב זיך אַליין פערביטערט דאָס לעבען מיט איהר פאַרגאַנגענהייט, וועלכע

איך האָב געפיהלט איז געווען ריין און ווייס, ווי דער שלייער פון אַ כלה.

אך ! עס וואָלט אַ סך בעסער געווען אַריינצושיסען זיך אַ קויל אין מוח אַריין איידער צו פיהרען אַזאַ טרויעריגען לעבען ! איך בין שוין געווען זאַט־דערפון. איך האָב ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין, נור איין געדאַנק, איין געפיהל, איין פאַרלאַנג האָב איך געהאַט צו וויסען אַלעס, וואָס העלענאַ האָט גע־טהאָן איידער מיר זיינען געוואָרען חתן כלה. איך האָב געוואָלט וויסען צו בין איך געווען ביי איהר דער ערשטער צו דער צווייטער און איך האָב בעשלאָסען, אַז איך מוז דאָס דערגעהן, ווען איך זאָל אַפילו מוזען אַבגעבען אויף דעם יאָהרען. איך האָב בעשלאָסען זיך נאָכצופרעגען, ארונטערצולאָזען זיך, מאַכען קאָמפּראָמיסען אין ווער־טער און טהאַטען, אַנצואווענדען אַלע מעגליכקייטען און פאַרשווענ־דען אויף דעם מיין גאַנץ פערמעגען, אבי צו דערגעהן דעם אמת.

זי מעג זיך דענקען וואָס זי וויל, נאָך אַלעמען לאָך איך זיך אויס פון דער גאַנצער געשיכטע. מיר האָבען געקענט זיין זוי גליק־ליך ; אַזויפיעל זיינען מיר מקנא געווען און וואָלטען מיט פער־געניגען איבערגענומען מיין פּלאַץ !

.11

איך האָב מעהר נישט געוואוסט וואו איך געה. איך בין געווען ווי אַ באַהן וואָס לויפט אין פולער שנעלקייט אין אַ עד כמעט נע־בעל צושטערענדיג מיט איהר גערויש און פייפעריי די שטילקייט פון די שלאָפענדע דערפער. אָבער דער מאַשיניסט קען דאָ גאָר־נישט העלפען, ער קען ניט אונטערשיידען די מיניעדיגע פייערלאַך פון די סיגנאַלען און באַלד וועט אַ שרעקליכער שטורם אַרונטער־וואַרפען די באַהן פון די רעלסען און מאַכען פון אַלע וואַגאָנעס אַ הויפען שפּענער.

איך האָב מורא געהאַט איך זאָל נישט משוגע ווערען און האָב אָפט נאָכגעזוכט, אויב ביי וועמען עס איז פון מיין פאַמיליע האָבען זיך אַמאָל ניט געוויזען קיין סמנים פון פּסיכישע קראַנקהייטען און אויב איינער פון זיי איז נישט געווען אַמאָל אַ פּאַציענט אין אַ דול־

הויז. איך האָב נאָכגעדענקט, אויב דאָס לוסטיגע לעבען, וואָס איך האָב אַ לאַנגע צייט געפיהרט, האָט אמאָל נישט געווירקט אויף מיין מוח. אויב איך וואָלט געווען אַ גלויביגער אָדער געגלויבט אין כישוף, וואָלט איך אפשר געמיינט, אַז דאָס האָט מיר עמעצער אָבגעטהאָן אַ כשוף, אַז אַ שונא האָט פאַר מיר אויסגעשפּרייט אַ אונבאַמערקבאַר נעץ און מיר אריינגעגעבען אַזעלכע געדאַנקען און האַנדלונגען צו וועלכע אַזאַ פרייער און אָפּענהערציגער מענש, ווי איך, בין גאַרנישט פעהיג. דער דאָזיגער שונא וויל דאָס צושטערען דאָס גליק פון וועלכען מיר ביידע האָבען אַזויפיעל געטרוימט.

אַ גאַנצע וואָך האָב איך געשפּיעלט די פערהאַסטע ראָלע פון אַ שפּיאָן. עס איז מיר געלונגען אויסצוגעפינען דאָס דיענסט־מיידעל, וואָס פלעגט העלענאַ'ן בעדיענען פאַר אונזער חתונה און צו וועלכער זי איז געווען צוגעבונדען ווי צו אַן אייגענער שוועסטער. זי פלעגט מיט איהר איבעראַל מיטגעהן, דאָס מיידעל פלעגט איהר אויפוועקען יעדען אין דער פריה, פלעגט איהר קאַמען און אָנטהאָן. זי איז געווען יונג, שעהן, קענטיג אַז פּאַריז האָט זי אַביסעל אויס־געפיינערט און איהר שווערע פּראָפעסיאָן פון אַ קאַמערמיידעל האָט זי פאַרשטאַנען אויסגעצייכענט.

שפּעטער בין איך אויך דערגאַנגען, אַז די טוגענד איהרע איז אַ גאַנץ צווייפעלהאַפטע, איבערהויפּט פון דער צייט אָן, וואָס זי האָט פאַרלאָזען העלענאַ'ן. אַז זי האָט ליעב צו געהן אויף בעלער און איז אינטים מיט אַ מאַן פון איהר געגענד, אַ דראַגונער, און האָט אויך ניט פיינט אַ געוויסען קוטשער און אַז איהר גאַנץ געלד פאַרשווענ־דעט זי אויף רייסעס און קליידער. איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל זי מאַכען רעדעוודיג, ענטוועדער מיט געלד אָדער מיט עפּעס אַ שפּיעל און איך האָב זיך באַשטעלט מיט איהר צו זעהן אויף אַ שטילער אַלעע אין אַ געוויסען פריהמאָרגען.

צוערשט האָט זי מיך אויסגעהערט אָן איבערראַשטע, ניט זאָ־גענדיג ניט ניין און ניט יע, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט ניט פאַרשטאַ־נען, וואָס איך וויל פון איהר אָדער וואָס איך בעצוועק מיט די דאָ־זיגע אַלע פראַגען ווענגען איהר אמאָליגער בעל'הבית'טע. ווען איך האָב איהר אָבער צוגעזאָגט עטליכע הונדערט פראַנק און האָב גע־

מאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך ווייס כּלומר'שט, אַז זי האָט געטראָ־
גען צעטעלאַך פון העלענאַ'ן צו איהרע ליעבהאָבער, אַז העלענאַ האָט
אָפט בעזוכט יונגע לייט אין זייערע וואָהנונגען און מען האָט זי אָפט
באַגעגענט קומענדיג אַהיים פון שטילע געסלאַך שפּעט ביינאַכט.
האָט זיך מיין כיטרע פויגעל בייז פאַרקרימט, האָט אַ דריק געטהאָן
מיט די אַקסלען און אויסגערופען:

— וואָס פאַר חזירים מאַנכע מענער זיינען צו האָבען אַזעלכע
געדאַנקען און דערמיט פאַרשאַפען יסורים אַזאַ אויסגעצייכענטען
מענשען, ווי מאַדעמאַזעל העלענאַ! זייט וויסען, אַז איהר עקעלט
מיך מיט אייער געלד און אייערע שמוציגע אויסגעטראַכטע מעשה'־
לאַך און מיר ווילט זיך ניט איך זאָגען, וואָס אַזאַ מאַן ווי איהר
פאַרדיענט!

דאַן האָט זי זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט'ן רוקען און איז
אַנטלאָפען. איהר פרעכהייט און צאָרענדיגער ענטפער האָט מיך
געפרעהט און איז געווען ווי אַ היילזאַמער באַלזאַם צו מיין פאַר־
וואונדעט האַרץ.

איך האָב זי געוואָלט צוריקרופען און איהר זאָגען, אַז עס איז
געווען אַ שפּאַס, אַז איך בין איבערגעבען צו מיין ווייב און האָב
עס אומישנע געטהאָן כדי צו הערען ווי מען ריהמט זי, זי איז שוין
אָבער געווען ווייט און איך האָב געפיהלט ווי געמיין און לעכערליך
איך בין, ווי טיעף, ווי ניעדעריג איך בין געזונקען און איך האָב גע־
שוואָרען, אַז די דאָזיגע שענדליכע לעקציע זאָל זיך מעהר ניט אי־
בער'חזר'ן. איך האָב בעשלאָסען, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל
איך זיין צו העלענאַ'ן אַן איבערגעבענער מאַן, אַזעלכער ווי זי פאַר־
דיענט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין געהיילט...

און דאָך בין איך אַליין פאַרבליעבען דער זעלבער אָפּפער פון
די זעלבע מחשבות, געפּייניגט פון די זעלבע צווייפעל, איבערצייגט,
אַז דאָס מיידעל האָט געלייקענט, ווי אַלע פרויען, ווען עס קומט
זיי אויס זיך צו פאַרטהיידיגען, דאָס זי האָט געלאַכט פון מיר און
אפשר האָט עמעצער דערפון געוואוסט און איהר צרוויסען גע־
געבען, זי זאָל האַלטען מויל. איך בין אַלזאָ פאַראורטהיילט צו

קעמפּפען אין דער דאָזיגער פינסטערניש און זינקען אין דעם זומפּ פון וועלכען איך קען זיך בשום אופן נים ארויסדראַפּען.

.12

קיינער האָט פון קיין זאַך נים געוואוסט. נישט דער אויפ־זעהער פון קלויסטער, וואו זי האָט זיך ערצויגען ביז זיבענצעהן יאָהר, נישט די דיענסטען, אויך די גובערנאַנטקע געדענקט נים, אז העלענאַ זאָל האָבען געווען אַ קינד, וואָס איז שווער איינצוהאַלטען אָדער לערנען, אָדער זי זאָל אַמאָל האָבען געהאַט געדאַנקען, וועל־כע פּאַסען זיך נים פאַר איהר עלטער. אדרבא זי געדענקט גאַנץ גוט דאָס העלענאַ האָט קיין מאָל נים געהאַט אין זיך די זימען פון אַ קאָקעטקע אָדער פון אַ מיידעל מים שלעכטע אינסטינקטען.
אָבער וואָס העלפען די אַלע טענות ! איך האָב געפיהלט, אז דאָס מיידעל, וואָס האָט אזוי פריי ארומגענומען מיין האלז מים איהרע נאַקעטע אָרעמס, וואָס האָט מיר צוריקגעגעבען מיינע ערשטע קור־שען אזוי ליידענשאַפטליך, וואָס האָט קיין מאָל נים געוויזען קיין סמן פון איבערראַשונג אָדער ווידערשטאַנד, וואָס האָט זייענדיג מים מיר אָן אַלעם פאַרגעסען... די דאָזיגע מיידעל האָט נים געקענט זיין ריין, אונשולדיג, אונבעריהרט... ?
עס וואָלט פיליכט בעסער געווען, ווען איך וואָלט באַלד אין אָנהויב זיך בעפרייט פון דער פאַר'שיכור'ונג וואָס האָט מיך בע־צויבערט און וואָלט אנטלאָפען פון דעם צימער וואו אזא שענדליכע פאַלשקייט איז בעגאַנגען געוואָרען. איך האָב געדאַרפט אויסנו־צען יענע מינוטען אין וועלכע זי האָט זיך געפיהלט שוואַך, ווען זי איז אונפעהיג געווען צוזאַמענצונעהמען איהרע געדאַנקען, דאַן וואָלט זי מיר פיליכט מודה געווען איהרע זינד, פאַר וועלכע זי איז אפשר גאָרנים פאַראַנטוואָרטליך. און אפשר האָב איך זי געדאַרפט סטראַשען מים געוואַלד, אויפהויבען אַנטקעגען איהר די צוזאַמענ־געדריקטע פויסטען און זי וואָלט זיך דערשראָקען פאַר מיין צור־רייצט פּנים, פאַר מיינע ווילדע בליקען און דאָס וואָלט זי געצוואונ־גען צו עפענען פאַר מיר די געהיימניסע פון איהר האַרצען און מיר דערצעהלען איהרע טרויעריגע ליעבעסגעשיכטען.

און ווער ווייס, אפשר וואָלט איהר פארצווייפלונג מיך גע־ריהרט און איך וואָלט אויף איהר רחמנות געהאַט, דאַן וואָלט איך צוזאַמען מיט איהר געוויינט אויף דער שווערער משא, וואָס מיר ביידע וואָלטען געהאַט צו טראָגען און וואָלט איהר אפשר פארגע־בען און בריים געעפענט מיינע אָרעמס, זי זאָל זיך אין זיי אריינ־וואַרפען ווי אין אַן עיר־מקלט.

וואָלט דען ניט יעדער יונגערמאַן, ניט רעדענדיג שוין פון אַ וואוילען יונג, וואָס זוכט אונשולדיגע מיידלאַך, באַלד געקענט דער־קענען איהר נערוועזיטעט און אויפגערייצטקייט ? און וואָלט דען ניט אַזאַ פארשוין איהר היפּנאָטיזירט מיט שעהנע רייד און אויפ־רעגענדער שטיפעריי און זי דערמיט געבראַכט צו אַ שטופּע פון פאַלשטענדיגער אונטערטעניגקייט פון אַ חיה וואָס וואַרפט זיך אונ־טער דעם מאָמענט און קלערט נישט וואָס מאָרגען וועט זיין אָדער וואָס די פאָלגען פון אַזאַ זאַך קענען זיין ?

בין איך דען ווירקליך איהר נאַר ? אָדער דער נאַר פון עפּעס אַן אויסוואורף ? האָט זי ווען געליעבט און ליעבט זי נאָך דעם מאַן צו וועלכען זי האָט דאָס ערשטע מאָל געהערט ? ווער קען עס מיר זאָגען, ווער קען מיר העלפען דאָס אויסגעפינען ? ווער קען מיר געבען זיכערע פאַקטען ; ענטוועדער דאָס זי איז אונ־שולדיג און איך בין געמיין, ווייל איך האָב זי בעשולדיגט, אָדער זי איז שולדיג און פאָלגליך מעג איך איהר בעהאַנדלען ווי אַן אונ־ווירדיגע פרוי.

.13

ווען איך וואָלט געהייראַט יונגערהייד איידער איך האָב אָנ־געהויבען זינקען אין דעם זומפּ פון פאַריזער לעבען, וואָס לאָזט איבער אויביגע סמנים אויף דאָס האַרץ און גאַנצען קערפּער — ווען איך וואָלט ניט געוועזן דאָס שפּיעלצייג אין די הענד פון אונ־ווירדיגע מעטרעסעס, וואָס האָבען פון מיר געטריבען דעם גלויבען אין יעדער פרוי, — ווען איך וואָלט ניט געוועזן אַזוי אָבגעוואָהנט פון יעדער העכערער שטרעבונג און אַזוי זאַט מיט אַלעס, ווי איך בין, וואָלט איך דאַן אויך געהאַט דיעזעלבע געדאַנקען ?

איך האָב געוואַרט אזוי לאַנג ביז דאָס לעבען איז שוין כמעט אוועק און דאַן ערשט בין איך צוגעגאַנגען צו דעם ריינעם און טור־גענדהאַפטען קוואַל. איך בין אָבער צו שנעל אריבערגעגאַנגען פון דעם אויסגעלאַסענעם און מיאוסען לעבען צו די ריינע סענטימענ־טאַלע געפיהלען פון חתן כלה, צו דעם אונבעשרייבליכען גליק פון צוזאַמענלעבען, צו דער ערשטער הייליגער פעראייניגונג, וואָס שטעלט צוזאַמען דאָס גאַנצע פערהייראַטע לעבען.

וואָלט נישט גלייכער געווען, אז איך וואָלט בעסער געוואַרט, מיך צוערשט צוגעגרייט צו דער דאָזיגער איבערקעהרעניש און מיך גע׳טובל׳ט ווי א פרומער פאַר תפילה פון דער אונריינער פאַרגאַנ־גענהייט, איידער איך האָב מיך פאַרבונדען מיט אזא געטליך קינד, וועלכעס א צופאַל האָט אויף מיין וועג געוואָרפען.

די רעאַקציע איז געווען צו שנעל און צו געוואַלדיג פאַר אזא מענשען ווי איך. איך אַליין בין געווען שוואַרץ און מיין נייעם אי־דעאַל האָב איך מיר אויסגעמאָהלען אזוי ווייס, אזוי ריין און געט־ליך. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אזא אונוויסענהייט, אזא אונבע־זיגבאַרע טוגענדהאַפטקייט און אנגענעהמע אומגעלומפּערטקייט, אז העלענאַ׳ס פרעהליכקייט, איהר ניט איינגעהאַלטענקייט און פורכט־לאָזיגקייט האָבען מיך צומישט און ערוועקט אין מיר דעם דאָזיגען חשד.

און דאָך ווייס איך, אז אלע היינטיגע מיידלאך זיינען נישט דאָס, וואָס איך האָב פון איהר פאַרלאַנגט. די אין גאַנצען אונערפאַה־רענע, די איינפאַכע עקזיסטירען בלויז אויף דער ביהנע. א היינ־טיגע מיידעל זעהט און הערט צופיעל זאַכען: אין דער היים, אין דער געזעלשאַפט — און עס איז אונמעגליך, אז אזעלכע זאָל ניט ווי־סען, וואָס דער רעזולטאַט פון ליעבע איז.

העלענאַ ליעבט מיך, זי האָט עס מיר אזויפיעל מאָל געזאָגט און יעדען טאָג, ווען איך נעהם זי אין מיינע אָרעמס, חזר׳ט זי עס איבער נאָך מיט מעהר זיכערקייט. זי האָט געוויס פאַרשטאַנען, אז איהר שעהנהייט האָט מיך בעהערשט און געצוואונגען זיך אָבצוזאָ־גען פון מיין פריהערדיגען לעבען און זי דענקט אפנים, אז איך וועל ניט צופריעדען זיין, ווען זי וועט מאַכען דעם אָנשטעל פון א

אונשולדיג, שעמעוודיג מיידעל, אז איהר צוריקהאַלטונג וועט אין מיינע אויגען אויסזעהן לעבערליך.

איך האָב זיך אַליין בעשולדיגט, כדי אָראָבצונעהמען די שולד פון איהר. איך האָב אַליין שטודירט מיין קראַנקהייט, איך בין געוועזן זיכער, אַז איך בין אונגערעכט און איך האָב מיט מיין גאַנצען הארצען געוואָלט, אַז איך זאָל זיין אונגערעכט. איך האָב מיר אַליין נעגעבען צו פארשטעהן, ווי נאַריש און שענדליך אַזאַ חשד איז און דאָך האָב איך זיך פון דעם דאָזיגען חשד ניט געקענט בעפרייען, ער האָט מיך פערפאָלגט, געהיט מיין יעדען טרים, ווי אַ שפּיאָן און מיך אין גאַנצען איינגעשלונגען.

אָך! איז דען אויף דער גאַנצער וועלט, צווישען די אריסטטע פון די בעטלער, וועלכע שטאַרבען פאַר הונגער, דאָ איינער, וועלכער קען זאָגען, אַז ער איז אַזוי אונגליקליך ווי איך בין?

.14

היינט אין דער פריה האָט גראַף דע סאולנאַק, וועלכער האָט נעגעסען מיט אונז פריהשטיק, אונז דערצעהלט אַ געשיכטע פון פערנוואַלדיגונג, פאַר וועלכע אַ מאַן וועט אין עטליכע טעג אַרום גע'משפּט ווערען:

„אַ יונג מיידעל פון אַ יאָהר אַכטצעהן, זעהר אַ שעהנע, איז פּלוצים קראַנק געוואָרען. איהר רויטער פּנים איז געל געוואָרען ווי וואַקס און איהרע אויגען זיינען טיעף אין דעם בלאַסען פּנים איינ־נעפאַלען. איהרע עלטערען האָבען זיך דערשראָקען און האָבען זי נענומען צו אַ דאָקטאָר. ער האָט זי פאָרזיכטיג אונטערזוכט, גע־רעדט האַלבע ווערטער וועגען איהר קראַנקהייט און האָט ענדליך נעראַטען די אַלטע לייט, זיי זאָלען דאָס מיידעל צו איהם ברענגען יעדען טאָג אַ מאָנאַט צייט, ווייל עס איז אַ קראַנקהייט, וואָס מען מוז גרינדליך שטודירען".

די אַלטע לייט זיינען ניט געווען רייך, האָבען קיין דיענסטען ניט געהאַלטען און אַליין איז יעדער פון זיי געווען בעשעפטיגט מיט געוויסע ארבייטען. אַזוי ווי דער דאָקטאָר האָט אויף זיי גע־מאַכט אַ גוטען איינדרוק מיט זיין גוטמוטיגען און ערנסטען בליק,

האָבען זיי ערלויבט זייער טאָכטער, זי זאָל צו איהם יעדען טאָג געהן אליין.

דער אלטער מאן האָט זיך מיט איהר זעהר פיעל אָבגעגעבען, האָט פּרובירט ווירקען אויף איהר, זי זאָל זיך בעפרייען פון איהר שעמעוודינקייט און מיט קונציגע פראגען איז איהם געלונגען צו דערגעהן אלע איינצעלהייטען פון איהר טעגליכען לעבען. ער האָט א לאנגע צייט זיך צוגעהערט צו איהר הארץ, געהאָלפען איהר אויס־טהאָן און אָנטהאָן זיך אויף א זעהר פּאַטערליכען אופן און איז גע־ווען אזוי צערטליך, אזוי ליעבליך, אז דאָס אָרעם מיידעל איז אלע ווייַלע רויט געוואָרען און זיך געפיהלט אונבעקוועם פון דעם אלע־מען. דער אלטער האָט אין גיכען איינגעזעהן, אז מיט גוטען וועט ער דאָ גאָרנישט מאכען, אז דאָס מיידעל איז צו אונשולדיג און פערשטעהט ניט פון קיין שום קונצען. אָבער אזוי ווי דאָס מיידעל איז איהם געפעלען, האָט ער איהר געגעבען א שלאָף־טרונק און זי דאן געשענדעט.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט ניט וויסענדיג וואָס מיר איהר איז געשעהן און האָט זיך געפיהלט א ביסעל שוואכער, ווי געוועהנליך, עפּעס אזוי ווי זי וואָלט בעטויבט געוואָרען פון א דונער. פון דער צייט אָן, האָט איהר דער דאָקטאָר געהייסען קומען זעלטענער און צום סוף האָט ער איהר ערקלעהרט, אז זי איז שוין געזונד און ברויך מעהר אין גאנצען ניט צו קומען. צוויי מאָנאטען זיינען אוועק און דאָס מיידעל האָט זיך אין אָנהויב געפיהלט בעסער און לעבעדיגער. אָבער ביסלעכווייז איז זי ווידער שוואך געוואָרען און האָט גענומען שלעפּען די פיס, ווי א שווערע משא וואָלט זי געדריקט.

זיי האָבען נאָך דעם אלטען דאָקטאָר ניט געהאט בעצאָהלט און מורא האָבענדיג, אז ער זאָל ביי זיי ניט מאָהנען קיין געלד, זיינען זיי אוועק צו אן אנדער דאָקטאָר. יענער האָט זיי אין א וויציגען טאָן ערקלעהרט, אַז זי טראָגט. די אַלטע לייט זיינען פאר צרות שיער ניט משוגע געוואָרען. זי טראָגט? וואָס הייסט? פון וועמען?

זיי זיינען געווען אָרימע, אָבער דורכאויס עהרליכע מענשען, און די נייעס האָט זיי ארויסגעבראכט פון זיך און זיי געמאכט

מלא רציחה. זיי האָבען גענומען פייניגען דאָס אָרימע מיידעל, זי זאָל זיי זאָגען ווער איהר פארפיהרער איז געווען. דאָס אונגליק־ליכע מיידעל האָט זיך געוואָרפען צו זייערע פיס, האָט געוויינט און געריסען זיך די האָאָר פון קאָפּ פאר פארצווייפלונג און געשוואָרען, אז דאָס איז א ליגען, אז אזא שענדליכע זאך האָט מיט איהר קיין מאָל ניט פאסירט און, אז דער דאָקטאָר האָט עס אודאי געזאָגט אין א שפאס, אָדער ער האָט געהאט א טעות. נאָר איהר בעטען, זיי זאָלען זיך בערוהיגען האָט ניט געהאָלפען, זיי האָבען פון איהר אָבגעקעהרט זייערע קעפּ און דער איינציגער ענטפער איז געווען: „זאָג אונז זיין נאָמען".

אז זי האָט ענדליך באמערקט, אז די פאָרמע פון איהר קער־פּער ענדערט זיך, האָט זי ערשט דאן פערשטאנען, אז מען האָט זי ניט גענארט. זי איז געוואָרען ווי א געפאנגענע חיה, האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, איז בעוועגלאָז געזעסען אין א פינסטער וויג־קעל און האָט שוין מעהר ניט פּראָטעסטירט געגען די קלעפּ, וואָס האָבען געלאָזען צייכענס אויף איהר בלייך און אונטערטהעניג פּנים. זי האָט זיך אויפריכטיג געפּרובט צו דערמאָהנען אָן יעדע פארגאנ־גענע מינוט פון איהר לעבען און נאָך א לאנגען נאָכקלעהרען האָט זי ענדליך זיך אָנגעשטויסען ווער איהר פארפיהרער איז.

און אין פערצווייפלונג האָט זי אָנגעשריבען פאָלגענדע ווער־טער:

איך שווער פאר אייך, מיינע ליבע עלטערן, אז איך בין גאָר ניט שולדיג, דער אַלטער דאָקטאָר פלעגט מיך בעהאנדלען אזוי מאָדנע, אז פיעל מאָל האָב איך געמוזט ארויסלויפען פון זיין קאַ־בינעט. איין טאָג האָט ער מיר געגעבען א שלאָף־טרונק און מעג־ליך, אז ער איז דאָס געווען דער דאָזיגער וואָס...

און נישט האָבענדיג דעם מוט צו ענדיגען דעם דאָזיגען העס־ליכען זאַץ, איז זי אַראָב צום וואסער און האָט זיך דערטרונקען. איהרע עלטערן האָבען געלאָזט אַרעסטירען דעם אַלטען דאָקטאָר, וועלכער האָט שוין געהאט פאַרגעסען אָן דער גאַנצער געשיכטע און ער האָט זיך שפעטער מודה געווען..."

מיט א בייזען בליק, אזעלכען וואָס איך האָב ביי איהר נאָך

קיינמאָל ניט געזעהן, און פאַרהאַרטעוועטע געזיכטסציגע. האָט זיך העלענאַ צוגעהערט צו דער דאָזיגער געשיכטע, צום סוף האָט זי געזאָגט מיט אַ האַרטער שטימע:

— און אַזאַ שופט וועט נישט געהן אויף דער גילאָטינע?

איז עס מעגליך, אַז זי איז אויך אַן אָפּפער פון אַזאַ טהאַט? סיידען העלענאַ איז אַן אויסוואורף, סיידען זי האָט קיין האַרץ ניט אָדער זי איז איינע פון יענע מיידלאַך, וואָס זייער גאַנצער פער־געניגען בעשטעהט אין דעם צו מאַכען די מענער, וואָס זיינען פאַר־ליעבט אין זיי, צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ נאַר, אַ לעכערליכען קאָמיקער. אויב אין איהר לעבענס געשיכטע איז געוועזן אַן אונ־גליקליכער עפּיזאָד, אויב זי האָט געליטען די שרעקליכע פּיין פון פער־געוואַלדיגונג און האָט איבערגעטראָגען אַלע ליידען פון פאַרצוויפ־לונג, שאַנדע און שפּאָט, וואָלטען דען ניט איבערגעבליעבען עטליכע סימנים? ווי צום ביישפּיעל געפאַלענקייט, מעלאַנכאָליע, אַ שטיל פערשטיקטער קרעכץ?

זי וואָלט צייטענווייז זיך אויסגעוויינט, וואָלט געווען פאַר־טיעפט אין איהרע אייגענע געדאַנקען און ווען אימעצער וואָלט גע־רעדט צו איהר וואָלט זי צוטומעלט געוואָרען. די הויזליכע און אַנדערע אינטערעסען וואָלטען איהר ניט אינטערעסירט, מיינע קושען וואָלטען געווען פיינליך פאַר איהר און וואָלטען ערוועקט אין איהר שוואַכען קערפּער אַ פיבערהאַפטען ווידערשטאַנד.

און מיין געדאַנק מאַהלט פאַר מיר אַזאַ מין סאָרט פרוי: זי זעהט אויס ווי אַ שווינדזיכטיגע וואָס איהרע טעג זיינען געצעהלט און וועלכע ווייס דאָס. זי שמייכעלט קראַנקהאַפט, ווען אימעצער טרייסט זי און זאָגט, אַז ער וועט זי היילען אָדער ווען ער פּרובט אריינלאָזען אין איהר טרייסטלאָזער נשמה אַ פונק פון האָפנונג. זי רעדט נישט נור זיצט גאַנצע טעג ביי'ם פענסטער און פון דעם קוקען פון איהרע טרוימערישע אויגען ווייזט אויס, אַז זי זעהט דאָרט אין דער טיעפעניש פון הימעל געהיימניספאָלע זאכען; לאַנגע און צוציהענדע סטעזשקעס און וואונדערשעהנע אַלעען.

העלענאַ איז אָבער פונקט דער געגענטהייל פון אַזאַ פרוי; זי שטרעבט נאָך פערגעניגען, גענוס איז איהר אידעאַל און איהר

קינדערשער געלעכטער און שוהל־מיידעלשע קונצען זיינען אַ צו־גאָב צו דער פערפיהרערישער גראַציע פון איהר גוט ענטוויקעלטען פרויען־קערפער. מענער עסען זי אויף מיט די אויגען, זי איז ריי־צענד שעהן און ליעבע איז ביי איהר העכער פון אַלעס אין דער וועלט. זי דענקט פון קיין זאַך נישט אַ חוץ פון קאָקעטעריי און צאַרטע לאַסקעס. די לאַסקעס וואָס פיהרען דער פרוי צום העכ־סטען טריאומף, וואָס ברענגען די מענער צו איהרע פיס און צינדען אָן דאָס בלוט.

אַמאָל איז אַזאַ פרוי געווען מיין אידעאַל, איצט רעגט עס מיך אויף, ווי אַן אַרויספאָדערונג, ווי אַ מין פרעכע בעריהמעריי און די ליפּען, וואָס זוכען מיינע און וואָס גיבען זיך אַזוי פריי און שטי־פעריש אונטער, פייניגען מיך און מאַכען מיך טרויעריג. איך זעה און זעה נור אין זיי בלויז די פאַלשקייט, דעם ליגען.

ווי אונגליקליך איך בין! ווען איך מיך אַמאָל אַרויסבאַפּען פון דער דאָזיגער נאַכט, וואָס ווערט אַלץ פינסטערער און פינסטער־רער, וואָס האַלט מיך אין אַ געפענגניס און שטעלט אויף אַן אונ־דורכדרינגליכע וואַנד צווישען מיר און העלענאַ'ן? וועט זי ניט סוף כל סוף זיין די שטאַרקערע? און וועט זי מיך אפשר איינהיי־לען אין אַזויפיעל ליעבע, דאָס איך וועל ענדליך צוריקגעפינען דאָס גליק וואָס איך האָב פאַרלאָרען? מיין הימעל וועט זיך דאַן אויסלייטערען, די כמאַרעס וועלען פערשווינדען און איך וועל פאַרגעסען אָן דעם שרעקליכען חלום פון יענע נאַכט. אַ גע־נעזענער וועל איך פאַלען אויף די קניע און זיך בוקען צו איהר שענהייט, מיט אַ צו־וועהטאָגט האַרץ, געקרענקט פון געוויסענסביסע און גרייט זיך צו איהר אָבצוגעבען אויף אייביג אין גאַנצען און נאָך מיט מעהר ליידענשאַפט, ווי אין דער געטליכער צייט פון אונ־זער פערלאָבונג.

.16

אפילו דער אנבליק פון שלאָף־צימער איז מיר געוואָרען פיינ־ליך. איך האָב מיך פאַר איהם געשראָקען, איך האָב מיך דאָרט

געפיהלט אונבעקוועם, עפּעס האָב איך דאָרט געשפּירט אַן אבשטוי־סענדען ריח. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז העלענאַ ווידערהאָלט דאָ די ראָלע, וואָס אַן אַנדערער האָט זי אויסגעלערנט, און איך האָב אַלץ געהאָפּט, אַז אין אַ מינוט פון אויפרעגונג וועט זי אויס־רופען אַ פרעמדען נאָמען און דערמיט אויפדעקען איהר געהיימניס. גאַנצע נעכט פלעג איך וואַכען, מיינע אויערן אָנגעשטרענגט טאָ־מער וועט זי זיך אין שלאָף פעררעדען און ארויסמורמלען עט־ליכע ווערטער, וואָס קענען העלפען צו ענטפּלעקען איהר פאַרגאַנ־גענהייט, מיינע שלייפען פלעגען דאַן קלאַפּען און מיין גאַנצער קערפּער פלעגט ציטערן פאַר אויפרעגונג.

ווען אבער די דאָזיגע געדאַנקען זיינען אריבער און איך האָב איהר געזעהן שלאָפענדיג אַזוי רוהיג, ווי אַ קליין קינד וואָס האָט זיך פאַרמאַטערט שפּיעלענדיג, מיט איהרע ליפּען אָפען, איהרע האָאַר צו־וואָרפען, איז מיין האַרץ פלוצים ווייך געוואָרען און איך בין אריינגעפאַלען אין אַ צושטאַנד פון אויסערגעוועהנליכען טרויער. גרויסע טראָפּענס קאַלטען שוויים אויסגעמישט מיט טרעה־רען האָבען באַדעקט מיינע באַקען און איך האָב אבגעקעהרט דעם קאָפּ כדי זי ניט צו וועקען מיט מיינע שלוכצען.

לאַנג האָט עס אַזוי ניט געקענט אָנהאַלטען און איך האָב איהר ערקלעהרט, אַז איך פיהל מיך מיעד און וועל שלאָפען אין מיין אייגענעם צימער. זי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל ווי זי גלויבט מיר און האָט בלויז באַמערקט:

— טהו ווי פאַר דיר איז בעסער, מיין טהייערער! — אָבער איהרע בלויע אויגען האָבען פלוצים אָנגענומען אַזאַ צושראָקענעם, אַזאַ ליידענדען אויסזעהן, אַז איך האָב געמוזט אוועקקעהרען דעם קאָפּ.

## .17

איך האָב מיך צוריקגעפונען אין דעם אַלטען הויז, דאָס מאָהל אָהן איהר. אין דעם זעלבען אַלטען הויז, וואו העלענאַ פלעגט פאַר־ברענגען אַלע איהרע יומים־טובים, אין דעם צימער, וואו די לאַדענס זיינען ניט געעפענט געוואָרען זייט אונזער אוועקפאָהר מיט זיע־בען מאָנאַטען צוריק.

צו וואָס בין איך געקומען אויף דעם אָרט, וואו די רוהיגע שטילקייט פון דאָרף, די איינזאַמקייט און מיינע עראינערונגען האָבען מיך אויפס'ניי צורודערט און מיינע ליידען אויפגעוועקט? איך האָב דאָ געליטען מעהר ווי אין פאַריז, שטענדיג געדענקט פון העלענאַ'ן, איהר געזעהן און געהערט אין מיינע האַלוצינאַציעס.

וואָס האָבען מיר דערצעהלט די בריעף, וועלכע איך האָב אַרויסגענומען פון איהר שרייבטיש, וואָס זי האָט בענוצט מיידעל־ווייז? וואָס האָבען מיר געזאָגט די באַל־קאַרטען וואָס האָבען געשטעקט אין איהר שפּיעגעל, אין וועלכען זי פלעגט זיך בעוואונ־דערען? וואָס לאָזען מיך וויסען איהרע קליידער, דאָס פאַר־שטויבטע מעבעל, וועמעס רוהע מיינע ציטערענדע הענד האָבען גע־שטערט? גאָרנישט, גאָרנישט!

זיצענדיג ביי'ם עסען האָב איך מיך דורכגערעדט מיט די אַלטע דיענער, וואָס האָבען אויף זייער לעבען ניט פאַרלאָזען דאָס הויז און האָבען זיך גערעכענט כמעט ווי די בעל'הבתים דערפון. איך האָב צו זיי גערעדט ווי אַ מאַן, וואָס ליעבט זעהר זיין פרוי, וואָס וויל רעדען נור פון איהר און וואָס געפינט אַן אינטערעס אין די קלענסטע איינצעלהייטען פון איהרע קינדער יאָהרען. איך האָב צו זיי גערעדט מיט אַ מין פרעהליכער נאָהענטקייט, וואָס גיט צו די פּויערים קוראַזש און מאַכט זיי רעדעוודיג. עטוואָס שפּעטער, ווען אַ ביסעל וויינער ווייין האָט לויז געמאַכט זייערע צונגען, האָבען זיי געפּלוידערט וועגען איהר, וועמען זיי האָבען ליעב גע־האַט ווי אַן אייגען קינד. אַן אנדערס מאָהל האָב איך אויסגעפרעגט די פאַרמערס, וועלכע זיינען געקומען בעצאָהלען זייערע חובות.

— איז העלענאַ געווען צולאָזען ווי אַלע מיידלאַך? האָט זי ליעב געהאַט דאָס דאָרף־לעבען? האָבען איהר די יונגע פּויערים ליעב געהאַט? און האָט זי ווען עס איז געוויזען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט איינעם פון זיי?

אָבער די פּויערים האָבען געטרונקען אָנשפּאַרענדיג זייערע עלענ־בויגענס אַן טיש און האָבען איהר געלויבט אזוי נאַאיוו, אזוי קינ־דעריש און נאַריש, אַז איך האָב געמוזט גענעצען פאַר לאַנגווייליג־קייט. זיי האָבען געשילדערט איהרע מיידעלשע שפּיצלאַך, וואָס

האָבען גאַרנישט געהאַט צו טהאָן מיט דער זאַך, וואָס איך האָב געוואָלט וויסען.

אַלט און יונג האָט וועגען איהר גערעדט מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט און אַלע האָבען דערצעהלט ווי גוט און וואָהלטע־טיג זי איז געווען און פרעהליך ווי אַ פויגעל אין אַ ליכטיגען זומער־טאָג. זי פלעגט מיטלייד האָבען אויף דעם אָרימען פאָלק, איהם שטענדיג בעדויערען און שטיצען. און אַלע האָבען זי ליעב גע־האַט, אפילו די חיות אויך.

זי איז כמעט די גאַנצע צייט געווען אַליין און האָט קיין מאָל ניט געהאַט צו טהאָן מיט בעגלייטערם. זי פלעגט האַלטען איהר צימער ריין פון געסט, און אַז דער גלאָק האָט אָנגעזאָגט וועגען אַ נייעם בעזוך, פלעגט זי זיך בעהאַלטען אין גאָרטען. איהרע אַ טאַנטע האָט איהר אַמאָל געזאָגט, אַז מיט אַזאַ באַנעהמונג וועט זי קיין מאָל קיין חתן ניט קריגען; דאַרויף האָט זי מיט אַ גע־לעכטער געענטפערט, אַז זי וועט זיך בעגעהן אָהן דעם.

זי האָט זיך קיין מאָל ניט געזידעלט, ניט געמאַכט קיין פּלאָט־קעס און ניט געפלירטעוועט אפילו מיט די שעהנסטע יונגע לייט פון דאָרף. איינער פון די פויערים, אַן אַלטער מאַן, וועמען די לאַנגע שווערע ארבייט האָט אין צווייען געבויגען, האָט וועגען איהר געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען:

—ווען איהר האָט חתונה געהאַט מיט דער יונגער פריילין, האָבען מיר דאַן אַלע געזאָגט, אַז אין דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ קיין גליקליכערער פון אייך. —

זאָל איך זיי גלויבען? זיינען זיי דען ניט פּראָסטע און אפענע נשמות, וואָס וויסען ניט פון קיין ליגען און האָבען קיין אינטערעס ניט מיך צו נאַרען? און זיי זיינען דאָך געווען צוזאַמען מיט העלענא'ן פון דער צייט אָן, ווען זי איז נאָך אַ קינד געווען, ביז דער צייט ווען זי איז אַ פרוי געוואָרען.

בין איך ווירקליך דער איינציגער, וואָס צווייפעלט אין איהר? דער איינציגער, וואָס פאַרדעכטיגט און בעשולדיגט איהר? איך, וועלכער האָב זי אַזוי געליעבט, וועמעס איינציגע האָפנונג, איינצי־גער וואונש זי איז געווען? מעג מיך גאָט אַראָבפיהר־ען פונ'ם

וועג, וואו איך בלאָנדזשע, פון וואַנען איך רוף נאָך הילף און וואו מיין עלענד פערגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג. גיב מיר גאָט דאָס גרויסע פערגעניגען, איך זאָל פעהיג זיין צו געניסען איהרע צארטע לאַסקעס אָהן שום שלעכטע געדאַנקען, איך זאָל פעהיג זיין זי צו ליעבען, ווי זי ליעבט מיך, און אויב איך מוז אבקומען פאַר מיינע זינד, אויב איך מוז צאָהלען פאַר מיין פריהערדיגער אויסגעלאַסענ־הייט מיט פּראָצענט, בעט איך דיך, שיק מיר דעם אַלס אַ שטראָף, אבער לאָז מיך זי פאַרגעטערען, לאָז מיר גלויבען אין איהרע קו־שען, אין איהר ליעבע כאָטש איין שטונדע, כאָטש עטליכע מי־נוטען.

.18

איך האָב מיך היינט פּלוצים דערמאָנט אָן אַ קאָמישען אבענד, וואָס איך האָב אמאָל בחור־ווייז פאַרבראַכט ביי מיינער אַ בעקאַנטער דאַמע. נאָך דעם ווי מיר האָבען זיך געהאַט גוט אמוזירט, זיינען מיר אַלע געסט, טייל מיט שרעק, טייל גלייכגילטיג אריינגעגאַנגען אין איינעם פון די קליינע צימערען, וואו עס איז געזעסען אַ טרע־פערקע, וועלכע איז דאַן געווען שטארק אין דער מאָדע.

אַז עס איז געקומען מיין רייהע, האָט מיך די פרוי אוועק־געזעצט אַנטקעגען זיך, גענומען מיין האַנד צווישען איהרע לאַנגע און שלאַנקע פינגער, זי אַרומגעטאַפּט, געקוועטשט און געגלעט, ווי עס וואָלט געווען אַ שטיק וואַקס, פון וועלכען זי געהט אויס־קנעטען אַ געוויסע זאַך.

איהר ערנסטער פּנים, די שווארצע קליידער, דינע ליפּען און אויגען, וואָס האָבען געהאַט כמעט אַ קופּער קאָליר, האָבען דער דאָזיגער פרוי צוגעגעבען אַ געהיימניספולען און בעפעהלענדען אויס־זעהן. זי איז געווען נישט יונג און נים אַלט און האָט געהאַט אין זיך עטוואָס וואָס בעאונרוהיגט דעם, וואָס קוקט אויף איהר. און איך מוז מודה זיין, אַז מיין הארץ האָט געקלאַפּט מעהר ווי געוועהנ־ליך, ווען זי האָט בעטראַכט די שטריכען פון מיין לינקער האַנד מיט אַ גרויסער פאַרגרעסער־גלאָז.

זי האָט אויסגעזעהן זעהר פאַראינטערעסירט אין דער זאַך,

האָט מיר פון צייט צו צייט געזאָגט שטיקלאַך פון מיין פאַרגאַנ־גענהייט און מיר געגעבען האַלבע אנצוהערענישען. מען האָט גע־קענט מיינען, אז איהרע אויגען פאָלגען אין די דאָזיגע קאַרבען נאָך דעם אונבעקאַנטען וועג פון שיקזאַל. זי האָט מיר געזאָגט אין קורצע ווערטער, אז איך האָב געהאַט און וועל נאָך האָבען גוטע שאַנסען: אז איך גוץ אוים מיין פיזישע קראַפט מעהר ווי די מאָראַלישע, אין ליעבעס־אפערען, וואָס דויערען נישט לאַנג, און אז דער טאָג ווען איך וועל באמת ליעבען, ווען מיין האַרץ וועט זיין געפאַנגען, וועט זיין אַן איינלייטונג פאַר שטאַרקע ליידען און א קראַנקהייט, פון וועלכע איך וועל קיינמאָל ניט געהיילט ווערען. צוקומענדיג צו דעם צייכען, וואָס מען רופט „לעבענסשנים", איז די שוואַרצע פרוי פלוצים געוואָרען טרויעריג, האָט א שאָקעל גע־טהון מיט'ן קאָפּ און געמאַכט א מינע, וואָס האָט בעדייט, אז איהר גלוסט זיך נישט קוקען ווייטער אין מיין צוקונפט אריין. פלוצים האָט זי א זאָג געטהאָן:

„אייער לעבענסשנים, מיין הערר, איז אויסגעצייכענט, איהר וועט לעבען ביז דעם עלטער פון זעכציג יאָהר, נאָר זייט פאָרזיכ־טיג, איהר זאָלט עס נישט אויסנוצען צו־פריי און אונמעסיג. היט אייך פון שטאַרקע ליעבעס געפיהלען און ליידענשאַפטליכע קאַטאַ־סטראָפעס, ווייל אין דער פולער לעבענסקראַפט פון אייער עלטער, באמערק איך א ריס, אַן אונהיילבאַרע קריינק וואָס ליעגט בעהאַל־טען טיעף אין אייער האַרצען..."

איך האָב מיך באַהערשט, בלומרשט געשמייכעלט און בין פון איהר אוועק. אָבער אַלץ וואָס זי האָט מיר דאַן געזאָגט, איז יעצט פאַרווירקליכט געוואָרען. איך וואָג נישט א בליק צו טהאָן אויף דעם ריס, ווייל דאָס קען נור מיינען איין זאַך, וואהנזין.

וואהנזין, מיין אָרימע, מיין טהייערע, מיין פאַרגעטערטע הע־לענא!

## 19.

איך בין געוואָרען אזוי שלעכט, אזוי טראַציג, ווי דער גייסט פון האס וואָלט מיך אין גאַנצען באַהערשט. איך בין מקנא געווען

אַלע די יעניגע, וואָס האָבען געלעבט גליקליך און זיינען פריי געוועזן פון זאָרג. און איך האָב ניט געקענט בעהאַלטען מיין פערגעניגען, ווען איך האָב געהערט, אַז אין אַ געוויסען הויז איז פאָרגעקומען אַ דראַמאַ, פון וועלכער הערצער בלוטען און ווערען צובראָכען, וואו עס איז אויפגעדעקט געוואָרען פאַררעטעריי און מענשען ליידען דערפון.

גט־פּראָצעסען מיט זייערע טרויעריגע עפּיזאָדען, דאָס ראַנגלען זיך פון די אַדוואָקאַטען, וועלכע ענטפּלעקען די גרעסטע אונגליקען, די פּוסטקייט פון פיעל טרוימען, די געמיינע האַנדלונגען פון פיעל פרויען, די ניעדעריגקייט פון פיעל געדאַנקען, די בייזע חיה וואָס דרעמעלט אינ׳ם הארצען פון פיעל מענשען — די אַלע זאַכען האָבען מיך צוגעצויגען, ווי אַן אינטערעסאַנטע טהעאַטער שטיק, אַ שעהנע אָפּערא. מיט דער ניעדעריגקייט פון אַ חיה האָב איך זיך צוגעהערט צו די ליידענשאַפטליכע בריעף, די וואָהנזיניגע פערלאַנגען און געהיימניסע, וואָס אַן אַרוואָקאַט דעקט אויף און לייענט עס מיט אַ שפּאָטישען טאָן, וועלכער אַמוזירט אַזוי דאָס פּובליקום. און דאָס פּובליקום האָט הנאה, גלאָצט מיט די אויגען און קוקט מיט פעראַכטונג אויף די אָפּפער פון ליעבע.

איך האָב נאָכגעפאָלגט די דאָזיגע ראָמאַנען פון אונטרייהייט, וואָס זיינען געלייענט געוואָרען פון קאַפּיטעל צו קאַפּיטעל אין זייער גאַנצער ברוטאַלער ווירקליכקייט און אַ דאַנק דעם האָב איך פארגעסען אָן מיין אייגען אונגליק. טייל מאָל פלעגט טרעפען, אַז מאַן און ווייב זיינען געווען דערביי. עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך געוואָלט צוזאַמענטרעפען צום לעצטען מאָל, אַליין אויסשטרייטען זייער שטרייט. בלאָס און פיבעריש קוקען זיי אָן איינער דעם אַנדערען מיט אויגען פול האַס און דערביי זוכט יעדערער צו בעהאַלטען זיין טרויער, זיין אונגליק טיעף ביי זיך אין הארצען, כדי דער צווייטער זאָל ניט האָבען די געגוגטהואונג. טייל מאָל פלעגט טרעפען, אַז דער ליעבהאָבער אָדער די מעטרעסע זיינען דערביי, זיי רייסען זייערע האַנדשוה פאַר כעס, ווילען פאַרטהיידיגען זייער ליעבע, וואַרפען נייע בעשולדיגונגען און שרייען צום אַדוואָקאַט, אַז ער זאָגט ליגען. אָבער פריינד האַלטען זיי אָב, שושקען

זיי עפּעס אין אויער אריין, דריקען זייערע הענד און זוכען זיי צו בערוהיגען.

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך קוק אויף אַ באַרג חורבות און איך פיהל דעם גערוך פון אַן אַמבולאַנס, אין וועלכען ווססע מענשען קרעכצען, און די דאָזיגע אונגליקליכע פאַרגרינגערען מיי־נע ליידען, נעהמען צו ביי מיר אַ טהייל פון זיי.

איך טראַכט וועגען זיי און דאָס היילט און בערוהיגט מיך אַביסעל און מאַכט מיך דענקען ווייניגער פון מיר אַליין, פון דעם פערהאַסטען אונהיילבאַרען „איך", וועלכען איך וויל צושטערען.

.20

די היץ איז געווען שטיקענד און נאָכמיטאָג זיינען מיר אויף הע־לענא'ס פערלאַנג ארויסגעפאָהרען שפּאַציערען אין די בוא־דע־בו־לאָן.

עס האָט אָנגעהויבען ווערען שפּעט, די טונקעלע אַלעען האָ־בען אויסגעזעהן, ווי איינזאַמע לאַבירינטען און שאַטענדיגע רוה פּלעצער. דאָס רוישען פון די בלעטער האָט געקלונגען ווי דאָס פּליסטערן פון פאַרליעבטע—פול מיט נסיון—און די ווייכקייט פון דער לופט און די שטילקייט פון דער ארומיגער נאַטור איז געווען פאַרפיהרעריש.

צייטענווייז האָט זיך געוויזען אַ ליכט צווישען די בוימער. די האַלבע לבנה האָט ווי אַ געעפּענטער גאָלדענער בראַסלעט געשיינט אויף דעם קלאָהרען הימעל. די קליינע טייכלאַך, אין וועלכע די ארומיגע זאַכען האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט, זיינען פּלוצים ארויס־געטראָטען פון אונטער דעם שאָטען און דער פאַר'שיכור'נדער גערוך פון היי און קאָרן בלומען האָט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, ווי פון אַ בשמים־ביקס.

מיר האָבען צווישען זיך גערעדט, נאָר צייטענווייז האָט אונז אַ שטויס פון דער קאַרעטע געבראַכט נאָהענט איינער צום צווייטען. אַזוי ווי איך וואָלט געווען צוגעצויגען פון אַ מאַגנעט, האָב איך מיך געמוזט אומקעהרען מיט'ן פּנים צו העלענאַ'ן. איהרע אויגען זיי־

נען געוועזן פול מיט טרערהרען און איהר פּנים איז געוועזן בלייך. און דערזעהן זי, האָט מיין גאַנצער קערפּער א ציטער געטהאָן.

פּלוצים, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט עס שוין ניט געקענט מעהר אויסהאַלטען, האָט זי זיך א וואַרף געטהאָן אויף מיין האַלז, מיט איהרע ליפּען כמעט אָנריהרענדיג מיינע, און געזאָגט :

— פאר וואָס ליעבסטו מיך ניט מעהר? פאַרוואָס מאַכסטו מיך אַזוי אונגליקליך? וואָס האָב איך דיר געטהאָן?

זי איז געוועזן אין מיינע הענד, בעאיינפלוסט פון׳ם צויבער, וואָס ליעגט אין א ליכטיגער לבנה־נאַכט. יענער צויבער, וואָס צו־שפּיעלט דער פרוי׳ס נערוועז, מאַכט איהר שוואַך און נעהמט צו ביי איהם דעם ווילען! און איך בין געוועזן זיכער, אַז זי וועט מיר אַלעס זאָגען, וועט זיך פאַר׳מיר מודה זיין אין איהרע זינד. איך האָב זיך געמוזט איינהאַלטען מיט אַלע קרעפטען, איהר נישט א קוש צו טהאָן אויף די זיסע און שטיפערישע ליפּעלאַך און האָב איהר קאַלט געענטפערט :

— ווייסטו עס דען ניט אַליין?.. האָסטו דען אַליין ניט געוואוסט, אַז איך וועל פריהער אָדער שפּעטער געוואהר ווערען דאָס, וואָס דו האָסט פון מיר געוואָלט בעהאַלטען?

זי האָט זיך א כאַפּ געטהאָן א דערשראָקענע און האָט געזאָגט איבער׳חזר׳נדיג עטליכע מאָל דיזעלבע ווערטער :

— וואָס האָב איך פון דיר בעהאַלטען? וואָס?

איך האָב געזאָגט צופיעל און בין געוועזן געצוואונגען צו ענ־דיגען, כאָטש שפּעטער האָב איך אויף דעם חרטה געהאַט, און אונ־טער דעם געררויש פון דער קאַרעטע האָב איך פאַרטגעזעצט מיט א הייזעריגער שטימע :

— איז דען מיין וויטקייט פון דיר ניט דיין אייגענע שולד? בין איך דען אַליין ניט דער אונגליקליכסטער מענש אויף דער וועלט? איך, וועלכער האָב דיך געליעבט און געגלויבט אין דיר און ויעמען דו האָסט גענאַרט און פערדאַמט צו לעבען מיט אן אנדערענס מעטרעסע?

זי האָט מיר צוגעהאַלטען דאָס מויל מיט מיינע אייגענע הענד, האָט געאָטהעמט שווער, איהרע אויגען ברייט פונאַנדערגעעפענט,

איהר פּנים בלייך און איך האָב געמיינט, אַז אָט פאַלט זי אין חלשות. פּלוצים האָט זי שטיל געזאָגט:

— זייַ שטיל! זייַ שטיל! דו שרעקסט מיך... שרעקסט מיך, ווי אַ משוגענער. —

די דאָזיגע ווערטער האָבען אין מיר דאָס בלוט פאַרגליווערט. איך האָב זיך געטרייסעלט פאַר קעלט און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז צווישען די בוימער זעה איך געשפּענסטער, וועלכע ווייזען מיר אָן דעם אָרט, וואָס דאָס שיקזאַל האָט פאַר מיר אָנגעצייכענט. איך האָב געוואָלט ארויסשפּרינגען פון דער קאַרעטע און אריינלויפען אין טייך, וועלכער האָט מיך גערופען מיט אַ מוטערליכען קול, נערו־פען צו אַן אייביגער רוה. נור העלענא האָט אַ געשריי געטהאָן צום קוטשער:

— מיר פאָהרען אהיים! טרייב שנעל. —

מיר האָבען מעהר אַ וואָרט ניט גערעדט. העלענא האָט דעם גאַנצען וועג קאָנוואולסיוו געשלוכצט און איך האָב געוואוסט, אַז אַלץ איז צו ענדע, איך האָב געטויטעט אונזער ליעבע.

21

יאַ, אַלץ איז געווען געענדיגט און נאַריש געענדיגט. אָהן אַ שום ערקלעהרונג, אין וועלכער איך וואָלט אפשר געפונען פרישע קרעפטען זיך צו בעפרייען פון אַ פערהאַסטען יאָך און וואָס יואָלט מיר געגעבען די מעגליכקייט צו פאַרשטויסען די פרוי, וועלכע האָט מיך גענאַרט, מיך פאַרפיהרט מיט פאַלשע לאַסקעס און האָט מעהר קיין רעכט ניט צו טראָגען מיין נאָמען.

אָבער ווער קען וויסען, אפשר וואָלט דאָס גליק, די צופרידענ־הייט, די ריינע ליעבע, דיזעלבע ליעבע פון וועלכער איך האָב אַמאָל געטרוימט, ווען איך האָב איהר האַנד געבעטען און פון וועלכער איך טרוים נאָך איצט מיט דער פאַרצווייפלונג פון אַ פערדאַמטער נשמה, וואָס קען אין גן עדן ניט אריין — אפשר וואָלט דאָס דאַן אַלץ צוריקגעקומען?

זי האָט מיך נישט געלאָזט רעדען. מיט איהר ציטערדיגער האַנד האָט זי איינגעהאַלטען דעם שטראָם וואַהנזיניגע ווערטער,

וואָס האָבען געהאַלטען ביים ארויספליהען פון מיין צוואוועהטאָגט האַרץ, די שרעקליכע אָנקלאַגע, וואָס אַ מעכטיגע און אונווידער־שטעהליכע קראַפט האָט מיך אָנגערייצט ארויסצוזאָגען. און די צושראָקענע ווערטער, וואָס איהרע בלאַסע ליפען האָבען געשעפּט־צעט, האָבען מיך אויף ס'ניי פאַרגליווערט און דורכגענומען: דעם מאַרך פון מיינע ביינער, ווי אַ שטאַרקער שניידענדיגער ווינד.

איך האָב אָבער דאָך געהאַט מיין פערשטאַנד, ווען איך האָב איהר געזאָגט מיין חשד, און איך האָב דאַן ניט געקענט אויס־זעהן ווי א משוגענער! וואָס אזוינס איז דאַן געלעגען אין מיינע אויגען, וואָס האָט זי אַזוי דערשראָקען? וואָס איז געווען אין מיין שטימע, וואָס האָט ביי איהר ארויסגערופען דעם דאָזיגען געדאַנק? אפשר האָט זי קיין טעות ניט געהאַט? און איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך רעד און האָב ווירקליך געהאַט יענע קרענק, וואָס זי האָט דערמאָנט און וואָס איך האָב מורא איבערצו'חזר'ן?

און איצט דאַכט זיך מיר, אז איך קען זיך זעהן אין אַ שפּיע־געל פון צרות, פון שרעק אין גאַנצען אַ געענדערטען. מיין קאָפּ זעהט אויס ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ ליידיגע און קלינגענדיגע זאַך. פון צייט צו צייט קריגט עס אַ קלאַפּ, דאַן ווערט אינעווייניג אַזאַ גערויש, אַזאַ געפּילדער, ווי אַ קירכען־גלאָק וואָלט דאָרט גע־קלאַפּט, דערנאָך קלינגט אָב א לאַנגע עכאָ און דאַן ווערט שטיל, ווי אויף אַ בית עולם.

און די שטימע פון עראינערונג, אַ שטימע וואָס דערצעהלט מיר העלענא'ס מיסטישע פאַרגאַנגענהייט, וואָס רעדט צו מיר בלויז וועגען איהר און וואָס רופט צוריק די ערשטע נאַכט, די געהיימ־ניספולע נאַכט פון פרייד און לייד, אין וועלכע איך האָב דאָס ערש־טע מאָל גענומען צווייפלען אין איהר טרייהייט, דאָס אַלעס געהט מיר מיט אַמאָל דורך דורך דער שטילקיים, ווי דער קלאַנג פון אַ דערווייטערטע מוזיק.

מיין גאָט! אפשר האָט זי קיין טעות ניט געהאַט?!.

22

איך בין געווים פערהאַסט אין איהרע אויגען. איך האָב פער־

לאָזען מיין היים, איהר א וואָרט ניט איבערגעלאָזט. צומאָל א זיי געזונד נישט געזאָגט. עס קען זיין, אז זי האָט אויף מיר מיט־לייד, עס קען זיין, אז זי האָט מיך פיינד. ליעבען ליעבט זי מיך זיכער ניט, איך אליין האָב בעגראָבען די ליעבע, פאר וועלכע איך וואָלט אמאָל מיין גאנץ לעבען אָבגעגעבען. אָבער העלענא איז יונג און שעהן און זי וועט זיך גיך טרייסטען פאר די איצטיגע ליידען. זי וועט געפינען א נשמה, וועלכע וועט זיך פּאסען צו איהרער און אן אנדערער, א גליקליכערער, וועט פארנעהמען מיין אָרט. און אפשר האָט זי אזעלכען שוין געפונען זוכענדיג איהר גליק אין דער ליעבע פון פרעמדע מענער.

וואָס פאר א אינטריגעס וועגדען זיי אָן, זי און איהרע ליעב־האָבער? וואָס וועלען זיי טהאָן, כדי איך זאָל זיי ניט שטערען? פון וואָס פאר א סאָרט איז די נעץ, וואָס זיי שפּרייטען פאר מיר אויס? אפשר טהוען זיי עפּעס אזוינס, אז איך זאָל דארפען ענ־דיגען מיין טרויעריגען לעבען ערגעץ אין א געפענגניס?

אָבער דאָס איז אונמעגליך, דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין. הע־לענא איז מיינע, זי געהערט מיר אין גאנצען און אויף אייביג, זי איז מיין אייגענטהום, מיין גליק. איך פארגעטער זי און וויל זי אין גאנצען פאר מיר, אפילו דאן, ווען זי איז שולדיג, און איך וועל איהר קיינמאָל ניט פארלאָזען אויף קיין איין מינוט. איך וועל זיך האלטען אין איהרע קליידער, איך וועל זיך וואלגערען ביי איהרע פיס. איך וועל ביי איהר בעטען אום ענטשולדיגונג, ווייל איך דורשט נאָך איהרע קושען און איהר ליעבע.

היינט נאָך, אין א פּאָאר שטונדען ארום, אין אבענד וועל איך זיין מיט איהר אין אונזער צימער, אין אונזער בעט. איך וועל באַ־דעקען די באַקען פון מיין "גאָלד־האָריגער העלענא מיט אזוי פיעל קושען, אז עס וועט איהר שוין מעהר ניט איינפאלען, דאָס איך בין משוגע און אויב זי וועט אויסשרייען, אויב זי וועט מיך אוועקשטויסען, דאַן וועל איך זי טויטען. איך האָב עס בעשלאָסען.

איך וועל איהר דער׳הרג׳ענען מיט דעם אראַבישען מעסער, וואָס ליגט אין שופלאָד פון טיש. איך זעה פאר מיינע אויגען דעם אָרט, וואו איך וועל אריינשטירצען דעם שארפען קלינג. אין דעם

נאָקען פון איהר האַלז, וועלכער איז באַדעקט מיט ווייכע גאָלדענע לאָקען, דער זעלבער אָרט וואָס האָט מיך אַזוי צוגעצויגען אין די ריינע טעג, ווען מיר זיינען נאָך חתן כלה געווען, און וועלכען עס האָט זיך מיר אַלע מאָל געוואָלט בייסען, ווי עס וואָלט געווען עפּעס א גוטע פרוכט. איך וועל עס טהאָן אין א געוויסען טאָג אויף'ן לאַנד, ווען זי וועט זיך באָדען אין זונשיין, ווען די נאַכטיגאַלען וועלען זינגען און אַלעס ארום וועט זיין שעהן און ליכטיג.

אָט דאָרט, דאָרט, וועל איך איהר אריינשטעקען דעם מעסער ביז צום הענטעל, ווי די וואָס ווייסען ווי צו טויטען...

23

און דערנאָך, ווען איך האָב זי שוין געטויט, וואָס יועט דאַן זיין?

די ריכטער ניט קענענדיג פערשטעהן אזא אויסערגעוועהנליך פערברעכען, וועלען זאָגען, אז איך בין משוגע. גרויסע דאָקטוירים וועלען מיך אונטערזוכען און וועלען עס בעשטעטיגען און מען וועט מיך אַוועקשיקען אין א דול־הויז.

און אפשר יאָהרען נאָכאַנאַנד, ווייל איך בין קרעפטיג, וועל איך איבערטראָגען דעם דאָזיגען עלענד, אונגעריהרט, נור עטוואָס שוואַכער גייסטיג, און וועל אַלץ בלייבען דער אָפּפער פון דער זעל־בער איינרעדעניש, דאָס זי האָט מיך גענאַרט, איז געווען אונריין און איך וועל טראָגען איהר שאַנדע מיט מיר, דאָס וועט זיין מיין איינציגע עראינערונג. און איך וועל ליידען, ליידען אָהן אויפהער.

דאָס אַלץ שרייב איך מיט פאַלשטענדיגער קאַלטקייט און ביים פולען פערשטאַנד. איך ווייס צו וואָס מיין בעשלוס וועט מיך פיהד־רען, איך ווייס אז מיינע מינוטען זיינען געצעהלטע און דאָס אַלעס אין מיין קאָפּ ווערט פארברענט פון א העליש פייער אויסער א פּאָר ברעקלאָך, וואָס איז אמאָל געווען מיין מוח.

איך ווייס דאָס דער זעלבער קריזיס, וואָס האָט געזאָלט זיין דעמאָלט, ווען איך האָב בעשלאָסען צו טויטען העלענא'ן, ווען א אונבעמערקבארע האַנד האָט מיך דערצו געשטופּט און א אונהער־בארע שטימע האָט מיך בעפוילען צו בעגעהן דעם דאָזיגען מאָרד,

דער זעלבער קריזיס וועט קומען אצינד, אָבער אַן אַנדערער וועט זיין דער אָפּפער דערפון.

גוט, וואָס דער שיקזאַל האָט מיר כאָטש איבערגעלאָזען אַ האַלב אָפענע טיר, דורך וועלכע צו אַנטלויפען פון לעבען איידער עס איז צו שפּעט, איידער דער פרייער קלאָהרער, שטאַרקער מאַן, וואָס איך בין איצט, ווערט דער קלענליכסטער, דער צושטערענדסטער און געפעהרליכסטער משוגענער!

* *
*

מעגען די דאָזיגע צייכענס פון אונגליק און טרויער אריינפאַלען אין העלענאַ'ס הענד, מעג זי זיי לעזען, פאַרשטעהן און מיך בע־דויערען, און אַ לאַנגע צייט נאָך מיר טרויערען.

(דאָ ענדיגט זיך זשאַקו'ס טאָגע־בוך).



# אין דעם 1-טען באנד

פון

# גיז דע מאפּאסאן'ס ערצעהלונגען

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"

געפינען זיך די פאָלגענדע פון זיינע בעריהמטע ערצעהלונגען

איבערזעצט פון

## לעאן קאָברין

---

די געשיכטע פון א הויז מיידעל

דער שטעל פערטרעטער
דאָס הייזעל
לבנה־שיין
משוגע?
אַ פאריזער פאסירונג
די ערוואכונג
מארראקאָ

דער ווייהנאכטס־אבענד
דער וואגאבונד
מוטער סאוואזש
דע בעל־הבית"טע
פריילין פיפי
סימאָנ'ס פאָטער
די ירושה

---

**פרייז, 50 סענט**

פּאָרטאָ 15 סענט

---

צו בעקומען אין אלע בוך סטאָרס

אָדער דירעקט פון

**Jewish Daily Forward, 175 E. B'way, N. Y.**

# באלד ערשיינט

## גיי דע מאפאסאן'ס

בעריהמטער ראמאן

דער

# שעהנער פריינד

**(BEL AMI)**

איבערזעצט פון

## לעאן קאברין

דאס איז דער גרעסטער ראמאן וואס מאפאסאן האט אנגעשריבען. עס פארנעהמט ביי 500 פיידזשעס. דער איבערזעצער לעאן קאברין האט פערבראכט אויף דער איבערזעצונג פון דיזען ראמאן א גאנצען יאהר.

עס וועט אויך אין קורצען ערשיינען

דער 4־טער באנד פון

## מאפאסאן'ס ערצעהלונגען